משה נאַדיר

# הומאָר, קריטיק, ליריק

פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
און זכרונות

אונטער דער רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי



45סטער באַנד פֿון ציקל
מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור
אַרויסגעגעבן פון
יוסף ליפֿשיץ־פֿאָנד
פֿון דער
ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם יִוואָ
אין אַרגענטינע
אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי
קאָרעקטור
יעקבֿ־יהושע לערמאַן
טיראַזש 1.500 עקזעמפּליאַרן
יאָר ה׳תשל״א — 1971
ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן

## פאַר קינדערס וועגן



## מודה אני



## אויטאָביאָגראַפיש



## צו דער כאַראַקטעריסטיק



## בילדער און אילוסטראַציעס

# ביאָגראַפישע שטריכן

יצחק רײַז, פּאָפּולער אונטער זײַן פּסעוודאָנים משה נאַדיר, געבוירן אין נאַראַיעוו אין מאַרץ 1885, איז אפשר דער גאַליציאַנישטטער שרײַבער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. לצנות און ווילױנגערישקייט זײַנען זײַנע כאַראַקטעריסטישסטע שטריכן.

זײַן טאַטע, וועמען ס'איז שלעכט געגאַנגען אין מסחר, איז אַריבער צום לערנען דײַטש. אַזױ האָט ער אויך מיטן זון, נאָכן חדר, צוגעלערנט דײַטש. עמיגרירט קיין נ״אַ, האָט ער אין 1898 אַראָפּגעבראַכט זײַנע פינף קינדער אין נ״י, וווּ יצחק האָט די ערשטע צײַט געלערנט אין ענגלישע שולן, נאָר גיך באַדאַרפט גײן אַרבעטן אין שוויץ־פאַבריקן און די אַרבעט האָט אים אַוועקגעפירט צווישן גויים, וווּ ענגליש איז געוואָרן זײַן טאָגשפּראַך. איז ווען ער האָט גענומען שרײַבן ייִדיש, האָט ער אויך געשריבן אין ענגליש. אַ שרײַבער האָט ער אָבער געוואָלט ווערן אין ייִדיש. צווישן זײַן עזבון זײַנען געבליבן היפּש כתבים אין ענגליש, וואָס ער האָט נישט געזוכט צו דרוקן.

*

דעבוטירט 1902 אין צײַטונג העראַלד מיט לידער און באַלד געדרוקט סקיצן און אַרטיקלען. אַלע פאָרמען האָבן אים גערייצט, ספּעציעל טעאַטער. אַ קורצע צײַט באַנוצט זײַן אמתן נאָמען, דערנאָך גענוצט אַ סך פּסעוודאָנימען, צ״אַ, ד״ר האַציקל, אַנאַ דאַנאַ דער רויזנקאַוואַליער, אידאַ שילדקרויט, *Rinalde Rinaldine* פּילאַטוס, בן־מאיר, מ. פײַערפויגל אַלע זײַנע ביכער טראָגן אָבער בלויז דעם נאָמען משה נאַדיר.

נאָך עטלעכע יאָר זײַן אין נ״אַ זיך פאַרבעזיקט נאָך אייראָפּע און אין 1904 צוריקגעפאָרן, אָבער ערשט דעמאָלט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז אַמעריקע האָט מערער פרײַהייט און דעמאָקראַטיע. קומט ער צוריק. רעדאַקטירט מיט יונגע שרײַבערס זשורנאַלן, פון וועלכע דער ייִדישער גזלן, רעד' מיט יעקב אַדלער, אָריענטירט אים, צו וועלכן זשאַנער ער דאַרף זיך אָפּגעבן, און ער אַרבעט־מיט אין אַדלערס זאַמלביכער הומאָר און סאַטירע און שפּעטער אין זשורנאַל דער גרויסער קונדס, וווּ ער שטורעמט־אויף מיט זײַן קאַמף, דורך סאַטירע, איראָניע און הומאָר, קעגן שונד־טעאַטער ווי בכלל קעגן קרומקייטן אין דער ליטעראַטור. די יונגע אינספּירירן אים, ספּעציעל קאַליאַ טעפּער און משה־לייב האַלפּערן, בונטאַרן.

משה נאַדיר ווערט די סענסאַציע. אויך אויסערלעך זיך אימפּאָנירט מיט זײַן עלעגאַנץ, שלאַנקייט און אַריסטאָקראַטישער באָהעמישקייט. אַז אַ טעאַטער האָט אים נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן פאַר זײַן אַרונטעררײַסן פאָרשטעלונגען, האָט ער זיך גרימירט, פאַרשטעלט, צוגעקלעפּט אַ באָרד, און אַזוי געקומען זען די פאָרשטעלונגען, וועלכע ער האָט ווידער אַרונטערגעריסן. אַז ער האָט פאַר פרנסה וועגן איבערגענומען אַ האָטעל אָדער אַ קאַפּעטעריע, האָט ער אין אייניקע

פון זיי איינגעאָרדנט אַרטיסטישע פראָגראַמען, פאַר וועלכע ער האָט געשריבן, און אַפילו געשפּילט טעאַ־טער, מערסטנס פון אייגענעם רע־פּערטואַר.

*

ווילדע רויזן, זיין ערשט בוך, אין נ״י 1915, איז אַרויס אין עטלעכע אויפלאַגעס. די מיניאַטורן האָבן אויפ־געבראַכט די מאָראַליסטן און צערייצט די ליבהאָבערס פון נאַקעטקייט. זיי־נע פילאָסאָפישע מעשהלעך פון מענטש צו מענטש, געדרוקט אַפריער אין טאָג, דערשיינען 1919 אין בוכפאָ־רעם און גייען־אַריין אין זיינע גע־זאַמלטע שריפטן, 6 בענד, געדרוקט



משה נאַדיר אין זיינע לעצטע יאָרן

1928 אין וואַרשע, ווו ס׳ווערן אויך געדרוקט קליינע זאַמלונגען פאַר שול־יוגנט. צו דער צײַט געהערט זײַן ערשט בוך קריטיק, וואָס מאַכט פו־ראָר, צוליב דער אָריגינעלקייט און געוואַגטקייט, מײַנע הענט האָבן פאַר־גאָסן דאָס דאַזיקע בלוט (1926), ווי אויך מעשהלעך מיט אַ מאָראַל און אויסגעטראַכטע זאַכן, אַ לאָמפּ אויפן פענצטער (1929) א״אַ.

*

מ. נ., װעלכער באַרימט זיך מיט זײַן אומאָפּהענגיקייט און לאַכט־אויס פּאַרטייען, ספּעציעל די אידעאָלאָגיע פון ברויט מיט פּוטער, טרעט־אַרײַן 1926 אין דער קאָמוניסטישער צײַטונג פרײַהייט, באַזוכט ראַטן־פאַרבאַנד, ווו ס׳דערשײַנען אָפּקלײַבן פון זײַן שאַפן, און צוריקקומענדיק אין נ״י ווערט ער דער בײַסיקסטער פּאָלעמיקער אין נאָמען פון דער אידעאָלאָגיע און ער אַטאַקירט אָן רחמנות דער עיקר די יונגע, אַפילו זײַנע בעסטע חברים, אויף אַזוי ווײַט, אַז די אָפיציעלע פּאַרטיי־שרײַבערס צענזורירן אים טייל מאָל עפּנטלעך... רופט ער אַרויס קעגן זיך אַזאַ שנאה, אַז ער ווערט ממש פאַרשוויגן, פּשוט — באָיקאָטירט... ספּעציעל איז דאָס פאָרגעקומען נאָך די אַראַבישע פּאָגראָמען אין א״י, וואָס די קאָמוניסטן האָבן פאָרגעשטעלט ווי „רעוואָלוציאָנערע אַקציעס“...

מ. נ. ברעכט אָבער צוזאַמען, ווען מאָרגן־פרײַהייט האָט פאַרטיידיקט אַפילו דעם היטלער־סטאַלין־פּאַקט אין 1939. ער טרעט דעמאָלט אַרויס מיט שטורמישע דערקלערונגען קעגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און אָט דער איבערבראָך קומט צום שאַרפסטן צום אויסדרוק אין זײַן לעצטן בוך, מודה אַני, דערשינען אין 1944, ווי „דער ערשטער קראַנץ בלומען אויף זײַן פרישן קבר“, צוגעגרייט פון זײַן פרוי גענייאַ און זײַן קאָלעגע לייב פײַנבערג, וואָס האָט אים באַוווּנדערט.

משה נאַדיר איז געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאָג אין וודסטאָק דעם 8ן יוני 1943.

*

אין די יאָרן פון זײַן שטיין צו דינסט דער „פרײַהייט“ זײַנען דער־שינען מערערע ביכער זײַנע: דער געניאַלער אידיאָט, טינט און פעדער, פּאָלעמיק און זײַן אַנטאָלאָגיע נאַדירגאַנג (1937), ווי אויך אַ ריי פּיע־סן און טעאַטער־טעקסטן, וואָס איי־ניקע פון זיי, די טראַגעדיע פון גאַר־נישט, סוקסעס און דער לעצטער ייִד זײַנען געשפּילט געוואָרן אין פּראָ־פעסיאָנעלן טעאַטער אין נ״י (בלויז אין נ״י). זײַן גרעסטע שאַפונג אין דעם פּעריאָד איז זײַן פּאָעמע ריווינגסטאָן סטריט (1932).

משה נאַדיר, פּאַרטראַטן אין אַ סך שולביכער, איז פאַר רעציטאַטאָרן אַ קוואַל פון שוישפּילערישע אויפ־טועז און הומאָר־עקספּלאָזיעס.

מ. נ. האָט איבערגעזעצט אָדער באַאַרבעט אַ ריי וויכטיקע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, פון אַלטנבערג, קיפּלינג, אָ׳נילס, פראַנס, טאָלסטאָי א״אַ.

# משה נאַדיר, דער עקסטראַוואַגאַנטער ווירטואָז פֿון פּאַראַדאָקס, מעשה און קריטיק

## דער קידער־ווידער מיט זײַן דור

געווען יאָרן, ווען מ׳האָט וועגן משה נאַדירן גערעדט און געשריבן מער ווי וועגן וועלכן ס׳איז אַנדערן ייִדישן שרײַבער. אָבער קיינער האָט קיין כּוח נישט געהאַט צו שרײַבן וועגן אים אָביעקטיוו. אָדער מען האָט אים אונטערגעשאַצט, אָדער מען האָט אים איבערגעשאַצט. אָפֿט האָט מען זײַן נאָמען אין גאַנצן נישט דערמאָנט, כאָטש מען האָט וועגן אים גערעדט און געשריבן...

דאָס איז געווען דער ענטפֿער אויף זײַן „פּאָלעמישן קידער־ווידער מיט זײַן דור און זײַנע רעפּרעזענטאַנטן" [1].

משה נאַדיר האָט דעם דאָזיקן „קידער־ווידער מיט זײַן דור און זײַנע רעפּרעזענטאַנטן" געשפּילט נישט בלויז ווען ער איז אַריבער צו לינקס. זײַן גאַנצער דרך אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען איין גרויסער קידער־ווידער. גלײַך בײַם אָנהייב, ווי נאָר ער איז אַרײַנגעקומען מיט זײַנע ווילדע רויזן, ווי אַ זאָרגלאָזער און אומדערזעטיקטער דאָן זשואַן, האָט משה נאַדיר אָנגערייצט קעגן זיך די אָנהענגערס פֿון די באַלעבאַטישע טראַדיציעס. די נאַקעטקייט פֿון זײַן וואָרט און בילד איז פֿאַר זיי דערשינען ווי פּאָרנאָגראַפֿיע, בעת די ייִדישע ליטעראַטור אין בוכפֿאָרעם האָט נישט געזוכט קיין פֿראַנצייזישן הכשר... ער האָט דאָס גוט געוווּסט און אַליין וועגן זיך געזאָגט: „פֿון מיר וועט בלײַבן אַ ליגן, אַ לעגענדע. אַ טייל וועט דערציילן, ווי פֿאַרדאָרבן איך בין געווען. אַנדערע

[1] איציק מאַנגער — „נאַדירס לירישער גראָטעסק", משה נאַדיר / אונטער דער זון, תל־אָביב 1966, ז׳ 5,

וועלן זאָגן, אַז איך בין אפשר געווען נישט אַזוי שלעכט ווי נאַריש... אַנדערע וועלן זיך דערמאָנען, אַז איך פֿלעג מיך שעהען לאַנג אין די קינסטלער־קאַפֿעען אַרומטראָגן מיט אַ גוט־נאָוונט און נישט האָבן אים ווו אָפּצולייגן" [2]...

אין אמתן איז משה נאַדיר ווײַט געווען פֿון זײַן „אַ זאָרגלאָזער", ווי ער האָט זיך באַוויזן אין זײַנע ווילדע רויזן. אַפֿילו אין די יאָרן, ווען ער האָט געדינט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און געשריבן — „מיר לייגן זיך / ווי שטיינער אויס / צום בנין, הויך און גרויס, / מיר לייגן זיך / פֿאַר פֿונדאַמענט / צו לעבינס / מעכטיק הויז", האָט ער (אין דער זעלביקער פּאָעמע) גלײַך פֿון אָנהייב אויסגעזאָגט, אַז:

פיר שטעגן, פיר וועגן —
איך איינער אַליין,
איך שטיי אין דער מיטן
און ווייס נישט ווי'ן גיין" [3]...

משה נאַדיר האָט אַלע זײַנע יאָרן געבלאָנדזשעט.

משה נאַדיר האָט אַ גאַנץ לעבן אַרומגעזוכט משה נאַדירן.

פֿאַרשטעלט איז געווען זײַן פֿריילעכקייט.

בײַ זײַן גאַנצער דאָן זשואַנישקייט און באָהעמישקייט איז ער אָפּט אַרײַנגעפֿאַלן אין טראַגישן ערנסט. אָבער אַזוי ווי ער איז נישט געווען קיין אידעאָלאָג, כאָטש ער האָט געקענט זיך גריבלען און זיך חכמהנען אין אַלע אידייען, האָט מען אים נישט געגלייבט. און דאָס האָט זיך ווידער גענומען פֿון אים אַליין: ער איז געווען פֿון דער נאַטור אַ פּאָלעמיקער. איז צווייפֿלען געוואָרן זײַן שריפֿט־שטעלערישע פּריווילעגיע...

נאָר אין דער יִדישער וועלט איז קיין אָרט נישט געווען פֿאַר אַזאַ פּריווילעגיע. אַזעלכע הייסן אין אונדזער וועלטל משומדים...

---

[2] משה נאַדיר — אַ לאָמפּ אַפֿן פענצטער, נ"י 1929, ז' 7.

[3] נאָדירגאָנג, נ"י 1937, ז' 284 און 278.

די דעזאָריענטאַציע פֿון דער קריטיק אין משה נאַדירן קומט, בכן, פֿון משה נאַדירן גופֿא. „נאַדיר איז אפֿשר דער איינציקער הומאָריסט, וואָס לאַכט מער פֿון זיך איידער פֿון אַנדערע. ער טראַכט: „וואָס דאַרף איך לאַכן פֿון אַנדערע, אַז איך גופֿא בין איינער פֿון זיי?”... ער גייט אָבער איינער אַליין. שטענדיק אַליין. ער „איז, משה נאַדיר, עלנט אויף זײַן וועג”[4].

ער איז געווען איינזאַם, אַפֿילו ווען ער האָט גערעדט אין נאָמען פֿון די „ברייטע פֿאָלקסמאַסן”. אין תּוך געווען איינער אַליין.

דער גאַנצער נוסח, נאַדירס, איז פֿון איינעם אַליין. פֿאַרשפּיצט. פֿאַרחכמהט. אויסערלעך פּשוט, אָבער אין תּוך עקסטראַוואַגאַנט. אַפֿילו אין די קינדער־מעשׂיות עקסטראַוואַגאַנט.

נאָר ווי עקסטראַוואַגאַנט ער איז, ציט אים צו פֿאָלקסטימלעכקייט. ווי גרויסשטאָטיש ער איז, ציט אים צו באַזינגען זײַן גאַליציאַנער נאַראַיעוו. דערמאָנט כּסדר די אַלטע היים מיט רירנדיקער בענקשאַפֿט. אָבער אַז אַ צווייטער שרײַבער שילדערט די אַלטע היים, ווי אַ קוואַל פֿון ברענענדיקע פּראָבלעמען, וואַרפֿט ער אים פֿאָר, הלמאי ער האָט נישט איבערגעלאָזט פּוילן אין פּוילן...

ער לאַכט־אויס כניאָקישקייט. קעמפֿט קעגן אַלטפֿרענקישקייט און פּראָווינציאַליזם. נאָר אַליין קוויקט ער זיך שאַפֿנדיק מיט טעאַטער־חן אין נוסח פֿון פֿאָלקסליד „אַז דער רבי אלימלך”...

פֿאַר זײַן הומאָריסטישן שפּיגל נעמט ער געשטאַלטן פֿון דער אַמעריקאַנער סבֿיבֿה. אָבער נאָכפֿאָלגנדיק שלום עליכמען, לאָזט ער זיי ריידן — ווי דאָס פֿאָלק רעדט... טאַקע אַמעריקאַנער קווידערוועלש, אָבער אין נוסח פֿון אַלט־ייִדיש.

זײַן אַמעריקאַנער רבי — אַליין אויך אַ משה קאַפּויער — איינע פֿון די טראַגישסטע פֿיגורן אין דער ייִדישער ליטעראַטור זאָגט דעריבער, אַז „די ווילדע רויזן זײַנען גאָר קיין פֿאַרשײַטע רויזן

---

[4] איזאַק האָראָוויץ — וועגן משה נאַדיר, קריטישע פֿאָלעמיק, נ״י 1919, ז׳ 8 און 16.

ניט, נאָר אַראָבעסקן פֿון אַ גימנאַזיסטן־פֿאַנטאַזיע, אָדער נאָך ריכ־טיקער, פֿײַן־סטיליזירטע, שטאַרק־קאָנדענסירטע, טיף־ייִדישע גע־דאַנקען־קוויטן, דאָס ליטעראַרישסטע, גראַמאַטיקאַלישסטע שטיקל אַרבעט, וואָס איז דערשינען פֿאַר די לעצטע דרײַסיק יאָר״ [5].

אָט אין אַזעלכע סתּירות איז משה נאַדיר אַרומגעשוווּמען אַ גאַנץ לעבן.

און ווען ער איז, אין די לעצטע יאָרן זײַנע, געוואָרן „סטאַ־טעטשנע״, גראַדליניק, איז ער אפֿשר טאַקע געוואָרן אויס דער משה נאַדיר, וואָס האָט אויפֿגעשטורעמט די ייִדישע ליטעראַטור. דעמאָלט איז ער געוואָרן איינער פֿון אַ ריי. נישט — איינער און מער קיי־נער...

## די שורה און דאָס ווערק

שווער צו מאַכן אַ באַלאַנס פֿון משה נאַדירס שאַפֿן.

ווײַל פּונקט ווי ער איז צעקריגט מיט זיך אַליין, אַזוי איז זײַן שאַפֿן פֿול מיט גוואַלדריסן.

ער איז דער שרײַבער פֿון ווונדערלעכע שורות, אָבער די ווערק, אין גאַנצן גענומען, האָבן נישט אָט דעם צויבער. נאָך פֿע־נאָמענאַלע פּאַראַגראַפֿן אָדער גאַנצע זײַטן קומען מיטלמעסיקע בלעטער, אָן יענער קינסטלערישער אידענטיטעט...

משה נאַדיר איז דער שרײַבער פֿון מאָנומענטאַלע שורות, אָבער נישט פֿון מאָנומענטאַלע ווערק. זײַן גרויסווערק ליגט אינעם קליינווערק. ער איז דער מײַסטער פֿון מיניאַטור.

צום שאַרפֿסטן קומט דאָס צום אויסדרוק אין זײַן דראַמאַטור־גיע און אינעם גרעסטן טייל פֿון זײַנע פּערזן. אין זײַן פּראָזע איז משה נאַדיר אָפֿט אַ ליריקער, אָבער אין זײַנע לידער איז ער זעלטן אַ לירישער פּאָעט. דאָס איז אויך שײַך צו זײַן אידעאָגראַפֿיע. ער

---

[5] ד׳אַברוצי (קאַליאַ טעפּער) — !Excelsior, זיגזאַג, נ״י (1916?), ז׳ 116.

קען אַלעמען, ווייס פֿון אַלעמען, נאָר ווייזן ווייזט ער שטענדיק נאָר זיך.

קיינער האָט משה נאַדירן נישט איבערגעשטיגן אין שאַרפֿזין, אין אָריגינעלקייט פֿון סטיל און אין דער חכמה פֿון באַשאַפֿן ייִדישע ווערטער. „די ייִדישע שפּראַך איז געוואָרן זײַן סטראַדיוואַריוס“ [6]. עס איז אויך אמת, אַז „ווען משה נאַדיר זאָל ניט געווען אָנגעשריבן קיין אַנדער ליד ווי דאָס לעצטע ליד זײַנס נענטער, וואָלטן מיר אים געמעגט פֿאַררעכענען ניט בלויז פֿאַר דעם מײַסטער פֿון אַ נײַעם פֿינקלדיקן און בלענדנדיקן וואָרט־כּישוף אין פּראָזע, נאָר אויך פֿאַר איינעם פֿון די אייגנאַרטיקסטע ייִדישע פּאָעטן“ — כאָטש „נאַדירן האָבן געפֿעלט געוויסע גרונט־עלעמענטן, וואָס זײַנען נייטיק פֿאַרן דורכויס פּאָעטישן ליד, באַזונדערס האָט אים געפֿעלט אינעווייניקסטע מעלאָדישקייט“ [7].

אין זײַן טעאַטער־שאַפֿן איז דאָס נאָך שאַרפֿער געקומען צום אויסדרוק. נאַדיר איז געווען אַ לײַכטטורעם אין זײַן טעאַטער־קריטיק, וואָס האָט באַקעמפֿט שונד אין אַלע זײַנע מאַניפֿעסטאַציעס. ער „האָט געהאַט דעם מוט עפֿנטלעך צו באַקעמפֿן די שונד־מכּה, דעם אָפּגעלאָזענעם און שלעכטן אופֿן שפּילן, די טאַלאַנט־לאָזיקייט פֿון די אַקטיאָרן און די מחברים, און די טעמפּקייט און נאַרישקייט פֿון עולם־גולם“ [8]. און ער האָט אין אַ היפּשער מאָס אין דער ליטעראַטור קאָקעטירט ווי אַ שווישפּילער מיט באַהעמישע קאַפּריזן. אָבער זײַן אַמביציע פֿון אַ דראַמאַטורג האָט אים צו קיין ווירקלעכע אויפֿטוען נישט געפֿירט. בײַ זײַן גאַנצער געשיקטקייט אין דיאַלאָג, בײַ זײַן אויסערגעוויינטלעכן חוש פֿאַר דעם ווי דער עולם רעדט, זײַנען זײַנע דראַמעס און קאָמעדיעס בלייבע טעאַטער־

---

[6] איציק מאַנגער — ד״ז.

[7] אַ. טאַבאַטשניק — דיכטער און דיכטונג, נ״י 1965, ז׳ 268.

[8] עזרא להד — „משה נאַדירס מלחמה קעגן שונד־טעאַטער“, חיפה (זאַמלבוך) 1969, ז׳ 65.

טעקסטן, אָן געמיט, אָן בלוט, אָן קינסטלערישן אָטעם. ווײַל ער האָט נאָר זיך אַליין אין זינען.

דאָס איז אויך שײַך צו אידייען. „נאַדירס שאַפֿן מאַכט אויפֿציטערן ווי שאַרפֿע בליצן אין אַ שטאָק־פֿינצטערער נאַכט, אָבער בײַם שײַן פֿון זײַנע בליציקע רייד אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז נישט די וועלט אַלס גאַנצע, נאָר איינצלנע אַרויסגעריסענע פֿראַגמענטן" [9].

אַזוי איז נאַדיר אויך אין דער קריטיק — פֿראַגמענטאַריש — הגם אין ליטעראַרישן אַנאַליז צעפּליגלט זיך זײַן פּערזענלעכע הנאה, אינטויִציע און עמפּינדלעכקייט מיט אַ זעלטענער עלעגאַנץ און שטיפֿערישקייט. „ער איז צו קיינעם נישט געגליכן מיט זײַן פֿריילעכער עזות — און אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז ער אַרײַן מיט דער אויסטערלישער תאווה, זי זאָל זיך מיט אים קיין עצה נישט געבן", און אַזוי האָט ער „אַלעמען אַרויסגעפֿאָדערט, מיט אַ סך דערטשעפּעט" [10]...

דאָס „דערטשעפּען" איז געווען משה נאַדירס שטאַרקייט און זײַן שוואַכקייט, דער דרך אין זײַן גאַנצן שרײַבן: אין שפּאַס ווי אין ערנסט — דערטשעפּען!...

מיטן כּוח פֿון זײַן תאווה צו דערטשעפּען און פֿאַרטשעפּען און אָנטשעפּען און זיך צוטשעפּען שלאָגט־אָן משה נאַדיר די לעבעדיקסטע טענער אין הומאָר. און אַז ער טשעפּעט זיך צו, צעשפּילט זיך אַזוי זײַן לײַדנשאַפֿט, אַז ער קײַקלט זיך אַריבער פֿון הומאָר אין גראָטעסק און גאַנץ אָפֿט אין שאַרזש.

דער עקסטראַוואַגאַנטער וואָרטקינסטלער פֿון דער רגע־שטימונג מישט־אויס ווי אַ כּישוף־מאַכער המצאות מיט אַפֿאָריזמען און אייגענע ווערטלעך.

---

[9] ב. ווינאָגוראַ — „משה נאַדירס דיכטערוועג", ליטעראַרישע בלעטער נג' 722־723, וואַרשע 1938.

[10] מ. גראָס־צימערמאַן — „דער געניאַלער לץ", אינטימער ווידעראַנאַנד, תל־אָביב 1964, ז' 112.

בליציק און תּוכיק, נאָר פֿאַר דער רגע.

עס איז דעריבער סימפּטאָמאַטיש, וואָס אין זײַנע יאָרן פֿון צײַטונג־שרײַבערײַ האָט ער ווי דער פֿעןֿ־און־ביקסלער ליב גע־האַט צו דרוקן שפּריצן, קורצע פּאַראַגראַפֿן, אָפּגעהאַקטע פּסוקים, רעאַגירונגען אויף אומציייליקע זאַכן און מענטשן, און אין זיי אויס־געמישט אַפֿאָריזם מיט גראַטעסק, המצאה מיט וויץ, טייל מאָל פּרעכטיקע אינטעלעקטועלע אויפֿבליצן, ליטעראַרישע פֿאָרמולעס, וואָס פֿאַרדינען צו ווערן אויפֿגעצילעט ווי פּערל אויף אַ שנירל...

עס איז אָבער לײַכט דערטרונקען צו ווערן אין די שטורמישע כוואַליעס פֿון משה נאַדירס אָפּענסיוועס דורך פּאָלעמיק, אָפּלאַכע־רײַ און אומברחמנותדיקע רעוויזיעס. פֿון די דאָזיקע אָפּענסיוועס האָט ער אַליין, נאַדיר, אפֿשר מער געליטן ווי אַנדערע. ער האָט זיך אָפֿט געפֿילט עלנט און טרויעריק אַפֿילו צווישן די, וועלכע האָבן אים שטורמיש אַפּלאָדירט...

## דער אויסלאַכער פֿון אַמעריקאַנער נישטיקייטן

משה נאַדיר איז אויפֿגעשטיגן אין דער יידישער ליטעראַטור נאָך שלום עליכמס טויט, ווען מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס פֿעלט אין אַמעריקע אַ הומאָריסט, וועלכער זאָל אין דער „נײַער וועלט" אַזוי אויסלאַכן די יידישע שוואַכקייטן און צרות ווי שלום עליכם האָט עס געטאָן אין דער אַלטער וועלט. דער לופֿטמענטש פֿון צאַ־רישן רוסלאַנד, „מנחם־מענדל", און דער האַרציקער ייד, וואָס איז צוגעבונדן צו דער ערד, ווי צו זײַנע קינדער, „טבֿיה דער מילכי־קער", זײַנען אין אַמעריקע אַוועק אין „שאַפּ" אָדער האָבן אײַנ־געקויפֿט אַ „סטאָרקע", מיט דער האָפֿענונג אָפּצושפּאָרן אַ סענט צו אַ סענט... אַנדערע ערטער, אַנדערע באַדינגונגען, אַנדערע מענטשן. האָט משה נאַדיר געזאָלט ווערן דער שלום עליכם פֿון אַמעריקע, פֿון די אַנדערע מענטשן, אין אַנדערע ערטער, אין אַנ־דערע באַדינגונגען.

איז שלום עליכם געווען אַ געזונטער פֿאָלקסייד, אין וועמען

עס איז געווען טיף אין האַרצן סײַ טביהס געמיטלעכקייט און אמונה, סײַ מנחם־מענדלס זוכן ייִדישע גליקן... האָבן טביה און מנחם־מענדל אַרויסגערעדט פֿון שלום עליכמען מיט זייער אייגע־נעם קול.

משה נאַדיר איז אָבער געווען אַ באָהעמישער קינסטלער, וועלכער האָט אין זײַן נטיה צו גראָטעסק אויסגעקליבן — ווי אַ שוישפּילער קלײַבט־אויס ראָלן צו שפּילן — די קליינשטעטלדיקע ייִדן פֿון אייראָפּע, וועלכע אַמעריקע האָט צעפּלאָכטן, דעם קאָפּ פֿאַרדרייט און פֿאַרשטאָפּט דעם אַלטן ייִדישן שׂכל... אינעם בעסטן פֿאַל איז פֿון דעם ייִדן געוואָרן „דער געניאַלער אידיאָט“, נאָר בדרך־כּלל — דער ייִד „לייזער־עליע“... דער ייִד, וואָס האָט אָפּ־געשפּאָרט די ערשטע פּאָר דאָלער און דער קאָפּ ווערט בײַ אים צעשפּרונגען, ווען ער לייגט־אַרײַן זײַן ביסל אָפּגעשפּאָרט פֿלייש און בלוט אין באַנק — וואָרן וואָס טוט ער, אויב די באַנק באַנקראָ־טירט? וואָס טוט ער, אַז מ׳באַגנבֿעט די באַנק? און זאָל ער אײַנ־שטעלן דאָס לעבן, ווען ער זעט מיט די אייגענע אויגן, ווי גנבֿים ראַמען בײַ אים אויס די שטוב... „דער קעמפּער פֿאַר אַ שענע־רער און בעסערער וועלט, דער טיפֿער גלויבער און טרוימער אין דער דערלייזונג פֿון די אונטער(גע)דריקטע און פֿאַריאָכטע מענטשן־קינדער“ — ווי זײַן גרעסטער חסיד שטעלט אים פֿאָר — דער־שײַנט אין אמתן ס׳רובֿ ווי דער אויסלאַכער און אָפּלאַכער, און אין דעם איז זײַן גבֿורה, און מ׳קען אָפּפֿרעגן „די אומשטערבלעכע געשטאַלטן, ווי דער געניאַלער אידיאָט, לייזער־עליע מיט די פּע־טענטס“, צי זיי זײַנען טאַקע „אומשטערבלעכע געשטאַלטן“ [11] אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ווי מאָדנע עס זאָל אויסזען, האָט משה נאַדיר, אַפֿילו ווען ער איז געווען „דער קעמפּער פֿאַר אַ שענע־רער און בעסערער וועלט“, נישט פֿאַראייביקט קיין איינע פֿון די

[11] ל. פֿײַנבערג — „די לעגענדע משה נאַדיר“, אַרײַנפֿיר צו מודה אַני פֿון מ. נ., נ״י 1944, ז׳ 14.

דאָזיקע געשטאַלטן. אַפילו אין זײַן גערעאָטנסטער פּאָעמע, וואָס איז מלא וגדוש מיט געשיכטע און בילדער פֿון דער הערשער אָון אַנגסטפֿולער פּיאָנערן־תּקופֿה, ריווינגטאָן־סטריט, דערציילט ער מערער וועגן די וויצן ווי וועגן גרויסע אויפֿטוען פֿון די געשטאַלטן, ווי אַ שטייגער, אַז באַראָנדעס האָט אויף דער לוויה פֿון יעקבֿ גאָרדין געזאָגט צום מת: „זײַ געזונט"... אָבער דער צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיך איבערחזרן, ווען מ׳האָט אים, נאַדירן, מספיד געווען[12]...

עס איז דערפֿאַר טרעפֿלעך געווען זײַן ענטוזיאַסטישער פּאָרטרעטיסט, ווען ער האָט וועגן אים געשריבן, נאָך אין זײַן ערשטן פּעריאָד פֿון שאַפֿן, אַז „כּדי נאַדירן צו פֿאַרשטיין, דאַרף מען זײַן אָדער אור־פּרימיטיוו אָדער הויך־קולטורעל"[13].

## „אַ מסכתּא פֿאַר זיך"

יאָ, „משה נאַדיר איז אַ מסכתּא פֿאַר זיך, מיט זײַן גראָטעסקן הומאָר, אין וועלכן עס זײַנען אײַנ(גע)גראַווירט לירישע קנייטשן, מיט זײַן סאַטירע, פּאָלעמיק, שאַרזשן, מיט זײַן אומעטיקן הפֿקר און פֿאַרליבטקייט אין זיגזאַג, מיט דעם טראַגישן ווידוי פֿון זײַן שפּעטן „מודה אַני", מיט זײַן „מאַניער פֿון פּיקאַנטן קאַפּריער"[14]. משה נאַדיר איז פֿאַר זיך אַליין אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער פּאַסט זיך נישט אַרײַן אין דער אַלגעמיינער ראַם פֿון דער תּכליתדיקייט, וואָס איז שטאַרק אָנגעזען בײַ אַלע גדולים פֿון דער ייִדישער וואָרטקונסט, כאָטש ער געהערט צו די דאָזיקע גדולים ווי אַ וואָרטמײַסטער.

פֿון אַ סך בלעטער, משה נאַדירס, פֿינקלען־אַרויס ווערטלעך

---

[12] דניאל טשאַרני — „צו די שלושים נאָך משה נאַדיר", אידישער קעמפּער, 23 יולי 1943.

[13] נח שטיינבערג — „משה נאַדיר־יצחק רײַז", יונג אַמעריקאַ, נ"י 1917, ז' 159.

[14] מ. גראָס־צימערמאַן — „דער געניאַלער לץ", ז' 112.

און בילדלעך ווי בריליאַנטן, אין וועלכע עס צעשפּריצן זיך זונ־שטראַלן. ער איז אין טייל שורות געניאַל. אָבער זיי פֿאַרלירן זיך אין דעם גאַנצן פּאָרטרעט. די פּערזענלעכקייט צעלויפֿט זיך צווישן די שאָטנס...

און די ייִדישע ליטעראַטור האָט אים גראָד שטאַרק באַדאַרפֿט האָבן! עס איז דאָך אויסער יעדן ספֿק, אַז „די וועלט וואָלט אויס־געזען אַ שיין ביסל בעסער, ווען אַ גרעסערע צאָל מענטשן וואָלט געווען מסוגל פֿון צײַט צו צײַט אַ קוק צו טאָן אויפֿן לעבן, פֿאַר אַלעמען אויף זייער אײגענעם לעבן, דורך אַ הומאָריסטישן שפּאַק־טיוו". אָבער „ווי גרויס איז דער פּראָצענט מענטשן, וואָס פֿאַר־מאָגן אַ חוש פֿאַר הומאָר?"[15]

נאָך שלום עליכמען האָט משה נאַדיר געזאָלט ווערן אָט דער הומאָרפּולער פּראָזשעקטאָר פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. ער האָט זיך אָבער אין זײַן תאווה צו פּאָלעמיק און צו פֿיל זוכן פּעלערן זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין דעם ווילדוואַלד פֿון זײַן צײַט און לאַנד, אָט דער משה נאַדיר, וועלכער „געהערט צו די מערקווערדיקסטע אָריגינעלע און קאַפּריזנע, שאַרפֿאויגיקע, איבער־געשפּיצט־קלוגע און שנײַדיק־אַרײַנזאָגערישע נאַטורן, אַזוי פֿײַנ־פֿילנדיק קאַפּריזנע, אַז דאָס קליגן זיך און אַרײַנזאָגן איז בײַ אים געוואָרן אַ קולט, און צו דינסט פֿון די דאָזיקע אייגנשאַפֿטן שטייט אַן אייגנאַרטיקער סטיל און לשון, וואָס בייגט זיך און וויקלט זיך אויס אין די פֿאַרשיידנסטע אויסגעקליגלטע שפּרוכן, געדאַנקען־פֿאַרבינדונגען און וויציקע שפּראַך־קאָמפּליצירונגען"[16], ווי אַ גרויסמײַסטער.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[15] חיים גרינבערג — „חוש פֿאַר הומאָר", בלעטלעך פֿון אַ טאָגבוך, ב"א 1962, זז' 89—90.

[16] שמואל ראָזשאַנסקי — „געשטאַלטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור: משה נאַדיר, אַ קריטיקער וואָס שפּילט זיך", די אידישע צײַטונג, יובליי־בוך, ב"א 1928.




זוני מאַודס צייכענונג אויף דער הילע פון משה נאַדירס ערשטן בוך

# אַן אַפּאָלאָגיע

זומער.

פֿאַרשיכּורט זײַנען מײַנע גלידער פֿון דעם שאַרפֿן דופֿט פֿון ווילדע רויזן, וואָס רויטלען זיך אין די גאָרטנס פֿון מײַן נשמה, און צעטומלט פֿון דעם מעלאַנכאָליש פֿאַרנאָגראַפֿישן לבֿנה־ליכט.

אויפֿגערעגט איז מײַן קערפּער און — מײַן נשמה.

און דער הימל פֿינטלט־צו מיט די אויגן ווי אַ קלוגע זונה, און געדאַנקען דרייען זיך אַרום אין קאָפּ, אַזעלכע געווײַנלעכע, אַזעלכע אומאָנשטענדיקע.

שרײַבסט דו זיי אויף, נישט מיינענדיק קיין שלעכטס.

און וועט עס עמעצנס מאָראַל פֿאַרדאַרבן אָדער זײַן גוטן געשמאַק שאָקירן, בין איך ניט שולדיק.

האָב קיין שום כּוונות נישט.

איך וויל נישט די פֿאַרשײַטע בלעטלעך זאָלן געלייענט ווערן פֿון זייער יונגע אומדערפֿאַרענע מיידלעך, בייזע קריטיקערס, טיף־ערנסטע קולטור־טרעגערס, מײַן גוטער פֿרוי און אַ פּאָר צענליגג טויזנט ייִדישע מענטשן, וואָס האָבן צו ווילדע רויזן קיין שום ליבשאַפֿט ניט.

אַ גוייִש אַרטיקל.

זײַט געוואָרנט!

מײַנע געשיכטעס טרייסטן נישט.

דערהייבן נישט דעם גײַסט — בין נישט מחויבֿ קיינעם צו דערהייבן.

זײַנען נישט באַלערנדיק — כ׳וויל נישט זײַן באַלערנדיק.

גאַנץ אוממאָראַליש —

ווי דאָס לעבן.

און וועקן זיי נידעריקע געפֿילן אין אײַך, איז דאָס אײַער שולד.
נישט מײַנע.
פֿאַר וואָס האָט איר נידעריקע געפֿילן?

*

ווען איך וואָלט געווען אַ פּשוטער לייענער, וואָלט איך דאָס דאָזיקע ביכל נישט אַריבערגעלאָזט איבער מײַן שוועל.
אָבער איר וועט עס מסתמא לייענען.
זיך שעמען —
און הנאה האָבן.

## די פרייע ליבע

אין פֿרײַע ליבע גלייב איך נישט.

אַן אינסטיטוציע, ווי די געזעצלעכע הייראַט — דערצו מיט אידייעס און פּרעטענזיעס.

אַ געזעצלעך ווײַב קענסט דו אָפּגטן, אָבער וווהין וועסטו אַנטלויפֿן פֿון דער פֿרײַער ליבע?

און גאַסן־פֿרויען זײַנען ווי ביליקע ציגאַרן — שמעקן בלויז די ערשטע עטלעכע מינוט.

מיר רעקאָמענדירן בעסער אַ פּאָר דאַמען, וואָס האַלטן נישט פֿון פֿרײַער ליבע.

ערלעכע נשמות.

שטאַרק איבערגעגעבן זייערע מענער.

וויפֿל אײַנגענעמע שעהען האָב איך מיט אַזעלכע אָנשטענדיקע פֿאַמיליע־מוטערס פֿאַרבראַכט.

אָן יעדן פֿאַרויס באַשטימטן ציל.

אָן אַ פּראָגראַם און — טאָג־אָרדענונג.

און נאָך אָפּט געקראָגן דעם געזעצלעכן מאַנס גוטע האַוואַנאַ־ציגאַרן ווי אַ מתּנה.
און זיי האָבן זיך געפֿילט אַזוי אינטערעסאַנט־זינדיק,
אַזוי רייצנדיק־פֿאַראומגליקט.
אָנשטענדיקע פֿאַמיליע־מוטערס! איך בענטש אײַך און צוזאַמען מיט אײַך פֿאַרדאַם איך די אויסגעלאַסענע פֿרײַע ליבע!

## אויפֿן הייליקן אָרט

אויפֿן בית־עולם איז אינטערעסאַנט.
די טויטע ריידן אַזוי שטיל; אָטעמען אַזוי אײַנגעהאַלטן.
דו ביסט אַליין און דאָך אין פֿײַנער, דיסטינגירטער געזעל־שאַפֿט.
פֿאָרט־צו, ליבע עמאַ, און טוט אַ קוק, אָבער — אַליין.
אײַער מאַן לאָזט אין דער היים.
ער איז צו אַלט, האָט רעמאַטיזם און שרעקט זיך פֿאַרן טויט.
אַ רחמנות אויף דעם גוטן מענטשן,
גייען זײַנע געשעפֿטן גוט?

*

איך וואַרט.
פֿודערט זיך אָן, ליבע עמאַ, און גרייט זיך צו; מיט אײַערע אויגן זעט, ווי נישטיק דאָס לעבן איז,
ווי לעכערלעך — דער טויט,
און ווי זיס — די ליבע.
אַרום זעקס אַ זייגער איז שוין קיינער אויפֿן בית־עולם נישטאָ.
איך וואַרט, נישט ווײַט פֿון טויער; אַ הילצערנער צלם, אַ נאַר־וואָס אָנגעשאָטן בערגל ערד.
פּונקט זעקס.

## איך האָב געזינדיקט

איך בין אַ שווערער פֿאַרברעכער.

ווי אָפֿט האָב איך אַזוי ניט־דעליקאַט געזינדיקט: אַזוי באַליי־דיקנדיק.

האָט אַ יונג צײַטיק מיידל איר קאָפּ אויף מײַן שויס געלייגט, האָב איך זי געגלעט איבער דער רעכטער באַק און — דאָס אַלץ.

האָט מײַן חבֿר אַוועקפֿאַרנדיק מיט די לעצטע קליידער־מוס־טערן אין די ווײַטע מערבֿ־שטאַטן געבעטן מיך, איך זאָל אויף זײַן פֿרוי אַכטונג געבן און אַמוזירן זי, האָב איך איר געשאָנקען בלו־מען און צוקערוואַרג און — דאָס אַלץ.

זײַט מיר מוחל, גוטע נשמות!

איך בין געווען יונג, מאָראַליסטיש און נאַריש.

איצט בין איך טיפֿער און — קליגער.

דעריבער בין איך אַזוי דערפֿאַלגרײַך בײַ פֿרויען.

ווי באַקאַנט.

## דאָס חופּה־רינגל

איך האָב זי געפֿרעגט:

— קינד, וואָס טראָגסט דו אַזאַ קליין, שמאָל חתונה־רינגל?

זי האָט געענטפֿערט:

— ווײַל איך בין בלויז אַ קליין ביסל פֿאַרהייראַט!

און, דאָס זאָגנדיק, איז זי געוואָרן פֿאַרטרויערט.

אַזוי מעלאַנכאָליש.

אַזוי פּעסימיסטיש.

איך האָב איר געענטפֿערט:

— זעסטו, קינד! ווען דו זאָלסט געווען מיך הייראַטן, וואָלטסטו

נאָך פֿאַר דער חתונה געווען געטראָגן אַזאַ גרויסן רינג, אַז דו וואָלטסט אים לײַכט געקענט אָנטאָן אויף דײַן שיינעם האַלדז.
און זי איז געוואָרן נאָך מעלאַנכאָלישער.
נאָך פּעסימיסטישער.
אָרעם קינד!

## אָרעמע אומשולד

וואָס איז געשען מיט די אָרעמע ווײַנטרויבן?
גאָר ניט איז געשען.
זיי זײַנען צײַטיק געוואָרן.
האָט זיך זייער בלוט פֿון הייסן זונשײַן אָנגעצונדן —
און געגליט.
האָבן זיי זיך געבעטן: גוטע מענטשן, דריקט אונדזערע זאַפֿטן אויס! בײַסט־אײַן די אומשולד אונדזערע!
זײַנען אָבער מענטשן אַזוי אָנשטענדיק — נישט געוואָלט פֿרעמדע טרויבן אין זייערע קעלטערס אויסטרעטן.
האָבן די טרויבן פֿון צו פֿיל רײַפֿקייט גענומען זויער ווערן, שימלען, פֿוילן.
די ערלעכע מענטשן — פּפֿוי!

## אַרבעטער פון אַלע לענדער!

שרײַט ניט אַזוי הויך, אַז איר ווילט עסן.
איך וויל אויך.
און האָב איך — עס איך.
אַז נישט, הונגער איך אומדערמידלעך,
און איך פּוץ זיך די ציין.

אָבער איך שרײַ ניט: אַרבעטער פֿון אַלע לענדער, גיט מיר
אַ גרויסע שיסל זופּ.
איך עס פֿון אַ קליין שיסעלע.
עס איז עסטעטישער.
פֿײַנער.
איידעלער.
און מאַכן פֿון אַ שיסל יויך אַ רעליגיע — דאַרף מען נישט.
איך און מײַן פֿרײַנד ד׳אַברוצי זײַנען קעגן דעם.
און גיין אין סיביר פֿאַר דעם פּרינציפּ פֿון גרויסע שיסלען
יויך איז צו קאָסטשפּיליק.
טאָ קומט זשע מיר ניט דערציילן, ווערטע גענאָסן, אַז איך
זאָל אײַך העלפֿן קעמפֿן פֿאַר גרעסערע שיסלען זופּ.
און העכערע טעפּ מיט באָרשטש.
איך וועל אײַך אַרויסוואַרפֿן פֿון שטוב.
זאָל איך אַזוי זײַן געזונט.

## צו אַ פויגל

שיין זינגסט דו, פֿויגל, אין דײַן נעסט: גוט איז דיר.
דו ביסט אַזוי קליין, דער וואַלד — אַזאַ אומענדלעכקייט און
דו שרעקסט זיך נישט.
זינגסט.
אָדלערס פֿליִען אַזוי הויך, דו — אַזוי נידעריק און ביסט זיי
נישט מקנא.
זינגסט.
מענטשן האָבן היימען און ווערעם — זייער אָפּגעמאָסטן שטיקל
ערד און דו דרייסט זיך אַרום אַ פֿרעמדער, אַן איבעריקער אין די
ניט־אויסגעמאָסטענע הימלען און קלאָגסט נישט אויפֿן גלות.
זינגסט.
לערן מיך אויס, פֿויגל קליינער, זײַן ווי דו,

איך, דער הויך־געוואַקסענער און שווערפּיסיקער, ווייל אויך פּליִען.
קום־אַרונטער, פּויגל שיינער, וועל איך אויף דיר — מײַן יאַרמלקע אַרויפוואַרפן און דיך כאַפּן.
וואָלטסט געקענט זינגען אין אַ ייִדישער יאַרמלקע?

## מיין נייער אַנצוג

האָב איך מיר געקויפּט אַ נײַעם אַנצוג, זיך אויסגעפּוצט, אויסגערייניקט די נעגל, אָנגעשמירט די האָר מיט פּעטס, זיי זאָלן גלאַנצן, נעם דעם שפּאַציר־שטעקן אין האַנט אַרײַן און פּאַרלאָז מײַן פאַרהייראַטע פרוי.
זוך־אויס אין נאָטיץ־ביכל די אַדרעסן פון אַמאָליקע געליבטע און גיי.
פרעג זיך אָן בײַ שכנים, קלעטער אויפן פּערטן, פּינפּטן שטאָק און בין אַנטוישט.
אַרויסגעצויגן.
חתונה געהאַט.
כמעט אַלע פון מײַנע געליבטע זײַנען מער־ווייניקער פאַר־הייראַט און יעדע האָט אַ מאַן, וואָס קען דערלאַנגען אַזאַ ראָמאַנ־טישן בחור, ווי איך, פּײַנע געזונטע פּעטש און —
אויסשמירן מיר מײַן נײַעם אַנצוג.
מײַן זומערדיקן.
דריי איך מיר אַרום איבער די גאַסן אַן אויסגעפּוצטער מיט דעם געפּלעקטן שפּאַציר־שטעקן אין האַנט און — לאַנגווײַל זיך.
קער זיך אום אַהיים, וואַרף־אַראָפּ פון זיך דעם נײַעם אַנצוג, דערלאַנג דער קאַץ איבערן קאָפּ מיטן שטעקן און בייזער זיך אויף מײַן געזעצלעכער פרוי.
און קען זיך ניט באַרויִקן.

# אונדזער דעקאַדענץ

מיר גייען־אונטער.

מיר זײַנען אַ דעגענערירט פֿאָלק.

באַטראַכט, ביטע, אַ פּאָר קליינע פֿאַקטן — ניט טעאָריעס, נאָר פֿאַקטן פֿון אונדזער לעבן — און ווערט רויט.

זייערע פּרימאַדאָנעס שפּילן נישט ערגער פֿון אונדזערע, אָבער פֿאַרן שפּילן און נאָכן שפּילן אַמוזירן זיי זיך גאַנץ געמיטלעך, עסן זייערע צימערן, אָרעמס און לײַבער יעדן איינעם, וואָס האָט געלט, עלעגאַנץ, בילדונג און שוצמיטלען, אָבער אונדזערע עלטערע און יונגע פּרימאַדאָנעס זײַנען העכסט־אָנשטענדיקע דאַמעס און זייגן קינדער —

פֿון אייגענע מענער, שטעלט זיך פֿאָר!

און אונדזערע כאָריסטן־מיידלעך זײַנען דען נישט אַבסאָלוט אומשולדיקע, לײַכט אַרבעטנדיקע באַשעפֿענישן?

נאָך פֿאַקטן:

אונדזערע יאַנקל שאַבשאָוויטשעס שענקען ספֿר־תּורהס אין שול אַרײַן.

אונדזערע צײַטונגלײַט שלאָגן זיך זעלטן און דועלירן קיין מאָל נישט.

אונדזערע בעסטע גנבֿים גיבן־אויס זייערע טעכטער פֿאַר צו־שנײַדערס, וואָס קענען מאַכן אַן ערלעכן לעבן.

אונדזערע מערדערס טוען תּשובֿה און שרײַבן ליטעראַריש.

און ווו זײַנען אונדזערע גרויסע באַנרויבערס — אונדזערע דזשעסי דזשיימסעס אָדער רינאַלדאָ רינאַלדיניס?

ס'איז מיר אַ בושה!

# דער בעטלער

אין עק גאַס שטייט ער — דער בלינדער, שוין ניט מער יונגער בעטלער.

אַן אָריגינעלער מענטש וואָלט צוגעגאַנגען צו אים, געהייסן אים זינגען עפּעס אַ נאַריש לידל און אָפּגעבן אים ס׳גאַנצע געלט.

גענבן וויפל דו קענסט איז קיין קונץ נישט.

אַ קונץ איז געבן מער ווי דו קענסט, און נאָך אַ ביסל.

דאָס איז אָריגינעל.

אַזוי טוט מײַן פֿרײַנד...

ער גיט־אַוועק אַ בעטלער די לעצטע פּאָר גראָשן, וואָס ער האָט ערשט אויסגעבעטלט בײַ אַן אָרעמען חבֿר, און באַלד גייט ער ווידער בעטן.

נישט בעטן, נאָר — פֿאָדערן.

ער איז דאָך נישט קיין געוויינלעכער מענטש.

אָבער איך בין אַ פֿאַרדאַמט־געוויינלעכער, קרעפּטיקער קליינבירגער.

גיב איך דעם בלינדן קיין סענט נישט.

איך האָב אים אין דר׳ערד.

דיטאָ[1] אַלע דערנידעריקטע און באַליידיקטע.

אַחוץ דאָסטאָיעווסקיס.

אַ פֿײַן שטיקל ליטעראַטור!

# ליכט

— אונדזער פּאַרטיי ברענגט ליכט.

— צום טײַוול מיט אײַער ליכט! איך וויל, עס זאָל זײַן פֿינצטער.

---

[1] דאָס זעלביקע.

— נישט אָן אַ סיבה.

— אין דער פֿינצטערניש ליגן די וואָרצלען פֿון לעבן און זײַנע פֿאַרגעניגנס.

— אָבער מיר ווילן, עס זאָל ווערן ליכטיקער אין די קעפּ פֿון די עלנטע מאַסן...

—הירש לעקערט און קאַרל מאַרקס האָבן געפּרוּווט — נישט געהאָלפֿן.

— אָבער איר מוזט צוגעבן, אַז דער בלינדער טאַפּט אין דער פֿינצטער.

— אַלע טאַפּן אין דער פֿינצטער — אַפֿילו די זעענדיקע.

— פֿאַרנאָגראַפֿיע אָדער פֿילאָסאָפֿיע?

— ווי איר ווילט.

אָבער ליכט איז ווייסן!

— און פֿינצטערניש איז פֿאַרגעניגן — וואָס שטייט העכער?

— איר זײַט אַ בורזשוי.

— צו וואָס די אומזיסטע קנאה?

## אַלע פֿאַר איינעם

ווו האָבן מיר דאָס געלייענט?

אַ טערק איז ער געווען.

אפֿשר אַן אַראַבער.

מיר ווייסן בלויז, אַז דער סודותפֿולער מענטש האָט געוויכערט אַ נאַרגילע, נישט געטרונקען די פֿונעם קאָראַן פֿאַרבאָטענע ספּירי־טואָזן און איז געווען אַ זייער נײַגעריקער, קלוגער, עלטערער מענטש, מיט אַ באַזונדער שטאַרקער ליבע צו וויסנשאַפֿט.

איז אָבער אַראַביע אַ גאַנץ אומציוויליזירט לאַנד מיט אַן אָרע־מער קולטור, און אַלע קלוגע זאַכן שטאַמען פֿון איראָפּע.

ווי אַלע ווייסן.

איז אונדזער טערק אָדער אַראַבער אין אַ שיינעם פֿרילינגטאָג אַוועק קיין איראָפּע.

דאָרטן האָט ער געהערט מענטשן ריידן וועגן פֿרײַהייט, גלײַכקייט און ברידערלעכקייט, זיך אָנגעלייענט מיט קלוגע ספֿרים און בראָשורן, און איז אַוועקגעפֿאָרן צוריק צו זיך אין לאַנד אַרײַן.

פֿאַרבענקט זיך.

און קומענדיק אַהיים, האָט ער זיך אויסגעוויילט אַזוי פֿיל שיינע מיידלעך, וויפֿל זײַן פֿאַרמעגן האָט אים דערלויבט, זיי אײַנגעשלאָסן אין זײַן האַרעם און אויף דעם טויער פֿונעם האַרעם האָט ער געלאָזט אויסקריצן מיט גאָלדענע בוכשטאַבן:

„איינער פֿאַר אַלע און אַלע פֿאַר איינעם!"

## קריטיקערס, אויפמערקזאַם!

קינסטלערס זײַנען שלעכטע קריטיקערס און — פֿאַרקערט.

געפֿעלט נישט טאָלסטאָיען אַפֿילו „קעניג ליר".

אַזאַ טעאַטער־שפּיל.

אָבער מיר מוזן זײַן גערעכט צו די קריטיקערס — זייער אָפּט פֿעלט זיי אויס געדאַנקען, ליבע, געשמאַק.

אַ רחמנות אויף זיי!

וויל איך מײַנע קריטיקערס געבן עטלעכע אידייעס און אַ פּאָר שטאַנדפּונקטן: זיי זאָלן וויסן, ווי צוצוטרעטן צו דעם דאָזיקן ביכל.

שרײַבט, מײַנע הערן:

אייגנטלעך זײַנען די אַלע פֿאַרדײַטשטע, קורץ־שורהדיקע געשיכטעס זייפֿנבלאָזן און — מיאוסע דערצו.

דער אויטאָר איז איינפֿאַך סקאַנדאַליעז.

זײַן טענדענץ — אויב ער האָט וועלכע — איז אַ ריין פּאָרנאָגראַפֿישע.

די גוייִם מעגן דרוקן אַזעלכע זאַכן: זיי האָבן זיך שוין געווויג

אָנגעגעסן מיט געזונטע ליטעראַרישע שפּײַז, מעגן זיי פֿאַרבײַסן מיט געפּרעגלטע שמעטערלינגען, אָבער די ייִדישע לייענערס באַדאַרפֿן נאָך די סאַמע נייטיקסטע און נאַרהאַפֿטיקסטע שפּײַז. אַחוץ דעם איז משה נאַדיר נישט קיין מאַרסעל פּרוּווּאַ אָדער פּעטער אַלטענבערג. יענע האָבן טאַלאַנט און דער איז גאָר —

אַ פּלוידערזאַק.

אַ קאַלאַמבוריסט.

אַ שרײַבער ווי — אַלע.

איבעריקנס לייענט זיך ס׳ביכל גאַנץ לײַכט און מיט אינטערעס.

אַ שיין פֿאַדערבלאַט.

פּיקאַנטע אילוסטראַציעס.

מיט באַדויער מוז איך קאָנסטאַטירן, אַז דער אויטאָר, די מאַלערס און דער פֿאַרלעגער האָבן מיט אמתער ליבע געאַרבעט אויף אַ ווערק, וואָס האָט נישט געטאָרט דערשײַנען אין אַזעלכע קריטישע צײַטן, ווען יעדער האַלבער דאָלער שפּילט אַ ראָלע.

אַ שאָנד!

גאַנץ אייראָפּע טרינקט זיך אין בלוט, אונדזער פֿאָלק שטייט אויף דער שוועל פֿון אונטערגאַנג און משה נאַדיר וויל זיך מאַכן געלט און אַ גרויסן נאָמען מיט דעם, וואָס ער עקספּלאָאַטירט די נידעריקסטע געפֿילן פֿון דער מאַסע.

*

אַנו, מײַנע הערן, האָט דעם מוט אויסצודריקן דאָס זעלביקע אין אַן אַנדער פֿאָרעם.

ס׳איז דאָך דער אמת.

אַנו!

## זשעסטן

איך האָב געמאַכט אַן אָנשטעל פֿון אַ לוסטיקן מענטשן און מען האָט מיר געגלייבט.

איך האָב געמאַכט אַן אָנשטעל פֿון אַ פֿאַרליבטן און מען האָט אויף מיר רחמנות געהאַט.

איך האָב געמאַכט אַן אָנשטעל פֿון אַ פֿאַרצווייפֿלטן און — מענטשן האָבן געוויינט אויף מײַן אומגליק.

נאָר איין מאָל האָב איך קיין שום אָנשטעל נישט געמאַכט און איך האָב געזאָגט דעם אמת, אַז איך מאַך בלויז אָנשטעלן, ווײַל מײַן לעבן איז אַזוי שרעקלעך ליידיק (אונטערשטרײַכן דעם אַזוי, הער שריפֿטזעצער, דאַנקען!). דעמאָלט האָבן אַלע געשאָקלט מיט די קעפּ און געזאָגט:

— דער מענטש מאַכט בלויז אַזאַ אָנשטעל!

און קיינער האָט מיר נישט געגלייבט.

# אַן אַנדער סאָרט מענטש

איך בין אַן אַנדער סאָרט מענטש.

איך האָב פֿײַנט שפּאָרן זיך מיט מענטשן, אַפֿילו דאָרטן ווו איך ווייס, אַז איך בין אַבסאָלוט גערעכט און יענער איז דורכויס אומגערעכט.

איך האָב נישט ליב אַרויפֿצוצווינגען מײַן מיינונג אויף אַ מענטשן, אַפֿילו דאָרטן ווו יענער שטייט גײַסטיק נידעריקער פֿון מיר.

איך מעג זיך באַרימען, אַז עס זײַנען געווען פֿאַלן, ווו מענטשן האָבן מיך איינפֿאַך רויִנירט און איך — האָב געשוויגן. געשוויגן און נישט גערעדט אַ וואָרט, נישט געזאָגט אַפֿילו, אַז מ׳דאַרף עס נישט טאָן און ס׳איז נישט קיין יושר.

איכ׳ל ברענגען בײַשפּילן.

אַנומלט בײַ נאַכט כאַפּ איך זיך אויף, דערזע איך, ווי נעבן מײַן בעט שטייט אַן אומבאַקאַנטער גנבֿ, פֿון נידעריקסטן טיפּ, נאָר זייער אַ הויכער און גוט געבויט. שטייט נעבן מײַן בעט מיטן רע־וואָלווער אין האַנט און — הינטער אים שטייט נאָך איינער מיט אַ לאַמטערנדל, אויך אַ פֿרעמדער און אויך זייער אַן אַטלעטישער יונגער מאַן.

— גוטן אָוונט! — זאָג איך — וואָס ווינטשן די דזשענטללײַט?

— מיר ווינטשן אײַך צו באַגנבֿענען! — האָט דער מאָראַליש־געזונקענער גנבֿ געענטפֿערט מער מיטן רעוואָלווער ווי מיט עפּעס אַנדערש.

— און דער יונגער מאַן דאָרטן־אָ, מיטן לאַמטערנדל, וועט אײַך העלפֿן?

— יעס. ער האָט אויך אַ רעוואָלוועד. און טאָמער וועט זײַן נייטיק, שטייט פֿון דרויסן נאָך איינער, אַ באַרימטער מערדער.

טראַכט איך אַ ווײַלע מיט די הענט אין לופֿטן און זאָג:

— דזשענטללײַט, איכ׳ל זיך מיט אײַך נישט שפּאַרן, צי איר זײַט גערעכט, צי איך. איצט איז איבער הויפּט נישט די צײַט פֿאַר פֿרײַנדלעכע דיסקוסיעס. אפֿשר שפּעטער. דערווײַל קען איך אײַך זאָגן, אַז איך וועל זיך מיט אײַך נישט אײַנרײַסן, און אײַך לאָזן גנבֿענען וויפֿל אירווילט, און נישט אַכטנדיק דערויף, וואָס איר זײַט מיר אַבסאָלוט פֿרעמדע, רוף איך צו אײַך אויס: פֿרײַנד, קוקט נישט דערויף, וואָס איך בין אַ ביסל בלאַס און סע ציטערן בײַ מיר די הענט, נעמט וואָס איר קאָנט — איכ׳ל אײַך אַבסאָלוט גאָר נישט זאָגן, איך זאָל אַפֿילו וויסן, אַז איר וועט מיך רויִנירן.

אָט אַזאַ סאָרט מענטשל בין איך מיר!

אַ צווייטער פֿאַל, וואָס באַווײַזט, אויף ווי ווײַט איך בין פֿרײַנד־לעך און נאָכגעביק אַפֿילו צו מײַנע שׂונאים, איז דער פֿאָלגנדיקער: איך האָב זיך געליבט אין אַ מיידל. וואָס הייסט געליבט? געליבט הייסט, אַז איך האָב נאָך איר קראַפּירט. פּשוט אויסגעגאַנגען נאָך איר ווי אַ ליכט. עס האָט געהאַלטן אַזוי ווײַט, אַז איך האָב בײַ זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז באַם, אויב זי וועט מיר אָפּזאָגן די ליבע, וועל איך זיך אַראָפּוואַרפֿן ערגעץ פֿון אַ דאַך, צום שוואַרצן יאָר. אַזוי ווײַט האָט עס געהאַלטן. דאַרף מען שוין מער?

פֿון דעסט וועגן, אַז עס האָט זיך געמאַכט, סע האָט זיך אין איר אײַנגעליבט אַ צווייטער בחור און ער האָט אָנגעהויבן אַרײַנצו־גיין צו איר און איר ברענגען בלומען מיט צוקערקעס, מיט אַלע זאַכן, האָב איך לאַנג נישט געטראַכט, נאָר אים אָפּגעוואַרט נעבן איר הויז און אים אָנגעזאָגט:

— הער נאָר אויס, דו שמויטעפּונע, דו לאָפּאַצאַן, אויב דו וועסט נישט אויפֿהערן אַרויפֿצוגיין צו מײַן מיידל, וועסטו זיך אויס־ריכטן אַ פֿינצטער יאָר, דו פּאָסקודניאַק!

אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און מיך געמאַכט פֿאַר אַ... קאַליקע.

— ע, — טראַכט איך — אַז דו ביסט שוין יאָ אַזאַ היצל, אַזאַ מערדער, האָב איך דיך אין דר׳ערד... וויל איך זיך גאָר נישט באַדערן מיט דיר... — און איך האָב זיך צוריקגעצויגן.

אָט אַזאַ סאָרט מענטשל בין איך מיר!

צי נעמט אַ שטייגער אַזאַ פֿאַל: איך גיי־אַרום אָן אַרבעט און דאַרף אַ שטעלע נייטיק ווי ס׳לעבן. קום איך אָן ערגעץ אין אַ שאָפּ, בײַ מײַן אַרבעט. און אַזוי ווי איך זעץ זיך נאָר אַוועק בײַ דער מאַשין, קומט צו מיר צו אַ יונגער מאַן און מאַכט צו מיר:

— מיסטער, איך בין דער שאָפּ־טשערמאַן [1], און איך בין אײַך מודיע, אַז איר קענט דאָ נישט אַרבעטן, ווײַל איר פֿאַרנעמט ס׳פּלאַץ פֿון אַ יוניאָן־מאַן [2].

זאָג איך: — איך פֿײַף אויף אײַער יוניאָן מיט אײַך אין איינעם.

זאָגט ער: — מיסטער, מיר אַפּעלירן צו אײַך אין נאָמען פֿון מענטשלעכקייט: דער מאַן, אויף וועמענס פּלאַץ איר זײַט אָנגעקומען אַרבעטן, איז אַ טאַטע פֿון זעקס קליינע קינדער און אַ קראַנקער מענטש.

זאָג איך: — נישט איך האָב אים געהייסן זײַן אַזאַ שטאַרקבאַקינדערטער טאַטע און נישט איך בין שולדיק אין דעם, וואָס ער איז קראַנק. פֿון מײַנעט וועגן זאָל ער זײַן געזונט ווי אַ גוי! — און איך אַרבעט מיר ווײַטער.

אָפּגעאַרבעט דעם טאָג, קומט צו מיר צו דער באַלעבאָס און מאַכט צו מיר:

— מיסטער, איר דאַרפֿט זיך נישט מטריח זײַן קומען מאָרגן צו דער אַרבעט... אײַער אַרבעט טויג נישט! איר פֿירט נאָר איבער גוטע פֿאָדעם...

---

[1] דעלעגאַט פֿון די פֿאַבריק־אַרבעטערס. — [2] סינדיקאַט־מיטגליד.

זאָג איך: — ס׳איז דאָך דער ערשטער טאָג... מאָרגן וועט זײַן בעסער — איר׳ט זען!...

מאַכט ער צו מיר: — איך וויל אײַך נישט, און אָט איז... די טיר.

און ער שטופּט מיך אַרויס מיט אַ מין רציחה, אַז מע זאָל נאָר אָפּגעהיטן ווערן!

אַז איך בין שוין געשטאַנען אין דרויסן, האָב איך בײַ זיך געטראַכט: נאָך אַלעמען איז דאָך טאַקע אַ גאָטס רחמנות אויף דעם קראַנקן ייִדן מיט די זעקס קליינע קינדער. לאָז ער בעסער האָבן די שטעלע... מיך וועט דער רוח נישט צונעמען. אַז איך האָב גע־הונגערט אַזוי פֿיל, וועל איך הונגערן נאָך אַ פּאָר טעג. איך קען נישט צוזען, ווי יענער לײַדט.

אָט אַזאַ סאָרט מענטשל בין איך מיר!

## אַ מענטש — אַן איינבערענגער

אַ מענטש אַ באַלעבאַטישער, אַ פֿײַנער, מיט די פֿײַנע פּאָר ברילן, מיט דעם פֿײַנעם נאַטורל, מיט דעם פֿײַנעם אַלצדינג, נאָר אַ ביסל צעשויבערט — פֿון אינעווייניק, פֿון אויסנווייניק. פֿון אויי־סנווייניק — די באָרד, דער קאָפּ האָר, די קליידער. פֿון אינעווייניק — דאָס ביסל געדאַנקען, וואָס ליגן אָנגעשויבערט איינס אויפֿן אַנ־דערן און ער פֿאַלט איבער זיי. אָפּגעבלישטשעטע נשמה־שפּריצן, רעשטלעך פֿון אַלטע האַרץ־פֿײַערן, שטיקלעך אידייען פֿון אַלטע ביכער, שאָטנס פֿון אַלטע ווידערקלאַנגען און אַלצדינג צעשויבערט, צעקנעפּלט, אָפּגעלאָזן, נישט פֿאַרקאָמט.

און הייסן הייסט ער ווי אַזוי — הייסן הייסט ער לייזער־עליע, דעם אַלטן לייזער־עליעס זון — אַ מענטש מיט אײַנפֿאַלן. „פּאַ־טענט"־פֿאָרטלען.

דער יונגער לייזער־עליע האָט אַלערליי שוואַכקייטן — שוואַ־כערע און שטאַרקערע.

איבער הויפּט: ער האָט אַ טבֿע איבּנצוּבּרעננעגען, צו שפּאָרן, און אַ ליבע צו אַלערליי היימיש געמאַכטע זאַכן. כּמעט יעדע זאַך, וואָס געפינט זיך ביי לייזער־עליען אין שטוב, איז געמאַכט מיט דער האַנט, אויסגעשניצט מיט אַ פּען־מעסערל — מער־ווייניקער. אַפילו די קליינע יאַדערדיקע פּרוי זיינע, מיט די צווייִ גלאַנציקע באַקן און פאַרשאַרפטער קליינער נאָז, זעט־אויס ווי זי וואָלט געווען אויסגעשניצט מיט דער האַנט און דערנאָכדעם אָפּגעפּאַליטורט, כּדי זי זאָל גלאַנצן.

דער יונגער לייזער־עליע (דער אַלטער איז שוין טויט אַ שיינע פּאָר חדשים) איז נישט אַזאַ פאַרדינער ווי אַן איינבּרענגער, אַן אָפּ־שפּאָרער. ער האַלט, אַז אַרייננצונעמען אַ דאָלאַר אין שטוב אַרייַן איז קיין קונץ נישט! אַ קונץ, זאָגט ער, צו האַלטן דעם דאָלער אין שטוב און אים נישט אַרויסלאָזן — בשום אופן. אָפּט מאָל קענט איר הערן, ווי לייזער־עליעס מטבע קוקט־אַרויס דורך די גראַטעס פון זיין קעשענע און שרייַט: „גוואַלד, ראַטעוועט מיך! לאָזט מיך אַרויס אין דרויסן, איך דאַרף לופט". אָבער דער יונגער לייזער־עליע (דער אַלטער איז שוין טויט אַ שיינע פּאָר חדשים!) הערט נישט. אַדרבה, יעדעס מאָל, וואָס די יונגע מטבע שטעקט־אַרויס דעם קאָפּ און וויל מע זאָל זי פאַרשווענדן, לייגט ער אַרויף אַ האַנט אויף איר האַרץ, און זי הייבט־אָן פּיבערן און קרעכצן — אַזוי לאַנג, ביז זי דער־וואַרעמט זיך פון זיין בלוט און זי הייבט־אָן שוויצן מיט אַן איי־דעלן זילבערשווייס.

דער יונגער לייזער־עליע (דער אַלטער איז שוין, נעבעך, נישטאָ!) אַרבעט זייער ווייניק און פאַרדינט זייער ווייניק, ווייל אַז ער וועט אַרבעטן און פאַרדינען, וועט ער נישט האָבן קיין צייט זיך אַליין צו האַלטן אין די הענט, וועט ער נישט קאָנען אַכטונג געבן, ער זאָל נישט אויסגעבן קיין איבעריקן סענט.

אַז איך בין צום ערשטן מאָל געווען ביים יונגן לייזער־עליע

(דער אַלטער לעבט שוין נישט!), האָב איך אים געטראָפֿן, ווי ער איז געווען פֿאַרנומען מיט עפּעס אַ קעסטל, אין וועלכן עס האָט זיך געפֿונען אַלערליי געצײַג: זעגן, מעסערס, דלאָטן, הובלען, שרויפֿן־ציִערס אַאַז״וו.

— גוט־מאָרגן, לייזער־עליע!

— גוט־מאָרגן, אַזוי־און־אַזוי.

— וואָס טוט איר, לייזער־עליע?

— דהײַנו?

— הערט איר דאָך... — מאַכט ער — ס׳איז מיר קאַליע געוואָרן, ווי זאָגט איר, אַ שליסעלע. דאַרף קאָסטן אפֿשר פֿופֿצן סענט עס צו פֿאַרריכטן. וועל איך דאָך נישט גיין אַרויסוואַרפֿן קיין פֿופֿצן, ווי זאָגט איר, סענט אויף אַ, ווי זאָגט איר, שליסעלע. האָב איך מיר געקויפֿט אַ קעסטל מיט, ווי זאָגט איר, געצײַג פֿאַר פֿינף און פֿערציק, ווי זאָגט איר, טאָלער און איך פֿאַרריכט מיר אַליין, ווי זאָגט איר, דאָס שליסעלע.

— אָבער עס איז דאָך אַ משוגעת!

— אַוודאי, וואָדען האָט איר געוואָלט? איך זאָל נעמען, ווי זאָגט איר, און אַרויסוואַרפֿן פֿופֿצן, ווי זאָגט איר, סענט, ווי אין בלאָטע אַרײַן, פֿאַר גאָר נישט? — ער.

— אָבער אַזוי קאָסט דאָך אַ סך טײַערער! — איך.

— פֿאַר וואָס קאָסט מיך טײַערער? ס׳געצײַג קען מיר געדויערן, ווי זאָגט איר, אייביק, און מ׳קאָן מיט זיי פֿאַרריכטן אפֿשר דרײַ מיליאָן, ווי זאָגט איר, שליסעלעך! — ער.

אַז די קליינע פֿרוי זײַנע האָט דערהערט מײַנע רייד, איז זי אַרויסגעפֿאַלן מיט בײדע פֿאָדערשטע אויגן אויפֿן אַרבל פֿון מײַן נײַעם אויבעררעק, זיך צעווײנט, און מיר דערציילט, אַז, וואָס זאָל זי טאָן מיט איר משוגענעם מאַן? און גוואַלד, וואָס טוט מען? און וואָס טוט מע־ען? נאָר ער קויפֿט געצײַג, און נאָר ער שפּאָרט־אײַן געלט, און ער שטעלט זי מיט דעם בדלות — שטעלט ער זי. דאָס ביסל, וואָס זי פֿאַרדינט בײַ איר אַרבעט, גייט־אַרײַן אין אַלערליי

מאַשינען, געצײַג, מאַטאָרן, וואָס ער קויפֿט, כּדי אײַנצושפּאָרן עט־לעכע גראָשן.

— דערציילט! דערציילט, מאַדאַם! — איך.

— אוי, ער רויִנירט אונדז, דער משוגענער! — זי.

— קאָנט איר דאָך אים זאָגן! — איך.

— אַז איך זאָג אים, טענהט ער, אַז ער מוז אײַנבערענגען. אָט נעכטן, למשל, האָט ער אַראָפּגעבראַכט אָט יענע ריזיקע מאַשין, וואָס שטייט דאָרט אין ווינקל, איר זעט? — זי.

איך האָב אַ קוק געטאָן און דערזען עפּעס אַ ווילדע מאַשין מיט רעדער און אַלערליי קונציקע זאַכן.

— דאָס איז, זאָגט זי, אַ מאַשין אויף אַרײַנצוברענגען צוריק דעם אויסגעקנאַקטן קנאַק אין אַ פֿלעשל סאָדע־וואַסער. צו מאַכן אַזאַ גאַז — זאָגט זי — און די קײַלעכדיקע זעגן אָט דאָרטן זעט איר?

— יאָ.

— דאָס איז אַ מאַשין אויף צו שנײַדן די פּרײַזן פֿון לעבנס־מיטלען. אָבער דאָס איז אַלץ גאָר נישט. דער עיקר גייט בײַ אים אָוועק אויף צו זײַן אַ גוטער באַלעבאָס, נישט קיין אויסברענגער. אָט, צום בײַשפּיל, איז בײַ אונדז נעכטן צעבראָכן געוואָרן אַ בענקל, וואָס האָט אין די גוטע יאָרן געהאָט די ווערט אפֿשר פֿינף און נײַנ־ציק סענט. וואָס, מיינט איר, האָט מײַן לייזער־עליע געטאָן?

— עס אַרויסגעוואָרפֿן! — האָט איך גענביאט.

— ווייס איך, וואָס איר רעדט! ער האָט געקויפֿט פֿאַר פֿיר טאָלער אַ הובל, פֿאַר אַנדערטהאַלבן טאָלער אַ האַק, פֿאַר זעכציק סענט אַ ברעט, און ער האָט זיך גענומען אַליין מײַסטרעווען אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער האָט צעבראָכן די האַק. איז ער אַוועק און האָט געקויפֿט אָט יענע מאַשין אויף צו פֿיקסן [1] העק. אָט ליגט זי דאָרטן

---

[1] פֿאַרריכטן.

אונטערן בעט. געקאָסט צוויי און פֿערציק טאָלער! נו — מאַכט זי — קאָן מען לעבן?

בעת איך בין אַזוי געשטאַנען און גערעדט מיט לייזער־עליעס פֿרוי, האָט זיך דערוויַיל דערהערט אַ שטאַרקער קנאַק, ווי פֿון אַ געפּלאַצטן דאַמפּקעסל.

— דאָס איז מײַן לייזער־עליעס אַ מאַשין אויף צו פּיקסן געפּלאַצטע מאַשינען... — האָט די מאַדאַם ל. געזאָגט — איצט וועט מען שוין דאַרפֿן קויפֿן אַ נײַע מאַשין.

— איז דאָך די מעשׂה אָן אַ סוף! — מאַך איך צו איר.

— פֿרעגט שוין גאָר נישט! — מאַכט זי מיט אַ זיפֿץ — מיר זײַנען פֿאַרלוירן אויף אייביק! זײַן אײַנבערענגערײַ נעמט בײַ אונדז צו דעם לעצטן סענט, וואָס איך פֿאַרדין, און אַלץ דערפֿאַר, וואָס ער איז נישט קיין פֿאַרשווענדער. אָט נעכטן, צום בײַשפּיל, האָט ער געקויפֿט אַ מאַשין אויף צו מאַכן טשוועקעס. ער קאָן, זאָגט ער, נישט באַהויפּטן צו צאָלן אַ סענט פֿאַר אַ טוץ טשוועקעס. ס׳איז, זאָגט ער, ערגער ווי רויבערײַ.

— און וויפֿל קאָסט אים די מאַשין אויף צו מאַכן די טשוועקעס?

— קנאַפּע דרײַ הונדערט טאָלער — מאַכט זי — אָבער עס אַרבעט נישט! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז איך האָב געהאַלטן בײַם אַרויסגיין פֿון לייזער־עליעס שטוב, האָב איך אָנגענומען דאָס הענטל פֿון טיר און ס׳איז מיר געבליבן אין האַנט.

דאָס איז אויך מײַן מאַנס אַרבעט! — האָט געזאָגט די מאַדאַם ל. מיט אַ ביטער געלעכטער — איך האָב אים געהייסן אַרײַנרופֿן אַ סטאָליער און עס לאָזן פֿאַרריכטן, האָט ער נישט געוואָלט. האָט ער אַליין געאַרבעט דערבײַ אַנדערטהאַלבן טעג און ער האָט צעבראָכן די טיר.

— איך בעט אײַך, ליבער פֿרײַנד — האָט זי מיר געדריקט די

האַנט — גיט עפּעס אַן עצה, ווי אַזוי צו מאַכן, מײַן מאַן ער זאָל נישט זײַן אַזאַ אײַנברעכער — ער וועט אונדז, חלילה, טרײַבן צו בעטלברויט!

אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין שום עצה, האָב איך מיט־גענומען דאָס הענטל פֿון טיר און בין אַוועק.

## מיין ערשטער דעפּאָזיט

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, ווי אַזוי סע איז מיר גאָר אײַנגעפֿאַלן אַזאַ געדאַנק צו נעמען מײַנע בלוטיקע געלטער און זיי אַנטרויען אַ באַנק! אָבער עס איז געשען. מוצאי־חנוכּה פֿון הײַנ־טיקן יאָר האָב איך גענומען מײַנע שווער פֿאַרהאָרעוועטע געלטער — מײַנע צוואַנציק דאָלער — און זיי אַוועקגעטראָגן אין באַנק אַרײַן, און אָנשטאָט געלט — לעבעדיק געלט, וואָס מען קען מיט דעם קויפֿן וואָס מען וויל, האָב איך געקראָגן עפּעס אַ גרין ביכעלע, צונויפֿגעלייגט אין אַ געל קאָנווערטל, און — דאָס אַלץ.

אַזוי גיך ווי איך האָב געקראָגן ס׳ביכעלע, האָב איך אַ קוק גע־טאָן אינעווייניק און... ס׳איז מיר פֿאַרקילט געוואָרן ווו איך האָב געהאַט אַ טראָפּן בלוט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין געשריפֿטס? און ווי אַזוי וועט ער עס קענען איבערלייענען? און פֿון וואַנען ווייסט ער, אַז סע מאַכט צוואַנציק?... „איי!" — האָב איך געטראַכט — „עפּעס געפֿעלט מיר נישט דער גאַנצער עסק!"... און איך בין צו־געלאָפֿן צום פֿענצטערל, אַוועקגעשטופּט דעם ייִדן, וואָס איז גע־שטאַנען אין ריי און אַרײַנגעשריגן צו דעם בחורל דאָרטן אינעווייי־ניק. „היי!", האָב איך אים אַרײַנגעשריגן, „איך האָב אײַך אָקערשט אַוועקגעגעבן צוואַנציק דאָלער!"

— וואָס זשע ווילט איר? — מאַכט צו מיר דאָס קאַסירערל און פֿאַרשניצט זיך אַ בלײַפֿעדער.

— איך וויל, אַז דו זאָלסט נישט זײַן אַזאַ עזות־פּנים! — זאָג

איך — אַז נישט, כאַפּסטו אַ פּלעם איבער די פּיסקעס, אַז דער גוטער־יאָר וועט דיך צונעמען.

מאַכט ער צו מיר: — מיסטער, וואָס ווילט איר? איך האָב אײַך געגעבן אַ ביכל? — דאַצאַל[1]!

— אָ, ניין! — זאָג איך — איך וויל מיט דיר מער נישט ריידן, דו, בלוטזויגער — זאָג איך — וואָס דו ביסט. איך זע שוין — זאָג איך — אַז איך בין אַרײַנגעפּאַלן אין די ריכטיקע הענט. גיב מיר צוריק — זאָג איך — ס׳געלט און לאָמיר — זאָג איך — זײַן אויס מחותּנים.

מאַכט ער צו מיר: צימפּאָסיבל[2]!

זאָג איך: — איכ׳ל דיר באַלד געבן אַ צימפּאָסיבל, אַז דער גוטער־יאָר וועט דיך צונעמען, שווינדלער — זאָג איך — וואָס דו ביסט. מיט מיר — זאָג איך — וועסטו נישט מאַכן אַזעלכע שטיק. גיב אַהער די געלטער, זאָג איך — אײדער — זאָג איך — איך רוף פּאָליציי און אײדער — זאָג איך — איך שרײַ געוואַלד. גע־וואַ־לד! — צעשרײַ איך זיך אויפן קול — גע־וואַ־לד!

דערהערט, אַז איך שרײַ גוואַלד, איז ער שוין געוואָרן אַ ביסל ווייכער, דער בחור, און מיר גענומען געבן צו פֿאַרשטיין, אַז איצט קאָן ער מיר נישט צוריקגעבן ס׳געלט, אַז איך מוז וואַרטן צוויי וואָכן. ס׳אַ געזעץ אַזאַ.

זאָג איך: — אויב אַזוי, טאָ לייענט זשע מיר איבער, וואָס איר האָט אַרײַנגעשריבן אין ביכעלע. לאָמיך זען — זאָג איך — צי איך ווייסט, וואָס איר האָט דאָרטן אַרײַנגעשריבן. עפּעס — זאָג איך — האָט איר עס מיר געמאַכט צו שנעל. עס גלייבט זיך מיר נישט — זאָג איך — אַז מ׳זאָל אַזוי גיך קאָנען פֿאַרשרײַבן אַזוי פֿיל געלט.

נעמט ער בײַ מיר צו ס׳ביכעלע און לייענט־איבער, צוואַנציק טאָלער.

זאָג איך: — אָלרײַט. געדענקט זשע! ס׳איז צוואַנציק טאָלער!

---

[1] דאָס איז אַלץ. — [2] ס׳איז אוממעגלעך.

און זאָלן די ייִדן — זאָג איך — וואָס שטייען נעבן פֿענצטערל זײַן עדות. ייִדן — זאָג איך — זײַט עדות, אַז איך האָב דאָ אין באַנק צוויי קנאַקעדיקע צענערלעך!

און איך גיי אַהיים מיטן ביכעלע.

מילא, פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון שלאָפֿן איז שוין געווען אָפּגעַרעדט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז רויבערס זײַנען באַפֿאַלן די באַנק און מ׳האָט אויסגערויבט ווי אַ פּעני. עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט האָב איך זיך אויפֿגעוועקט און געשריגן גוואַלד, און אַז סע איז געוואָרן טאָג, האָב איך די ערשטע זאַך געכאַפּט דעם אויטאָ און אַוועקגעלאָפֿן צו דער באַנק.

זי איז געווען גאַנץ, נישט אויסגערויבט. אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פֿון האַרץ.

נאָר אַזוי ווי איך בין אַזוי געשטאַנען בײַ דער באַנק און באַטראַכט דעם פֿענצטער, איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אַז די גראַטעס זײַנען צו שוואַך און אַז מ׳דאַרף האָבן נײַע גראַטעס.

בין איך שוין אַזוי געשטאַנען מיטן לאָנטשקעסטל[3] אין האַנט און געוואַרט ביז דער פּרעזידענט פֿון באַנק וועט אָנקומען.

אַז דער פּרעזידענט איז אָנגעקומען, האָב איך אים פֿאַרנומען אין אַ זײַט, אַז ער מוז האָבן נײַע גראַטעס פֿאַר דער באַנק און נאָך מײַן מיינונג — זאָג איך — איז די גאַנצע געבײַדע אַ שוואַכע און מען דאַרף זי איבערבויען. מען דאַרף זען — זאָג איך — אַז די גאַנצע געבײַדע זאָל זײַן פֿון סאַמע מירמלשטיין, ווײַל מירמלשטיין — זאָג איך — איז האַרט.

מאַכט ער צו מיר: — אָלרײַט. איך דאַנק אײַך פֿאַר די עצה.

זאָג איך: — געדענקט זשע, למען השם! אַ נײַע געבײַדע פֿון מירמלשטיין! און נײַע גראַטעס... און סע זאָל זײַן — זאָג איך — גוט באַוואָרנט... איך בין עקסטרע — זאָג איך — געקומען צו לויפֿן

[3] קעסטל צו האַלטן צובײַסנס.

פֿון בראַנזוויל... ווײַל סע האָט זיך מיר — זאָג איך — געחלומט אַז מ׳האָט אונדז באַגנבֿעט...

און איך לויף אַוועק צו דער אַרבעט.

פֿאַר נאַכט, אַז איך דאַרף אַהיימפֿאָרן, טראַכט איך: — איכ׳ל פֿאַרבײַגיין די באַנק, זען וואָס סע הערט זיך. מ׳קען קיין מאָל נישט וויסן — טראַכט איך — ווי אַזוי אַ זאַך מאַכט זיך. ס׳אַמעריקע! — טראַכט איך.

איך קום אַזוי צו צו דער באַנק און איך גיב אַ קוק, זע איך: עפּעס אַ ייִד פֿליט־אַרויס פֿון באַנק און — הייבט־אָן לויפֿן.

הייב איך אָן שרײַען גוואַלד! און — איך לויף אים נאָך... אַזוי לאַנג ביז וואַנען אַ פּאָליציאַנט האָט אים אָפּגעשטעלט. און וואָס, מיינט איר, האָט זיך אַרויסגעוויזן? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ייִד איז אָנגעשטעלט אין באַנק און אַז ער איז געלאָפֿן כאַפּן אַ טראַמוויי, ווײַל דאָס ווײַב גייט אים צו קינד מיט אַ מיידעלע.

האָב איך מיך אַ קאַפּעלע פֿאַרשעמט און אַהיימגעפֿאָרן.

אָבער שלאָפֿן האָב איך ווידער נישט געקענט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר אַלץ אויסגעדאַכט, אַז דאָס קאָ־סירערל, וואָס האָט מיר געגעבן ס׳ביכל, האַלט אין דער האַנט אַ זעקל מיט געלט און לויפֿט. און איך נאָך אים... און איך האָב ווי־דער עטלעכע מאָל געשריגן גוואַלד פֿון שלאָף און געוואָרפֿן מיט די הענט, און שיִער דערהרגעט דאָס קינד...

צו מאָרגנס גאַנץ פֿרי בין איך אַוועק צו אַ לאַנדסמאַן, וואָס וווינט גראָד אַנטקעגן דער באַנק, און איך האָב אים צוגעזאָגט דרײַ־סיק פּראָצענט פֿון דעם פּאַרלוסט, אַבי ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף דער באַנק און ער זאָל זי וואַטשן[4]. „וואַטש!״ — האָב איך אים גע־בעטן — „זיץ און וואַטש! לאָז נישט אַראָפּ — זאָג איך — אַן אויג פֿון דער באַנק, און אַזוי גיך — זאָג איך — ווי גאָט וועט מיר העלפֿן און די צוויי וואָכן וועלן בשלום אַריבער, איז כאַפּ איך גלײַך

---

[4] אָפּהיטן.

אַרויס — זאָג איך — די צוואַנציק טאָלער און לאָזן זיך — זאָג איך —אָנצינדן אַלע בענק. מער — זאָג איך — טרעט איך דאָרט נישט אַריבער די שוועל!״

דערווײַל גייען־אַוועק נאָך צוויי טעג. לייען איך אין די צײַטונ־גען, אַז מ׳האָט באַגנבֿעט אַ באַנק, ערגעץ אין די בראָנקס. לויף איך אַוועק צום פּרעזידענט פֿון מײַן באַנק און זאָג אים:

— ס׳איז ביטער!

מאַכט ער צו מיר: — וואָס איז דער מער?

זאָג איך: — מע גנבֿעט!

זאָגט ער: — בײַ מיר וועט מען נישט גנבֿענען! מײַן באַנק איז באַוואָרנט.

זאָג איך: — נו, און וואָס טוט איר, למשל, אַז אײַער קאַסי־רערל כאַפּט־צו ס׳געלט און אַנטלויפֿט?

זאָגט ער: — מיסטער, איר ווייסט נישט וואָס איר רעדט!

זאָג איך: — נו, מילא... ווייס איך נישט וואָס איך רייד... ס׳איז מיר נישט געלעגן... אָבער נײַע גראַטעס האָט איר געמאַכט?..

זאָגט ער: — ניין.

זאָג איך: — נו, און די געבײַדע האָט איר איבערגעבויט, צי אויך נישט?

מאַכט ער: — ביטע, הערט אויף צו באַדערן[5].

זאָג איך: — אויב איר האָט נישט געמאַכט קיין נײַע גראַטעס און די געבײַדע האָט איר אויך נישט איבערגעבויט, און דאָס שיינע קאַסירערל אײַערס האָט איר נישט אָפּגעשאַפֿט, טאָ גיט זשע מיר אַהער — זאָג איך — די געלטער!

זאָגט ער: — איר מוזט וואַרטן ביז וואַנען עס וועט זײַן פֿולע צוויי וואָכן.

זאָג איך: — אָלרײַט. איכ׳ל וואַרטן. אָבער ווייסט איר ווו איכ׳ל וואַרטן? אָט דאָ אין דרויסן, פֿאַר דער באַנק וועל איך וואַרטן. איר

---

[5] דרייען אַ קאָפּ.

ווער בײַ מיר — זאָג איך — קײַען די ערד און קיין סאַטיספֿאַקציע — זאָג איך — וועט איר בײַ מיר נישט אויספֿירן. איך זאָל אַפֿילו וויסן, אַז מײַנע קינדער וועלן בלײַבן אָן אַ טאַטן, וועל איך מיך נישט רירן פֿון דרויסן, ביז וואַנען איכ׳ל נישט האָבן צוריק דאָס געלט. איכ׳ל נישט איבערלאָזן — זאָג איך — די באַנק אויף הפֿקר. איך — זאָג איך — וועל וואַטשן און מײַן לאַנדסמאַן, וואָס ווינט קעגנאיבער, וועט וואַטשן... ס׳עט זיך — זאָג איך — טאָן חושך! אָט אַזאַ מין ייִד בין איך!... איכ׳ל דאָ שטיין אין דרויסן — זאָג איך — אין די גרעסטע פֿרעסט, און לאָמיך זען — זאָג איך — טוט מיר עפּעס!

מאַכט ער צו מיר: — איר זײַנט אַ מאָדנער מענטש, קומט־אַראָפּ מיט מיר אונטן אין באַנק, וועל איך אײַך הייסן אויסצאָלן — זאָגט ער — אײַערע 20 דאָלער.

זאָג איך: — ניין! אַזעלכע מאָנקי־ביזנעס [6] גייען בײַ מיר נישט און ווײַל — זאָג איך — איר ווילט מיר צוריקגעבן ס׳געלט, וויל איך עס דווקא נישט נעמען. איר קענט מיך — זאָג איך — נישט צווינגען דערצו...

זאָגט ער: — אָלרײַט, נעמט נישט אַרויס ס׳געלט.

זאָג איך: — נעווערמיין [7], „נעמט נישט אַרויס ס׳געלט". אַז איכ׳ל וועלן, וועל איך אַרויסנעמען.

זאָגט ער: — ביטע, גייט־אַרויס און הערט אויף נודיען!

זאָג איך: — אָלרײַט, איך גיי, אָבער איכ׳ל שטיין אין דרויסן. אין די גרעסטע פֿרעסט וועל איך שטיין אין דרויסן און וואַטשן מײַנע געלטער. און מײַן אומשולדיק בלוט — זאָג איך — און דאָס בלוט פֿון מײַנע אומשולדיקע יתומים וועט פֿאַלן — זאָג איך — אויף אײַערע קעפּ. באַנדיט, — זאָג איך — וואָס איר זײַט! די עלעקטרישע שטול — זאָג איך — איז פֿאַר אײַך ווייניק... היצל [8]! מערדער! געוואַל־ל־ד!

---

[6] קונקל־מונקל, זאַכן וואָס פּאַסן פֿאַר דרייקעפּ, בלאָפֿערס, שווינדלערס. — [7] קיין מאָל נישט! — [8] הינטערכאַפּער!

און איך נעם שרייַען מיט אַלע כּוחות.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט מיר אָפּגעגעבן די צוואַנציק דאָלער און, אַהיימגייענדיק פֿון באַנק, האָט מען זיי ביַי מיר אַרויס־געגנבֿעט פֿון קעשענע...

און פֿון דעמאָלט אָן (אַזוי ענדיקט דער ייִד וואָס דערציילט די דאָזיקע געשיכטע), פֿון דעמאָלט אָן האָב איך זיך געגעבן אַ שבֿועה, אַז מיַין פֿוס זאָל נישט אַריבערטרעטן די שוועל פֿון אַ באַנק. ס׳איז רעגעלע באַנדיטן, איז דאָס! קעשענע־גנבֿים! לאָזן זיי זיך אָנצינדן!

## גיב אים פינפערלעך!

אויסגעפּוצט אין די שענסטע מלבושים, מיטביידע הענט אויף דער רעכטער קעשענע, איז מיסטער באַלאַמוט, דער קאַסטומער־שניַידער [1], אַוועק דעפּאָזיטירן זיַינע ערשטע פֿינף און זעכציק דאָ־לער.

— ווו איז דער פּרעזידענט? — האָט ער מיט אַ וואָזשנעם טאָן אַ פֿרעג געטאָן ביַים ספּעציעלן פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען ביַי דער טיר — איך וויל דעפּאָזיטירן מיַינע געלטער.

דער ספּעציעלער פּאָליציאַנט האָט אים מיט גרויס כּבֿוד אַרויפֿ־געפֿירט אויפֿן ערשטן שטאָק צום פּרעזידענט.

— דער דזשענטלמאַן וויל דעפּאָזיטירן זיַין געלט אין אונדזער באַנק! — האָט דער ספּעציעלער פּאָליציאַנט פֿאָרגעשטעלט באַלאַ־מוטן פֿאַרן פּרעזידענט פֿון דער באַנק.

—עס פֿרייט מיך זייער איַיך צו קענען! — האָט דער פּרעזי־דענט אים באַגריסט און האָט געפֿרעגט — אַלזוי, וויפֿל?

— פֿינף און זעכציק! — האָט באַלאַמוט געענטפֿערט שטאָלץ.

[1] פֿאַר פּריוואַטע קליענטן, אויף באַשטעלונג.

— פינף און זעכציק טויזנט? — האָט דער פּרעזידענט אי־בערגעפרעגט.

— וואָסערע טויזנטער! — האָט באַלאַמוט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן — ביי דער לויזיקער שניידעריי האָט איר געוואָלט, איך זאָל מאַכן טויזנטער? מע מאַכט היינט מיט די זייטן, מיסטער!

— טאָ וויפל? — האָט שוין דער פּרעזידענט געפרעגט אומגע־דולדיק.

— פינף און זעכציק קאַרבאַטשעס ווי די רעדער.

— דזשים! — האָט דער פּרעזידענט אַ רוף געטאָן אַ קאַדעט — פיר־אַרונטער דעם דזשענטלמאַן אונטן. ער וויל מאַכן אַ דעפּאָזיט.

דזשים האָט אָנגענומען דעם קאָסטומער־שניידער פאַר אַן אַרבל און אים איבערגעגעבן צוריק צום ספּעציעלן פּאָליציאַנט.

— מיסטער מענעדזשער! דער דזשענטלמען וויל דעפּאָזיטירן זיינע געלטער — האָט דער „ספּעשל" איבערגעגעבן די ידיעה ווייטער.

דער מענעדזשער, אַ יונגער מענטש, מיט גלאַנציק־שוואַרצע האָר און וואָנצעס, האָט זיך באַלד באַוויזן.

— ווו איז דער דזשענטלמען, וואָס וויל דעפּאָזיטירן זיינע געל־טער? — האָט ער געפרעגט אַרויסקומענדיק פון אונטער די גראַט־קעס מיט אַ בלייפעדער הינטערן אויער.

— אָט בין איך! — האָט באַלאַמוט אויפגעהויבן די האַנט.

— וויפל?

— פינף און זעכציק.

— הונדערט?

—וואָסערע הונדערט? ביי דער לויזיקער שניידעריי קען מען מאַכן מיט די זייטן, נישט קיין הונדערטער.

— טאָ וויפל?

— פינף און זעכציק קאַרבאַטשעס ווי די רעדער!

— מיסטער רודערמאַן! — האָט דער מענעדזשער אַ רוף גע־טאָן צום באַאַמטן — דער מאַן וויל דעפּאָזיטירן זיינע געלטער —

און צו באַלאַמוטן האָט ער געזאָגט — גייט־צו, זײַט מוחל, צו יענעם פֿענצטערל, וועט מען בײַ אײַך צונעמען דאָס געלט.

— וויפֿל? — האָט געפֿרעגט דער באַאַמטער.

— פֿינף און זעכציק דאָלער ווי די רעדער!... בײַ דער לויזי־קער שנײַדערײַ קען מען מאַכן מיט די זײַטן, נישט קיין טויזנטער!

— האָט ער אָפּגעזאָגט אַלצדינג מיט אַ מאָל.

דער אָנגעשטעלטער האָט מיט אַ שמייכל אַרויסגענומען אַ קאַרטל, אויפֿגעצייכנט אַלע נייטיקע זאַכן און האָט געבעטן באַלאַ־מוטן אונטערשרײַבן.

— נישט געטראָפֿן דעם קונה! — האָט באַלאַמוט געזאָגט, צו־ריקווײַזנדיק דאָס קאַרטל — מיר פֿאַרשטייען די טריקס.

— וואָסערע טריקס?

— אָט די טריקס מיט דעם אונטערשרײַבן.

—אָבער איז מוזט אונטערשרײַבן. ס׳איז אַזאַ געזעץ בײַ אונדז!

—נעווערמיין געזעץ! — מיר האָבן שוין געזען גרעסערע גע־זעצן!

— אָבער, מיסטער, מיר האָבן נישט קיין צײַט זיך צו באַדערן. איר ווילט אונטערשרײַבן צי ניין?

— איכ׳ל אונטערשרײַבן, אָבער נאָר מיט איין האַנט!

— אָלרײַט!

— ווי אַזוי ספּעלט[2] איר מײַן נאָמען?

— פֿון וואַנען זאָל איך וויסן, ווי אַזוי איר ספּעלט אײַער נאָ־מען?

— אויב אַזוי — מאַכט באַלאַמוט — זײַט איר דאָך טאַקע אַ שווינדלער!

— מיסטער, באַהערשט זיך אַ ביסל!

— נעווערמיין בעהייוון! מיר האָבן שוין געזען גרעסערע קנאַ־קערס!

---

[2] לייגט־אויס.

— מיסטער, איר ווילט דעפּאָזיטירן דאָס געלט צי ניין?

— אָט וועל איך זיך טאַקע כאַפּן און אײַך אָנגעטרויען מײַנע געלטער!

— טאָ געטרויט נישט! ווער הייסט אײַך?

— נעווערמיין, ווער הייסט אײַך! פֿאַר מײַנע געלטער בין איך גלײַך מיט אַלע!

— טאָ דעפּאָזיטירט!

— וויפֿל?

— וויפֿל איר ווילט!

— זעכציק וועט זײַן גענוג?

— אַפֿילו פֿערציק!

— אפֿשר דרײַסיק?

— לאָז זײַן צוואַנציק!

— צען וועט איר נישט נעמען?

— גיט אַהער צען!

— נאָט אײַך פֿינף!

— לאָז זײַן פֿינף!

— איר ווילט טאַקע? קוק אים אָן! — איז באַלאָמוט אַרויס פֿון די כּלים — גיב אים געלט, דעם ראָצער[3]! פֿאַר וואָס קומט דיר געלט? פֿאַר וואָס?

— מיסטער, גייט־אַרויס פֿון דאַנען און באַליידיקט נישט קיין מענטשן!

— שאַראַפּ[4]! רייד נאָר אַ וואָרט, קריגסטו אַ פּלעם איבערן פּרעסער!...

און בײַ די דאָזיקע ווערטער איז ער אַרויס בורטשענדיק:

— האָסטו געזען אַזוינס! גיב אים פֿינפֿערלעך, גיב אים!

---

[3] סמאַרקאַטש! — [4] הער־אויף!

# אַ יידישע טבע

מײַנער אַ לאַנדסמאַן דערציילט:

איך האָב געעפּנט אַ קענדי־סטאָר [1] אויף ריווינגטאָן סטריט. ווו האָב איך גענומען געלט? — זאָלסטו נישט פֿרעגן. איך האָב גענומען געלט דאָרט ווו אַלע יידן נעמען: בײַ גאָט. איך האָב געשפּאָרט פֿון דעם, פֿון יענעם. אַ ביסל פֿון קליידונג, אַ ביסל פֿון שוכונג, אַ ביסל, ווי זאָגסטו, פֿון מויל, ביז איך האָב צונויפֿגעשלעפּט עטלעכע הונדערט דאָלער און געעפּנט די סטאָרקע.

במילא, דאַרף איך דיר דאָך נישט דערציילן, ווי איך האָב זיך געפֿילט, אַז איך בין אין אַ מזלדיקער שעה אַרויס פֿון שאַפּ [2]! איך האָב געפֿילט, ווי איינער וואָס מע לאָזט אים אַרויס פֿון עפּעס אַ שרעקלעכער תּפֿיסה. איך האָב געפֿילט, אַז איך הייב־אָן לעבן גאָר אויף ס׳נײַ. די שיינע קראַנקייט וואָס איז מיר געקומען פֿון שאַפּ, האָט מיך איצט אָפּגעלאָזן. דער הוסט האָט אויפֿגעהערט מוטשען — עפּעס ווי דערשראָקן זיך פֿאַר דער שיינער סטאָרקע, די ליכטיקע לאָמפּן און די בלאַנקענדיקע מאַשינדלעך, וואָס מישן די „מאָלטער־מילק“ [3]... און די גרויסע סלאָיעס מיט פֿרוכט־אײַנגעמאַכטס און די ריין אויסגעפּוצטע „שאָוקייסעס“ [4]...

קורץ, איך בין געוואָרן אַ נײַער מענטש — אַ פֿרײַער, אַ לעבעדיקער, אַ זעלבשטענדיקער. אויס שאַפּ, אויס באָס, אויס פֿאָרמאַן [5] — ווער איז צו מיר גלײַך, איך בעט דיך? האַ?

אַז ס׳איז אַוועק עטלעכע טעג און די ביזנעס האָבן זיך אײַנגעשטעלט און איך האָב אָנגעהויבן לייזן פֿאַר טרוקענע סחורה אַזוי געשמאַק, רוף איך זיך אָן צו מײַן פֿרוי: שׂרה, עס גייט, דאַנקען גאָט, אויף אַ דרך! ווועסט זען, זאָג איך, שׂרה בראַט, אַז מיר וועלן

[1] קלייטל פֿון נאַשוואַרג. — [2] פֿאַבריק. — [3] מאַלצמילך. — [4] וויטרינעס.

זיך דאָ אם־ירצה־השם, מיט גאָטס הילף, אַרויפֿאַרבעטן! די סטאָר־קע, זאָג איך, איז קיין עין־הרע נישט, אַ גאָלדענע סטאָרקע, און ווערדליק, זאָג איך, אַן אָנפֿאַנג, איז דאָס ביסל גאָר ניט שלעכט — אָבער גאָר ניט שלעכט! זאָג איך.

זאָג איך אַזוי צו איר, און מיר קוועלן ווי די קינדער און מיר שפּיגלען זיך אין דער סטאָרקע ווי עפּעס אַן אבֿן־טובֿ. עפּעס אַ קלייניקייט: דאָס ערשטע מאָל אויף מײַן לעבן, וואָס איך עס אַ שטיקל ברויט, וואָס איז נישט באַשפּיגן פֿון קיינעם.

איז דאָך אָבער, ווי זאָגסטו, פֿאַראַן אַ ייִדיש פֿאָלק אויף דער וועלט. יאַוועט זיך צו מיר עפּעס מיט אַ מזל אַ ייִד מיט אַ שאַרף פֿאַרשפּיצט בערדל, שאַרפֿע אויגן, אַ שאַרפֿן קאָפּ און... פֿול מיט עצות ווי אַ מילגרוים מיט קערלעך.

קומט־אַרײַן, קויפֿט אַ באַקסל ציגאַרעטלעך מיט שוועבעלעך און פֿאַרפֿירט מיט מיר אַ שמועס וועגן סטאָר — וויפֿל האָב איך פֿאַר איר באַצאָלט, און וויפֿל נעם איך אײַן אַ טאָג, און וואָס פֿאַר אַ מין לײַזעכץ איז בײַ מיר און אַזוי ווײַטער.

מיין איך, אַז ס׳איז מסתמא עפּעס אַן אַגענטל, זאָג איך דעם אמת וועגן אַלצדינג.

הערט ער מיך גאַנץ פֿײַן אויס, קנייטשט אַלץ בעת מעשׂה מיט אַן אייגל, און דערנאָך רופֿט ער זיך אָן צו מיר מיט אַ טאָן פֿון איינעם, וואָס מע איז אים שולדיק אַ סך געלט און מ׳גיט עס אים נישט אָפּ:

— איך גיב אײַך העכסטנס אַ מאָנאַט צײַט אָנצוהאַלטן די סטאָרקע!

— און דערנאָך? — פֿרעג איך דערשטוינט איבער זײַן טאָן.

— דערנאָך — זאָגט ער — וועט איר מוזן אַרויס פֿון ביזנעס, וואָרעם דער סטאָר — מאַכט ער — וועט זיך נישט באַצאָלן. גודבײַ!

און ער גייט־אַוועק.

בלײַב איך שטיין און הייב־אָן טראַכטן: וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין ייִד וואָס זאָגט נבֿיאות. און למאַי זאָל איך מוזן אויפֿגעבן די

ביזנעס, אַז די ביזנעס גייען־אָן קיין עין־הרע פֿײַן ווי גאָלד? נאָר פֿון דעסט וועגן הייבט שוין אָן שרעקן ס׳האַרץ, ווער ווייסט? מסתּמא איז דאָך עפּעס פֿאַראַן דערבײַ! אַ מענטש וועט דאָך נישט גיין גלאַט מיר מאַכן אַ שווער האַרץ, בפֿרט, אַז איך קען נישט דעם ייִד און ווייס נישט ווער ער איז!

מילא, בקיצור: עס איז אַוועק אַ חודש צײַט און די ביזנעס האָבן זיך קיין עין־הרע פֿײַן אַוועקגעשטעלט. די קלענסטע אײַננאַמע, וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען אַכצן דאָלער אַ טאָג, און לײַטן האָבן מיר שוין אָנגעבאָטן אויף אים צוויי טויזנט דאָלער פּראָפֿיט, נאָר איך האָב נישט געוואָלט פֿאַרקויפֿן.

אויף דער פֿינפֿטער וואָך יאַוועט זיך ווידער דער פֿאַרשפּיצטער ייִד, קויפֿט ווידער אַ שאַכטל ציגאַרעטן פֿאַר זיבן סענט מיט שווע־בעלעך, פֿאַררייכערט זיך איינס און נישט פֿרעגנדיק אַפֿילו בײַ מיר וואָס איך מאַך, גיט ער אַ זיפֿץ און זאָגט:

— איך גיב אײַך נאָך העכסטנס צוויי מאָנאַטן צײַט צו עק־סיסטירן. אויב דרײַ — איז שוין אַ סך!

און ער גייט־אַוועק.

מילא, דאָס מאָל האָב איך זיך שוין פֿאַר זײַן נבֿיאות נישט דערשראָקן. אַדרבה, עס איז מיר געפֿעלן געוואָרן דער עסק, ווי אַ פֿרעמדער ייִד זאָגט מיר אַרײַן אין די ביזנעס... און ווי ער פּרוּווט טרעפֿן. האָב איך געלאַכט.

און דערווײַל האָט זיך דער סטאָר געהאַלטן אין איין אַרויפֿ־אַרבעטן. איך און מײַן פֿרוי האָבן פּשוט נישט געהאַט קיין הענט און מיר האָבן געמוזט אַרײַננעמען אַ מענטשן, ער זאָל אונדז אַרויס־העלפֿן אין די ביזנעס. און וועגן מײַן ייִד האָב איך שוין גאָר גע־האַט פֿאַרגעסן.

פּלוצעם פֿאַלט ער אַרײַן, גייענדיק פֿון דער אַרבעט, הייסט זיך מאַכן אַ גלעזל „פֿליין״ [6], מיט אַ ביסל היימישן סיראָפּ דערצו —

[6] פּראָסט (געטראַנק).

פֿאַר אַ פּעני, טרינקט זיך עס פּאַמעלעכקע אויס, דערנאָך לייגט ער איבער ס׳אויסגעטועטע רעקל זײַנס פֿון דעם רעכטן אָרעם אויף דעם לינקן (ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג!) און ער מאַכט צו מיר:

— מיסטער, איך האָב אויסגערעכנט, אַז איר דערלייגט צו אײַערע ביזנעס, וויניקסטנס פֿערצן און אַ האַלבן דאָלער אַ וואָך. ס׳אַ שאָד! איר זעט זיך דווקא אָן — מאַכט ער — צו זײַן אַ ווויל מענטשל. העכסטנס וואָס איר קענט זיך נאָך דאָ מוטשען, איז נאָך דרײַ חדשים — פֿאַרגרעסערט ער מיר שוין דעם טערמין — אָבער ס׳איז נאָר אָן עבֿירה — מאַכט ער — וואָס איר מוטשעט זיך מיט דער סטאָרקע. ווײַל — מאַכט ער — ס׳איז אַ „טויטע פּראָפּאָזישן"[7]...

און ער גייט זיך אַוועק.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם ייִדס נבֿיאות טוט זיך דער סטאָר דערווײַל זײַנס, דאָס הייסט, ער וואַקסט אָן עין־הרע. דאָס געשעפֿט ווערט אַלע מאָל גרעסער. מען ביט שוין פֿאַר איר זעקס טויזנט דאָלער און איך לאָז זיך אויס דערפֿון. וואָס טויג מיר פֿאַרקויפֿן, אַז איך זשויב[8] קיין עין־הרע.

אין אַ חודש אַרום באַווײַזט זיך ווידער מײַן ייִד, טרינקט ווידער אויס אַ גלעזל „פּליין" און בשעתן טרינקען מאַכט ער צו מיר:

— איך האָב נעכטן אויסגערעכנט צוזאַמען מיט מײַן פֿרוי, אַז איר האָט שוין דערלייגט צו אײַער סטאָרקע אַכט הונדערט דאָלער און אַז לענגער — מאַכט ער — ווי ביז קריסטמעס[9], אַז מע וועט דערלעבן, וועט איר נישט דערציִען. איר׳ט מוזן — מאַכט ער — „באָסטן"[10].

— זאָרגט נישט פֿאַר מיר, מײַן ליבער ייִד! — לאָז איך שוין פֿון אים — איכ׳ל שוין — זאָג איך — ווי עס איז דורכקומען. אַחוץ דעם — זאָג איך — וואָס גייט אײַך אַזוי אין לעבן, צי איך וועל עקסיסטירן צי נישט?

— אין לעבן? — מאַכט ער — עס גייט מיר נישט אין לעבן.

---

[7] פֿאַרשלאָג. — [8] שאַר גאָלד. — [9] ווײַנאַכט. — [10] אָפּשטעלן.

עס ליגט מיר — מאַכט ער — אַפילו נישט אין דער לינקער פּיאַטע, איך זאָג עס בלויז.

— דאָס איז זייער שיין פון אײַער זײַט! — זאָג איך — אָבער אפשר — זאָג איך — וואָלט איר געקענט פאַרלענגערן דעם טער־מין פון מײַן קרעמערישער עקסיסטענץ כאָטש ביז פּסח?

— וועל, — זאָגט ער און קוקט מיך אָן ערנסט ווי אַ מצבֿה — איר מיינט, אַז איך שפּאַס, אָבער איך שפּאַס נישט. בײַ מיר — זאָגט ער — אַז איך זאָג אַ וואָרט, איז דאָס געזאָגט. איך בין נישט — מאַכט ער — פון די ייִדן וואָס באַלאַקען גלאַט אין דער וועלט אַרײַן.

— וואָס איז אײַער מלאכה, אויב איך מעג פרעגן? — איז מיר אינטערעסאַנט צו וויסן דעם ייִדנס באַשעפטיקונג.

— איך אַליין — מאַכט ער — בין אַ באַטאַנהאַל־מייקער בײַ פּענטץ [11]...

— איר האָט מסתּמא אַמאָל געהאַלטן אַ גרויסע קענדי־סטאָר — פּרווו איך טרעפן, וואָס עס גיט אים דאָס רעכט צו ריידן וועגן מײַנע ביזנעס מיט אַזאַ אויטאָריטעט.

— ניין! — זאָגט ער — אין ביזנעס בין איך קיין מאָל נישט געוועזן. נישט אין קענדי־ביזנעס און נישט אין אַנדערע. נאָר פון דעסט וועגן — מאַכט ער און פּאַטשט זיך מיט דער האַנט אויפן שניפּסל — פון דעסט וועגן בין איך מער מבֿין אויף אַלערליי ביז־נעס ווי די גרעסטע סוחרים. אָט אַזאַ מענטשל — מאַכט ער — בין איך מיר.

— איז, הייסט עס, גיט איר מיר צײַט ביז קריסטמעס?

— יאָ! — מאַכט ער — קריסטמעס וועט איר מוזן פאַרקויפן דעם סטאָר פאַר אַ שיבוש, אַבי פּטור ווערן פון אַ צרה, און ס'איז — זאָגט ער — אַ שאָד יעדע מינוט, וואָס איר מוטשעט זיך דאָ אָפּ.

און ער גייט־אַוועק און איך זע אים נישט ביז קריסטמעס.

---

[11] לעכל־שלייפער בײַ הויזן.

קריסטמעס קומט ער ווידער צו גיין, הייסט זיך געבן אַ „האָט־טשאָקאָלאַט" [12] פֿאַר צוויי פּענים, טרינקט עס אויס און מאַכט צו מיר:

— ווייסט איר, איך האָב נעכטן אויסגערעכנט צוזאַמען מיט מײַן פֿרוי, אַז ביזן הײַנטיקן טאָג האָט איר שוין באַגראָבן אין דער דאָזיקער סטאָרקע געניויע 13 הונדערט דאָלער — אַחוץ געז [13].

— ווי אַזוי האָט איר דאָס אויסגערעכנט? — פֿרעג איך.

— אָט — זאָגט ער — איז דער חשבון! — און ער ציט־אַרויס אַ שטיק פּאַפּיר מיט ציפֿערן. — בײַ מיר — מאַכט ער — גייט דאָס נישט גלאַט אַזוי. בײַ מיר איז אַלץ אויסגערעכנט, אויף דער פּעני. וויפֿל מיינט איר, אַ שטייגער — ווענדט ער זיך צו מיר — האָט איר ביז הײַנט פֿאַרלוירן אין ציגאַרעטן אַליין?

—אפֿשר הונדערט דאָלער! — וויל איך טרעפֿן.

— מער. אַ סך מער — פֿאַרזיכערט ער מיך. — איר האָט ביז הײַנט — מאַכט ער — פֿאַרלוירן אין ציגאַרעטלעך אַליין נישט ווייניקער ווי 362 דאָלער מיט 14 סענט.

— און וויפֿל — פֿרעג איך — האָב איך ביז הײַנט פֿאַרלוירן אין האָט־טשאָקאָלאַטס?

— האָט־טשאָקאָלאַטס?... — מאַכט ער, און זוכט אויפֿן צעטל — ווו האָבן מיר עס?... הם... אָט איז עס... האָט־טשאָקאָלאַטס... עלף... איין און דרײַסיק... זעכצן... דרײַ און אַכציק... רעכנט עס צונויף צו־זאַמען — מאַכט ער — האָט איר, אַלזוי, פֿאַרלוירן אין האָט־טשאָ־קאָלאַטס 108 דאָלער מיט עלף סענט...

— און וויפֿל האָט איך פֿאַרלוירן ביז הײַנט אין בלײַפֿעדערן?
— וויל איך שוין וויסן גענוי מײַן טרויעריקע לאַגע.

— בלײַפֿעדערן... בלײַפֿעדערן — מאַכט ער, און זוכט מיטן אויג אויף זײַן צעטל — בלײַפֿעדערן... שאַ! אָט האָבן מיר עס... בלײַפֿעדערן — פֿיר הונדערט און זיבן דאָלער מיט אַכט סענט.

---

[12] הייס (גלאָז) שאָקאָלאַד. — [13] ברענגאַז.

— און דאָס האָט איר אַלץ אויסגערעכנט זײַענדיק אַ באַטאַנ־האָל־מייקער? — פֿרעג איך און וויש־אַרונטער אַ שמייכל פֿון מײַנע וואָנצעס.

— נעווערמיין וואָס איך בין אַ באַטאַנהאָל־מייקער! — געפֿינט ער זיך באַליידיקט פֿון מײַן טאָן. — איך רייד צו אײַך — מאַכט ער — ווי אַ מענטש, און זאָג אײַך אַקוראַט, ווי איר שטייט מיט אײַערע ביזנעס... און איר מיינט, אַז איך מאַך זיך אַ שפּילעכל... דער סוף — מאַכט ער — וועט זײַן, אַז איך וועל אויף אײַך אין גאַנצן אַ שפּײַ טאָן און זיך אויפֿהערן אינטערעסירן אין אײַערע ביזנעס. אָט וואָס — מאַכט ער — עס וועט זײַן דער סוף!

מער איז ער שוין נישט געקומען, און אפֿשר איז ער יאָ געקומען, נאָר איך האָב אים נישט געזען, ווײַל אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך די סטאָר פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַזאַ הויכן פּרײַז ווי עלף טויזנט דאָלער!

## מאַדאַם פּאַרפּאַציאַ

איך האָב אַ סך געליינט אין די צײַטונגען וועגן דער מאַדאַם פּאַרפּאַציאַ, די באַרימטע ספּיריטואַליסטין, וואָס צויבערט־אַרויס גײַסטער פֿון יענער וועלט און שטעלט אײַך מיט זיי אין פֿאַרבינדונג.

אַלע בעסטע זשורנאַלן פֿון לאַנד האָבן גערעדט וועגן מאַדאַם פּאַרפּאַציאַס װוּנדער. עטלעכע שריפֿטשטעלערס זײַנען אַרויס מיט לויבגעזאַנגען צו מאַדאַם פּאַרפּאַציאַס איבערנאַטירלעכער קראַפֿט זיך צונויפֿצורײדן מיט יענער וועלט.

אינזשענירן, זייגער־מאַכערס, פּעדלערס, פּיראַמידן־האַקערס, שעלקע־פֿאַבריקאַנטן — אַלע, אַלע זײַנען געווען באַגײַסטערט פֿאַר מאַדאַם פּאַרפּאַציאַ. זייערע פֿאַרטרעטן און אונטערשריפֿטן זײַנען אַרויס אין אַ ביכל שיין געדרוקט, וואָס האָט זיך גערופֿן: „קענט איר די מאַדאַם פּאַרפּאַציאַ?‟ אין דעם ביכל האָט זיך דערציילט

מיט געניוע סימנים, אונטערשריפֿטן, בילדער, טעלעגראַמעס, אַז אויב איר ווילט זיך אַ ביסל דורכריידן מיט אײַער טויטן עלטער־זיידן אָדער מיט אײַער טויטער שוויגער, טויטע שוואָגערס, טויטער שוועגערין, קענט איר עס טאָן צו רעדוציִרטע פּרײַזן בײַ מאַדאַם פֿאַרפֿאַציאַ. פֿאַרזוימט נישט די געלעגנהייט.

דער אמת איז, אַז איך האָב מיך שוין לאַנג געקליבן זיך אַ ביסל דורכצורײדן מיט מײַן עלטער־זיידן, געוווּיר ווערן, ווי אַזוי עס גייט אים אויף יענער וועלט און צי האָט ער נאָך אַלץ טראַבעל[1] מיט מײַן עלטער־באָבען, און פֿאַר וואָס הערט מען פֿון אים אַזוי ווייניק? אָבער איך האָב עס אַלץ געהאַלטן פֿאַר אַ פֿאַנטאַזיע, פֿאַר אַן אוממעגלעכקייט. אָבער איצט!

איך בין אַוועק צו דער מאַדאַם פֿאַרפֿאַציאַ און איר דערקלערט, אַז איך וויל ריידן מיט מײַן עלטער־זיידן. וואָס׳ט עס קאָסטן?

מאַדאַם פֿאַרפֿאַציאַ — איינע פֿון יענע פֿרויען, וואָס מען רופֿט זיי מיט „קע" — אַ ליבינ־קע, אַ ווייכינ־קע, אַ שיינינ־קע, אַ זיסינ־קע, אַ שטילינ־קע, אַ פֿרומינ־קע, איז מיר אַקעגן געקומען, אָנגע־טאָן אין אַ כינעזישער קימאָנע, מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ צימער הינטער אַ שפּאַניש ווענטל און מיר געזאָגט מיט איר ווייכינקער ריין יידישער שטימע:

— ווי אַזוי האָט מען גערופֿן אײַער זיידן עליו־השלום?

זאָג איך: עליע.

מאַכט זי: עליע, וואָס?

זאָג איך: עליע פֿאָן־דער־קאַפּעליע.

זאָגט זי: אַ דײַטש?

זאָג איך: ניין, אַ בר־מינן.

מאַכט זי: אַ שפּאַס אין אַ זײַט — אײַער עלטער־זיידע איז גע־ווען אַ ייִד?

זאָג איך: וואָס דען איז ער געווען, אַ כינעזער?

---

[1] זאָרגן.

מאַכט זי: איר גדענקט אײַער עלטער־זיידן?

זאָג איך: אַ קאַפּיטשקע, קוים, קוים.

זאָגט זי: וואָס פֿאַר אַ קול האָט ער געהאַט?

זאָג איך: אַקעגן וואָס פֿרעגט איר עס?

זאָגט זי: איך דאַרף וויסן, ווי אַזוי אים אויסצוגעפֿינען. איר ווייסט גאָר נישט, זאָגט זי, וואָס פֿאַר אַן עסק איך האָב מיט די גײַסטער! אָפּט מאָל, מאַכט זי, ענדערן זיי זיך בכיוון איבער די שטימען, מע זאָל זיי נישט דערקענען. אײַער עלטער־זיידע האָט מסתּמא גערעדט אויפֿן באַס?

זאָג איך: אויפֿן באַס.

זאָגט זי: נו, גוט. מיר׳ן אים באַלד אָנקלינגען. ווי אַזוי, זאָגט איר, הייסט ער?

זאָג איך: כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז ער הייסט עליע פֿאָן־דער־קאַפּעליע.

זאָגט זי: ס׳אַ מאָדנער נאָמען! און ווי לאַנג, זאָגט זי, ווילט איר ריידן מיט אײַער עלטער־זיידן?

זאָג איך: כ׳ווייס... אַ צען, פֿופֿצן מינוט. וואָס איז, זאָג איך, ער האָט דען נישט קיין צײַט? ער אַרבעט איבער־שעהען?

זאָגט זי: נישט דאָס! נאָר די גײַסטער האָבן פֿײַנט, אַז מע רעדט צו זיי צו פֿיל — צען דאָלער, ביטע!

איך האָב דערלאַנגט אַ געזונט, קנאַקעדיק צענערל. זי האָט עס צוגענומען מיט צוויי פֿינגער, ווי אַ דאָקטער, און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אויף אַ מינוט.

אין „קאַבינעט“ איז געוואָרן בלוי־פֿינצטערלעך. שאָטנס האָבן זיך געוואָרפֿן איינס אויף ס׳אַנדערע און געטאַנצט. און עס האָט זיך געהערט ס׳קלימפּערן פֿון עפּעס אַ פֿידל.

— שוין! — האָט זי געזאָגט — איר קענט שוין אָנהייבן!

און זי האָט מיר אַ ווײַז געטאָן אויף זיך — אַז זי גייט אַוועק.

אַז איך בין געבליבן אַליין, האָב איך — נאָך פֿריִערדיקע אײַנ־

סטרוקציעס — צוגעלייגט צום אויער דאָס רערל פֿון טעלעפֿאָן און געזאָגט:

— האַלאָ... איז דאָס מײַן עלטער־זיידע!

— יעס, סער! — האָט געענטפֿערט אַ טיפֿע ברוסטשטימע — דאָס בין איך, דײַן עלטער־זיידע.

— נו, וואָס הערט זיך, זיידע? — האָב איך געפֿרעגט — וואָס דערציילט איר עפּעס נײַס?

— וואָס זאָל זיך הערן? — מאַכט מײַן עלטער־זיידע פֿון יענער וועלט. — איך מאַך דאָ זייער שיין אַ לעבן.

— שפּאָרסט אַ מאָל אַ דאָלער, זיידע? — כאַפּט זיך בײַ מיר אַרויס אַ פֿראַגע.

— וועל[2]... — מאַכט מײַן עלטער־זיידע שוין אויף ענגליש — איייל טעל יו?[3]...

— זיידע! — ווער איך איבערגעראַשט — ווי קומט צו דיר ריידן ענגליש?

— וועל — מאַכט ער — יו סי[4]... איך האָב מיך שוין דאָ צוגעלערנט... אונדזער גן־עדן־וועכטער, יו נאָ[5], איז אַ פֿילאַדעלפֿיער...

— מאָדנע! — זאָג איך און טראַכט וואָס ווײַטער צו ריידן.

— יעס! — רעדט ווײַטער מײַן זיידע — ס׳איז דאָ אַלרײַט... ווהאַטיהעל — מאַכט ער — איטס נאָ יוהז קיקינג[6]...

און ווי דער גײַסט פֿון מײַן זיידן רעדט אַזוי, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס קול האָט זיך בײַ אים געביטן — ער רעדט שוין נישט אויף קיין באַס, נאָר אויף אַ טענאָר...

— זיידע! — זאָג איך צו אים — עפּעס איז דער מער מיט אײַער שטימע...

— יעס — מאַכט ער שוין צוריק אויף אַ באַס־שטימע — איך האָב מיך דאָ אַנומלט שטאַרק צוגעקילט...

---

[2] גוט. — [3] איך זאָג אײַך. — [4] איר זעט. — [5] איר ווייסט. — [6] גייט עס צום טײַוול!

— אַבי איך האָב געמיינט — זאָג איך — אַז אין גן־עדן איז קיין מאָל נישט צו קאַלט...

— דאַנטשע בעליוויט[7]! — וויל מײַן עלטער־זיידע עפּעס אָנ־הייבן זאָגן, שוין ווידער אויף אַ יונג שטימעלע, אָבער אין דער מינוט באַווײַזט זיך די מאַדאַם פּאַרפּאַציאַ און גיט אַ זאָג:

— גענוג, אײַערע פּופּצן מינוט זײַנען שוין אַריבער! אויב איר ווילט ווײַטער ריידן מיט אײַער עלטער־זיידן — מאַכט זי — וועט אײַך קאָסטן נאָך אַ פּינפּערל.

טראַכט איך אַ ווײַלע און זאָג:

— ניין, כ׳וויל שוין נישט מער ריידן מיטן זיידן. איך האָב אים נישט ליב... ער רעדט צו גראָב... און ער באַניצט זיך מיט אַזוינע ווערטער ווי דאַנטשע בעליוויט. ווי קומט עס — זאָג איך — צו מײַן זיידן?

— טוי! — מאַכט מאַדאַם פּאַרפּאַציאַ — וואָס קען מען וויסן ווי אַזוי אַ מת לעבט? דער טויט — מאַכט זי — ווירקט פֿאַרשיידן אויף אַלערליי מענטשן. אַ טייל ווערן דערפֿון העכסט געבילדעט, און אַ טייל ווידער פֿאַרקערט. קלײַבט זיך — זאָגט זי — אויס עפּעס אַן אַנדערן גײַסט. מיר איז — מאַכט זי — אַלץ איינס!

— אַלרײַט — זאָג איך — שטעלט מיך אין פֿאַרבינדונג מיט איובֿן.

ווערט ווידער פּינצטערלעך. די פּידל קלימפּערט ווידער. די שאָטנס מאַכן ווידער אַלערליי פּאָקוסן אויף דער וואַנט און ענדלעך קומט זי אַרײַן און זאָגט:

— שוין! איר קענט שוין ריידן צו איובֿן!

נעם איך דאָס טעלעפּאָנדל צום אויער און זאָג:

— איובֿ?

— יעס, סער! — ענטפֿערט מיר דער גײַסט פֿון אויבן.

זאָג איך: — האָ? וואָס האָט איר געזאָגט?

---

[7] גלייבט נישט אין דעם!

זאָגט ער: — וואַטיהעל?... און ער פֿאַרכאַפּט זיך באַלד: דאָס איז איובֿ, פֿון דער ביבל.

זאָג איך: — נו, וואָס מאַכט איר עפּעס? וואָס מאַכן עפּעס אײַערע חבֿרים? וואָס טוען עפּעס די נשמות פֿון אײַערע שאָף און אײַערע טויזנט אייזלען?

— וועל, איי׳ל טעל יו... — הייבט ער שוין אָן צו ריידן אויף ענגליש, גלײַך ווי מײַן עלטער־זיידע, נאָר אויף אַ קוויטשענדיק קול — ווער טראַכט פֿון די אייזלען? אַבי מען מאַכט — זאָגט ער — אַ שיין לעבן.

— מאָדנע — זאָג איך — ווי מענטשן ענדערן זיך... אַמאָליקע צײַטן — זאָג איך — זײַט איר געווען אַ שטיקל אידעאַליסט...

— וועל... מאַכט דער גײַסט פֿון אויבן — אַמאָל בין איך טאַקע געווען אַ שטיקל אידעאַליסט, אָבער איצט, יונה, איז אַנדערע צײַטן. עס איז פּראָגרעס, יונה, ציוויליזאַ...

אָבער נאָך איידער איובֿס גײַסט האָט געקענט ענדיקן, איז ווידער ליכטיק געוואָרן און די פּוכינקע מאַדאַם פֿאַרפֿאָציאַ איז ווידער געשטאַנען נעבן מיר און געזאָגט: די צײַט איז אַריבער.

זאָג איך: ס׳איז מאָדנע, ווי אַלע גײַסטער ריידן בײַ אײַך אַן ענגלישן ייִדיש, אַזוי ווי אויף מאַרקעט־סטריט... אַפֿילו איובֿ — זאָג איך — איז אויך געכאַפּט אויף דער שפּראַך... ווי קומט עס?

— וואָס וויס איך?! — זאָגט מאַדאַם פֿאַרפֿאָציאַ — מײַנע ביזנעס — זאָגט זי — איז צו פֿאַרבינדן די גײַסטערוועלט מיט אונדזערער! ווײַטער — זאָגט זי — קען איך נישט זאָגן די גײַסטער קיין דעה! אַ גײַסט — זאָגט זי — האָט פֿײַנט, אַז מען לערנט מיט אים, ווי אַזוי צו ריידן. אַז איר וועט זײַן — מאַכט זי — טויט אַזוי לאַנג ווי איובֿ, אָדער אײַער עלטער־זיידע, וועט איר אויך — זאָגט זי — זײַן נערוועז. עס איז קיין חידוש נישט! — זאָגט זי — דאָס שטענדיקע טויט זײַן מאַטערט זייער אָפּ, עס גראָבט־אונטער ס׳געזונט. אפֿשר — זאָגט זי — ווילט איר נאָך עמעצן אַרויסרופֿן, וועל איך אײַך מאַכן ביליק — פֿיר דאָלער פֿאַר צען מינוט. דאָס טו איך

— זאָגט זי — פֿאַר אײַך, כּדי איר זאָלט זיך איבערצײַגן, אַז בײַ מיר איז אַלצדינג ראַיעל, נישטאָ קיין שווינדל, קיין מאַניפּאַרגעס. וועמען — זאָגט זי — ווילט איר איצט אַרויסרופֿן?

זאָג איך: רופֿט מיר אַרויס גראַף טאָלסטאָי.

— אָלרײַט! — זאָגט זי און פֿאַרשווינדט, און סע ווערט טונקל, און סע קלימפּערט דאָס פֿידעלע און עס קריכן די שאָטנס.

— שוין! — זאָגט זי — ער איז שוין דאָ.

— האַלאָ! — רוף איך אַרײַן מיט גרויס דרך־ארץ — גראַף טאָלסטאָי!?

— יעס, סער!

— קאַק ווי פּאָזשעוואַיעטיע[8] ? — מאַטער איך פֿון מיר אַרויס דאָס לעצטע ביסל רוסיש, וואָס איך האָב.

— קאַק? ווי? וואָס? — פֿרעגט מיך דער גײַסט פֿון טאָלסטאָי.

— פּאָזשיוואַיעטיע... — זאָג איך — אי טשטאָ ווי — זאָג איך — דיעלאַיטיע[9] ?

— וואַהיטעלי! — מאַכט טאָלסטאָי — איך פֿאַרשטיי נישט אַ וואָרט.

— איזוויניטיע[10] ! — זאָג איך — גאָספּאָדין טאָלסטאָי... — עטאָ — זאָג איך — רוסקי יאַזיק[11]...

— יאַזיק, שמאַזיק! — ענטפֿערט מיר דער גײַסט טאָלסטאָי אומגעדולדיק — רעדט ייִדיש. איך פֿאַרשטיי ייִדיש, איך בין אַלע מאָל, — זאָגט ער — געווען אַן אוהבֿ ישׂראל. אין ניו־יאָרק — זאָגט ער — האָט אַפֿילו אַ ייִד געמאַכט ציגאַרעטן אויף מײַן נאָמען, „טאָלסטאָי־סיגאַרעט”. זייער אַ גוטער ציגאַרעט... און ביליק... בלויז אַכט סענט אַ פּעקל. ס'איז אַ גאַנץ ווילער ציגאַרעט. נאָר אַ ביסל צו שאַרף. ער רײַסט די נאָז.

— איזוויניטיע — זאָג איך — גאָספּאָדין טאָלסטאָי... איך האָב

---

[8] ווי גייט עס אײַך? — [9] און וואָס טוט איר? — [10] אַנטשולדיקט. — [11] דאָס איז רוסיש לשון.

— זאָג איך — געוואָלט מיט אײַך ריידן וועגן קריג און פֿרידן... און וועגן דער העכערער מאָראַל פֿון קריסטנטום... און וועגן דער אומשטאַרבלעכקייט פֿון דער נשמה...

— וועל... — מאַכט דער גײַסט פֿון גראַף טאָלסטאָי אויפֿן טע־לעפֿאָן — נישט איצט איז די צײַט צו ריידן פֿון אַלע זאַכן!... אַן אַנ־דערש מאָל!... איך קען אײַך נאָר זאָגן — זאָגט ער — אַז אַלצדינג איז אַלרײַט און די ביזנעס — זאָגט ער — פֿאַרבעסערן זיך. לעצטן סעזאָן — זאָגט ער — האָב איך אָפּגעשפּאָרט אַזוי גרויס ווי עלף הונדערט דאָלער און איך האָב זיך שיין באַקליידט. — וואָטיהעל — מאַכט ער — קען יו עקספּעקט[12]?

— האָ? — בין איך געבליבן שטיין ווי פֿאַרשטיינערט פֿון דער גוואַלדיקער ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מײַן גוטן און ער־לעכן און זויבערן טאָלסטאָי — און די שפּראַך, וואָס ער רעדט!...

אָבער אין דער מינוט איז ווידער געוואָרן ליכטיק. מאַדאַם פֿאָרפֿאַציאַ איז ווידער געשטאַנען נעבן מיר און געשמייכלט מיט איר פּוכינקן שמייכעלע און מיך געפֿרעגט, צי איך וועל נאָך עמעצן אַרויסרופֿן.

— וואָטיהעל!? — האָב איך מיך שוין נישט געקענט אײַנהאַלטן און איר געענטפֿערט מיטן לשון פֿון גראַף טאָלסטאָי, און פֿון איוב — איר מיינט, אַז איר'ט דאָ אָנגעטראָפֿן אַ יאָלד, וואָס איר קענט אים פֿריצעוועןן? סך־הכּל — זאָג איך — און דערנענטער מיך צום אַרויסגאַנג — סך־הכּל האָב איך אײַך געצאָלט מיט פֿאַלשע אַסיג־נאַציעס!

און איך גיב אַ האַק מיט דער טיר.

פֿון דעמאָלט אָן צוויפֿל איך מער נישט אין ספּיריטואַליזם, איך בין שוין איבערגעצײַגט...

[12] צו אַל די שוואַרצע יאָר! קענט איר דערוואַרטן?

# לעמעשקע

געהייסן האָט ער „לעמעשקע״, און געווען איז ער אַ — לע־מעשקע. דאָס הייסט: איידער ער איז געוואָרן אַ לעמעשקע איז ער געווען אַ מענטש ווי איך און איר. געגעסן און געטרונקען, גערעדט פּאַסקודנע רייד, גענומען אַ דירעקטן אײַנטייל אין מלחמה־דעבאַטעס אאַז״וו — אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס באַווײַזן, אַז אונדזער צעקראָכענער העלד איז געווען פֿולשטענדיק געזונט אויפֿן קאָפּ.

נאָר אַמאָל איז זיך מיט אונדזער ווערטן „לעמעשקע״ פֿאַר־לאָפֿן אַ שוידערהאַפּטע מעשׂה. דהײַנו: ער האָט איבערגעלייענט עפּעס אַ ביכל וועגן „די מיליאָנען געפֿאַרן, וואָס לויערן אויף דעם מאָדערנעם מענטשן״. דאָס דאָזיקע ביכל, וואָס איז געווען געשריבן פֿון אַ געוויסן דאָקטער „נעמימאַרויס די כּוחות״, האָט גענומען אונדזער לעמעשקען און אים געקוילעט אָן אַ מעסער.

אַנשטאָט דעם דרייסטן יונג, וואָס ער איז פֿרי:ער געווען, איז ער פֿון דעם מאָמענט, וואָס ער האָט איבערגעלייענט דאָס באַקאַנטע ביכל, געוואָרן אַן אַבסאָלוטע און פֿולשטענדיקע לעמעשקע; אַנשטאָט וואָס ער האָט פֿרי:ער נישט מורא געהאַט אַפֿילו פֿאַר זײַן שוויגער, האָט ער איצט געציטערט פֿאַר דעם שאָטן פֿון זײַן אייגענעם ברייטן קאַפּעליוש, וועלכער איז בײַ אים געלעגן אויף אַן אויער — מעשׂה טראַכטער!

און אַז לעמעשקע האָט גענומען ציטערן — איז דאָס געווען אַ ציטערניש „איבער דער גאַנצער ליניע״.

זײַן שרעק פֿאַר די לויערנדיקע געפֿאַרן האָט נישט געוווּסט פֿון קיין אָפּשטעל און פֿון קיין גרענעץ. זעכצן שעה אין טאָג האָט ער געפּלאַטערט אין די פּלודערן פֿון שרעק פֿאַר פֿאַרשיידענע זאַכן. און די איבעריקע אַכט שעה האָט ער — האָט ער אויך געטאָן דאָס אייגענע.

הויכבאַן? — לאַכט זיך אויס! לעמעשקע וועט נישט פֿאָרן אויף קיין הויכבאַן. סיבה? הויכבאַנען קענען אַראָפּפֿאַלן. אונטער־

באַנעז? גייט אַוועק פֿון דאַנען! לעמעשקע וועט נישט פֿאָרן אין קיין אונטערבאַנען — ווו עס קענען יעדע מינוט און יעדע רגע פּאַסירן אַ צוזאַמענשטויס פֿון טראַמוויַען. דערמאָנט נישט דאָס וואָרט, איך בעט איַיך! אַ קאָר קען אַראָפּ פֿון די רעלסן אָדער אַריַינפֿאָרן אין אַ פֿיַערלעש־מאַשין, און למאי איז ער מחויב זיך איַינצושטעלן ס׳לעבן?

גיין צו פֿוס? קאָן ער אויך נישט, וויַיל עס טרעפֿן סיבהס. ערשט נעכטן איז איינער אַ מאַן געפֿאַלן אין גאַס פֿון עלטער־שוועכע [1].

און נישט נאָר וועגן פֿאָרעכץ, נאָר מיט יעדער זאַך אַזוי. למשל: שלאָפֿן. ווו קען אַזאַ ייִד ווי לעמעשקע שלאָפֿן? אין אַ בי־ליקן האָטעל? האָט ער מורא, אַז עס וועט אויסברעכן אַן ערד־ציי־טערניש. ווידער, אין אַ טיַיערן האָטעל האָט ער מורא, אַז סע קען נאָך אין מיטן נאַכט אויסברעכן אַ פֿיַער. אין דער היים — קאָן אים נאָך עפּעס אַריַינקריכן אין אויער, איז ער, חלילה, אַ פּאַרטיקער. ווידער אין גאַס — קאָן נאָך פֿאַרביַיפֿאָרן דער וואַגאָן מיט די בע־זעמס, וואָס קערט די גאַסן און אים אַוועקקערן. און דאָס נעמלעכע מיט עסן: וואָס קאָן אַ מענטש ווי לעמעשקע געניסן? פֿלייש, אייער און מילך אַנטהאַלטן אין זיך, ווי מיר ווייסן, אַזעלכע קליינע חיה־לעך, וואָס רופֿן זיך „באַצילן״, און וועלכע זיַינען אַ סם־המוות אַפֿילו פֿאַר אַ געזונטן מענטשן. בפֿרט נאָך פֿאַר אים! ווידער זשע, גרינסן און פֿרוכטן און אַנדערע קריַיטעכצער קען ער אויך נישט עסן, דערפֿאַר וואָס זיי אַנטהאַלטן אין זיך אַזאַ מין „זויערקייט״, וואָס איז שעדלעך פֿאַרן מאָגן און סע גריַיפֿט־אָן דאָס האַרץ. בליַיבט־איבער: וואַסער.

איז אָבער די קשיה: וואָס פֿאַר אַ וואַסער זאָל לעמעשקע טרינ־קען? טרינקען „ווייכע וואַסער״, האָט ער מורא, אַז סע וועט אים אַריַין אין די געהירן און ער וועט קריגן אַ וואַסערקאָפּ... ווידער,

---

[1] (חוזק־לשון) שוואַכקייט.

האַרטע וואַסער איז צו טרוקן, — האָט ער מורא, אַז סע וועט אים דורשטן.

וואָלט ער שוין אין גאַנצן געפּאַסט, האָט ער אָבער מורא, אַז ער איז שוואַך דערצו...

אָט דאָס זײַנען געווען די געדאַנקען פֿון לעמעשקע, דעם זון פֿון לעמעשקע, ווי ער איז געשטאַנען און ווי ער איז געגאַנגען, פֿון אַלע דעכער און פֿון אַלע פֿענצטערשויבן האָבן צו אים געווונקען פֿינגער און געוואָרנט: „היט זיך, לעמעשקע! זײַ פֿאָרזיכטיק, לע־מעשקע!"

און לעמעשקעס לאַגע איז געוואָרן שווערער און פֿאַרצווייפֿלטער פֿון טאָג צו טאָג, און גאָט ווייסט, מיט וואָס פֿאַר אַ שווידערלעכן אומגליק די דאָזיקע געשיכטע וואָלט זיך געווען געענדיקט, ווען עס זאָל אים נישט געווען אײַנפֿאַלן אַ זעלטענער געדאַנק. — דהײַנו: אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן, בעת אַלע אין זײַן הויז האָבן נאָך געשלאָפֿן, איז לעמעשקע שטילערהייט אַראָפּ פֿון געלעגער, זיך אָנגעטאָן דעם שבתדיקן פֿראַק מיטן ברייטן קאַפּעליוש און, אַרומקוקנדיק זיך צי קיינער זעט נישט, איז ער מיטן טשעמאָדאַן אין האַנט אַרויס פֿון שטוב און איז אַוועק — אויף הײַנטיקן טאָג...

*

און אָט דאָס, מײַנע פֿרײַנד, האָט אים געראַטעוועט.

## שוך, שוך...

שוך, שוך, מיט דעם קאָקעטן אויסגעריבענעם קנאַפּעלע און דעם בידנעם גלאַנץ פֿון די אויגן — וואָס זאָגסטו?

— איך זאָג גאָר נישט. מײַן באַלעבאָסטע גייט אַ סך שעהען אַהין און קריק אויפֿן טראָטואַר. מיר איז דאָ האַרט און פֿרעמד, ס'האַרץ מײַנס האָט שוין אַ ווונד דערפֿון, אָט, דו זעסט?...

— און דו שווערער, ברייט־קנעכלדיקער, ווײַבערישער שוך מיט די צעפּאַטלטע בענדלעך, ווי דײַן ווירטינס האָר, און מיט דעם ווײַסן אונטערשלאָק, וואָס דערמאָנען אין זײַן באַלעבאַטעס באָרע־כענע אונטערהויזן — וואָס איז מיט דיר דער מער? איז דיר אויך האַרט?

— ניין, מיר איז נישט האַרט. פאַרקערט, מיר איז ווייך. עפּעס אַ ווייך, געשוואָלן, ברייט קנעכל איז אין מיר... איך טו שטענדיק ווי, כאָטש גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך בין נישט אויסן קיין שלעכטס. אַדרבה: צעבינדט מיך און לאָזט מיך אויך כאַפּן דעם אָטעם, אָבער דערוואַרנט מיך ניט מיט געשוואָלן, רעומאַטיש פלייש... פּרעסט מיך נישט אויס די לײַוונטענע זײַטן מיט אײַערע ברענענדיקע יסורים...

— נו, און דו, קינדעריש פּריילעך שיכל מיט דעם פאַרקאַ־טשעטן, פּריילעכן נעזל? וואָס טוסטו דאָ?

— איך? — דאָס שיכל לאַכט מיט זיבן לעכער און הונדערט קנייטשן — איך שפּיל מיך דאָ אַ ווײַלע מיטן זיידנס גלאַטע אויערן (ער ווײַזט־אָן אויף אַ שטעקשוך מיט איבערגעשראָקענע ווײַסע אויערן). איך בין נישט קראַנק. מיך אַרט נישט אַפילו, אַז איך הוסט מיט בלאָטע... מיר איז אומעטום גוט און ווויל און גרינג. ווײַל דאָרטן־אָ, זעסט? דאָרטן איז אַ זון... און אַ פליג טאַנצט...

## די אַרבעטערס

די אַרבעטערס — אַלצדינג פאַרכאַפּן זיי. ווו איר גיט זיך אַ קער — זײַנען זיי דאָ. די וועלט איז פול מיט די אָפּגעריסענע שלע־פערס. זיי צעשפּרייטן זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער איבער דער ערדקויל. פאַר דעם פײַנעם, פאַר דעם לײַטישן, פאַר דעם נישט־אַרבעטנדיקן מענטש מיט דעם אַריסטאָקראַטישן בלוט איז שוין באַלד נישטאָ קיין אָרט. ווו איר גייט און ווו איר שטייט, טרעפּט

איר אַרבעטערס. זיי פֿאַרכאַפּן אַלע ערטער אויף דר׳ערד און אונטער דר׳ערד. און דער אַריסטאָקראַט, דער עקסקלוזיווער מענטש מיט דעם הויכן קאַפּעליוש, מוז שטיין און צוקוקן. באַטראַכט נאָר. אַלע בעסטע ערטער אין די קוילנגרובן זײַנען פֿאַרכאַפּט פֿון אַרבעטערס. אַלע הויכע דעכער פֿון נישט געענדיקטע געבײַדעס זײַנען פֿאַרכאַפּט פֿון אַרבעטערס. אַלע אײַזן־פֿאַבריקן זײַנען פֿול מיט זיי. און אַפֿילו אויף די שלאַכטפֿעלדער, ווו מען באַשעפֿטיקט זיך מיט פֿאַבריצירן הייסע פֿאָטערלאַנד־ליבע פֿאַרן שׂונא, געפֿינט זיך אויך אַ ריזיקע צאָל אַרבעטערס. און אַפֿילו די מעדאַל־פֿאַבריקן זײַנען פֿול מיט פשוטע אַרבעטערס, מיט שלעפּערס. אומעטום זײַנען זיי דאָ. ווו איר וואַרפֿט אַ בליק — נאָר אַרבעטערס און אַרבעטערס. אין די אונטערערדישע באַנען. אין די שוועבל־פֿאַבריקן. אויף די פֿעלדער. אויף די שפּיצן פֿון די העכסטע געבײַדעס. אויף די שיפֿן און אונטער די שיפֿן. אַפֿילו אויף די נאָך נישט געענדיקטע בריקן קריכן זיי אַרום. אַפֿילו אין די קאַנאַלן און רינשטאָקן געפֿינען זיי זיך. אומעטום, אומעטום נאָר אַרבעטערס און אַרבעטערס. און צום בעסטן, ווען דו לייגסט־אַוועק דײַן קאָפּ אויף די זײַדענע קישנס און דו ווילסט שלאָפֿן, קלינגט ער ערגעץ מיטן האַמער אָדער ער טומלט מיט דער האַק אָדער ער עגבויערט מיטן עגבויער אָדער ער פֿאַלט־אַראָפּ פֿון אַ הויכער געבײַדע און לאָזט־אַרויס אַ נישט־ראַפֿינירט געשריי. אַן עקלהאַפֿטע באַנדע, די אַרבעטערס!

מיינע הענט האבן פארגאסן
דאס דאזיקע בלוט

## יהואַש

פון ניו־יאָרק
ביז רחובות
און צוריק

איז ער געפֿאָרן, אונדזער ליבהאַרציקער יהואָש, „פֿון ניו־יאָרק ביז רחובֿות און צוריק". אין דעם איז יהואָש געגליכן צו דער צווייטער עוועניו. די צווייטע עוועניו, ווי אַלע ווייסן, גייט אויך אַהין און צוריק. כּמעט אַלע בעסערע גאַסן (ווי אַלע בעסערע דענקערס) גייען אַהין און צוריק. די גאַנצע געאָגראַפֿישע לאַגע פֿון אַמעריקע גייט אַהין און צוריק. און ווען זי איז שוין געקומען צוריק, הייבט זי ערשט אָן גיין צוריק אַהין, און דערנאָך ווידער צוריק אַהער און דערנאָך ווידער אַהין, און דערנאָך ווידער צוריק.

מילא, עס איז שפּעט און מיר דאַרפֿן נאָך היינט דענקען פֿאַרשיידענע געדאַנקען. אַקוראַט זעקס אַ זייגער. אַז מ'עט דערלעבן מיט געזונט, וועלן מיר, צום ביישפּיל, טראַכטן דעם פֿאָלגנדיקן געדאַנק: יהואָש איז זייער אַ ווילער, זייער אַ געדאַנקלעכער דיכטער, און ווי אַ מענטש באַליבט ביי אַלעמען. ביי אונדז אויך. אָבער ווען עס קומט צו רייזע־באַשרייבונגען — און יידן זיינען דאָך דאָס רייזנדיקסטע פֿאָלק אויף דער וועלט! — פֿאַרלאַנג איך, אַז דאָס וואָס אַ וואַנדערער האָט צו דערציילן, זאָל זיין עפּעס מער ווי פּאָפּולער בעדעקערשע [1] רייזע־אינפֿאָרמאַציע דורכגעפֿלאָכטן מיט פֿיין־מליצהדיקע, קלוגע אַנעקדאָטן פֿון דעם סאָרט, וואָס הייבן זיך געוויינלעך אָן מיט די ווערטער: „דאָס דערמאָנט מיך גראָד אין אַ געשיכטע".

---

[1] ביכער־וועגווייזערס פֿאַר טוריסטן.

„פֿון ניו־יאָרק ביז רחובֿות און צוריק" איז אַ רײַזע־באַשרײַבונג פֿון אַ רײַזע־באַשרײַבער. נישט פֿון קײן מענטש וואָס פֿאָרט אַרויס אויף דער וועלט און פֿאַרנדיק זעט ער, און זעענדיק פֿאַרגעסט ער, אַז ער איז געבוירן געוואָרן צו שרײַבן שטעלערן, און ער עפֿנט־אויף אַלע פֿענצטער פֿון זײַן נשמה, און די בלוי־גאָלדיקע לופֿט פֿון רײַזע־אַוואַנטורעס בלאָזט־אַרײַן און ־אַרויס, אַהין און צוריק, מילד און לינד, און נישט פֿאַרשטענדלעך ווי דאָס שענסטע פֿון לעבן.

ניין, יהואָש פֿאַרשטייט אַלצדינג. בײַ אים איז אַלצדינג אַזוי העל, אַזוי ווײַס, אַזוי נישט פֿאַרשאָטנט. ער פֿאָרט און שרײַבט — ער שרײַבט און פֿאָרט. ער פֿאָרט שרײַבנדיק און שרײַבט פֿאָרנדיק, און אַלצדינג, וואָס ער באַשרײַבט, איז אַזוי קינסטלעריש־גענוי־אויף־אַ־האָר, אַזוי איך־גיב־דיר־עס־איבערדיק!

*

יהואָשעס רײַזע־באַשרײַבונג איז דורכגעזאַפּט מיט זונענשײַן און בלוי־הימלדיקייט. נאָך איידער ער האָט פֿאַרלאָזן ניו־יאָרק האָט ער שוין בײַ זיך אין די געדאַנקען אָנגערופֿן ארץ־ישׂראל „דאָס לאַנד פֿון זונענשײַן". דאָס גאַנצע בוך טריפֿט מיט זונענשײַן און לבֿנה־שטראַלן. עס איז אַ ליכטיק בוך. עס איז צײַטנווײַז אַזוי ליכטיק, אַז עס שטעכט די אויגן. ס'איז אַ גאָלדענער זייגער, באַגאָסן מיט געמאָלענעם גינגאָלד און באַשאָטן מיט דימענטשטויב און אײַנגעטונקען אין רובינען־זאַפֿט. עס איז אַ יוועליר־געשעפֿט, וואָס באַשטייט פֿון לויטער שויפֿענצטער. און יעדער שויפֿענצטער האָט זיבן גאָלדענע שויבן. און יעדע גאָלדענע שויב האָט זיבן דימענטן. און יעדער דימענט האָט זיבן שמאַראַגדן. און יעדער שמאַראַגד האָט זיבן זונען. און פֿון יעדער זון גיסן זיך גאַנצע „טאָגען מיט בורשטין", וועלכע דערמאָנען אין אַ זון געקושטן זונען־אונטערגאַנג.

איך האָב געלייענט — שטאַרק געלייענט! — דאָס ערשטע בוך

„פֿון ניו־יאָרק ביז רחובֿות״ און איך בין געווען איבערגעראַשט פֿון יהואָשעס כּוח צו באַאָבאַכטן. ער באַאָבאַכט בײַ טאָג און ער באַאָבאַכט בײַ נאַכט. און ווען איר זאָלט אים אויפֿוועקן 2:30 פֿאַר טאָג און אַ זאָג טאָן: יהואָש, די וועלט גייט־אונטער! וועט ער גלײַך אָנטאָן די ברילן און נעמען באַאָבאַכטן דעם זעלטענעם וועלט־אונטערגאַנג און דערנאָך וועט ער אים באַשרײַבן אין אַ בוך, מיט קאַפּיטלען, און יעדער קאַפּיטל וועט זײַן באַוואַכט פֿון צוויי לידער — איינס פֿון פֿאָרנט און איינס פֿון הינטן. זאָל אים גאָט נישט שטראָפֿן דערפֿאַר!

יהואָש דער באַאָבאַכטער און דער דענקער! איך, למשל, פֿאָר אויף אַ וועלאָסיפּעד און דענק. איך ראַזיר מיך און דענק. איך דערקלער זיך אין ליבע און דענק. אין בין נישט קיין דענקער, פֿאַרשטייט איר, דערפֿאַר מאַך איך נישט קיין וועזן פֿון דענקען. אָבער יהואָש דענקערט דורכויס און פֿולשטענדיק, און אַהין, און צוריק. דעריבער נעמט ער איעדעס וואָרט און צעשפּאַלט עס אויף צווייען און לייגט־אַרײַן אינעווייניק אַ מין געדאַנקען־ראָזשינקע, כּדי עס זאָל זײַן פֿול מיט אינהאַלט.

אַ פֿאַרגלײַך: יהואָש און פּרץ הירשביין. הירשביין פֿאָרט־דורך עטלעכע מאָל דעם ערדקוגל, שרײַבט ער אָן דעריבער אַן אימפּרעסיע פֿון צוויי קאָלומנעס. יהואָש פֿאָרט פֿון ניו־יאָרק ביז נומער 136 הערצל־גאַס, רחובֿות, שרײַבט ער וועגן דעם אַ בוך — צוויי ביכער, דרײַ ביכער, עס האָט נישט קיין שיעור.

און וואָס באַאָבאַכט אַזוינס אונדזער יהואָש?

אין רוים, למשל, באַאָבאַכט ער, אַז כּמעט אַלע איטאַליענער ריידן איטאַליעניש. נעמט ער און פֿאַרשרײַבט עס. אין מאָנטע קאַרלאָ באַמערקט ער, אַז מענטשן שפּילן רולעטשפּיל — פֿאַרצייכנט ער עס אין אַ באַזונדער קאַפּיטל. אין מאַדעראַ באַמערקט ער, אַז מענטשן טרינקען מאַדעראַ־ווײַן, — נעמט ער און שטעלט עס אַרײַן אין בוך. אויפֿן אָקעאַן באַמערקט ער, ווי די שיף וויגט זיך אויף די כוואַליעס הין־און־צוריק; אין בלויע נעכט באַמערקט ער, אַז

דער הימל איז בלוי און לויטער; דערזעט ער בייליסן, באַמערקט ער, אַז ער — מענדל ב. — האָט אַ באָרד, און אַז ער שטאַמט פֿון אַ פּראָסטער פֿאַמיליע; אין נעאַפּאָל, אָדער ערגעץ אַנדערש, רעכנט מען אים איבער עטלעכע סענטן פֿאַר אַריבערפֿירן ס׳געפּעק, פֿאַר־צייכנט ער עס פֿאַר די צוקונפֿטיקע דורות, עטצעטעראַ, עטצעטעראַ.

*

לייענענדיק יהואָשעס רײַזע־באַשרײַבונג, פֿאַלט מיר אײַן, אַז די ייִדישע שפּראַך איז געגליכן צו מצה. מצה, אַז מ׳הייבט־אָן קײַען, קאָן מען נישט אויפֿהערן. עס עסט זיך אַליין פֿון זיך, אַזוי צו זאָגן. אויף קיין שפּראַך קאָן מען נישט אַזוי פֿיל ריידן ווי אויף ייִדיש. ייִדיש איז אַ שפּראַך, וואָס רעדט זיך אַליין פֿון זיך, און וואָס מער מען רעדט, אַלץ מער ווילט זיך.

אין ייִדיש, למשל, קאָנט איר זאָגן „ווימלען", און אויב שוין ווימלען, וואָרן נישט טימלען, ברימלען, גרימלען, שטרימלען, פֿרימ־לען אאַז״וו? אין ייִדיש קאָנט איר זאָגן, אַז ער „צעפּוטיעט דעם גאַנצן עסק". איר קאָנט (ווי בײַ יהואָשן) אָנהייבן מאַכן „הכנות צו דער רײַזע", אַנשטאָט „זיך גרייטן אין וועג אַרײַן". איר קאָנט עס טאָן מיט פֿאַרדאָוועטקייט און אימפּעט, אָט אַזוי ווי שוין מאָרגן רײַז איך אָפּ (בלעטל 7).

אויף ייִדיש קאָן מען זאָגן: אַז דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן קאָכן און שווימלען (זײַט 24) און מען קאָן אויך זאָגן „שלאָגבאָם" אַנשטאָט „שטאַנגען", אָדער שראַנק אָדער ראָגאַטקע אָדער — אין ערגסטן פֿאַל, „שלאָגבוים". מען קאָן אויך זאָגן „פּיצימאָנציקע מדינהלע" (94), אָדער „קופּקעלעך גאָלד" (98) אַנשטאָט הויפֿנס גאָלד, און נאָך אַזוינע אומשפּראַכלעכקייטן — אויב יהואָשעס ווער־טערבוך וועט מיר דערלויבן צו ניצן אַזאַ וואָרט.

*

פֿראַגע: פֿאַר וואָס לייען איך אַ בוך? ענטפֿער: איך לייען אַ בוך, ווײַל איך האָב פֿײַנט ביכער; ווײַל ס׳איז מיר דערווידער צו זיצן

אין קאַפּעהויז און צו הערן ביכער. ווײַל איך בין מיד פֿון ריידן ענציקלאָפּעדיעס. גיי איך אַוועק אַהיים און לייען אַ בוך. וויל איך דאָס מענטשלעכע, דאָס ריין פּערזענלעכע, דאָס אומפּראָפֿעסיאָנעל ליטעראַרישע פֿון דעם בוך אַרויסלייענען; וויל איך דעם מענטש דערזען, מיט זײַנע שוואַכקייטן, זײַנע קאַפּריזן, און זיך פֿריידן אָדער ערגערן איבער דעם.

יהואָשעס „רײַזע" איז דורכויס בוך, פֿון דעם ערשטן באַנד ביז צום סוף און צוריק. בײַ יהואָשן איז אַלצדינג פֿינקטלעך אויפֿן אָרט, ווי עס פֿאָדערט די לאַגע. ער פֿאַרפּריוואַטיזירט נישט קיין איין שורה פֿון זײַן בוך. עס איז בלויז אַ בוך און נישט מער ווי בוך, אַזוי העלפֿט מיר גאָט, אָמן!

יהואָש איז אַ ספּעציאַליסט אין אַלצדינג. ער איז אַ טיכטיקער דענקער, אַ פֿײַנער האַרציסט, אַ געטרײַער זעער, אַ פֿלײַסיקער הע־רער, אַן איבערגעגעבענער זונשײַן־טרינקער, און ער ווייסט, ווי אַזוי מ'צעשטעלט דאָס אַלצדינג אויף אַן אָרט. בלעטל אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל — ווייסט ער — פּאַסט זיך אַ ביסל באַאָבאַכטונג. פֿאַרויס מיט דעם. פֿאַרטיק! איצט דאַרף אַזוי און אַזוי — שאַ, דאָ וואָלטן זיך געפּאַסט אַרײַנשלייפֿן עטלעכע אַפֿאָריזמען־איידלשטיינער. פֿאַרטיק. שוין אַרײַנגעשליפֿן. איצט — וואָס נאָך? אַהאַ! אַ ביסל ליריזם — אַ דריי דעם נשמה־קראַן מיט דער אויפֿשריפֿט „ליריק" — און עס פֿלייצט מיט ליריזם. 14 קאַראַט ריין. איצט גלאַט אַזוי גלײַכוווער־טער, וואָרטשפּילן. און פֿעט באַשמירט איז דאָס ברויט, וואָס ליגט אין זײַן רײַזעזאַק, און דאָפּל באַפּוטערט מיט זונענשײַן, און — טאַקע נאָך אַ מאָל — אויף בלעטל נומער 8, דיק באַשײַנט מיט זו־נענשײַן. אַזוי גייען בלעטער נאָך בלעטער. אָפּט פֿײַן פֿינקלדיק, ווי דאָס בײַטאָגיקע זאַמד פֿון דער מדבר און אַן דער געפֿאַר, אַז דער שטורעמווינט וועט אָנקומען און די טויטע זאַמדקערנער לעבעדיק מאַכן. אין יהואָשעס רײַזע־באַשרײַבונג איז בכלל נישטאָ קיין מעג־לעכקייט, אַז ס'זאָל אַרײַנוויייען אַ ווינט. עס איז פֿאַרמאַכט און פֿאַר־ריגלט אויף די זיבן ריגלען פֿון תורה, חכמה און וויסנשאַפֿט.

יהואָש האָט נישט נאָר באַשריבן זײַן רײַזע, נאָר ער האָט — ווי ס׳איז דער מאָטאָ פֿון דער העכסט לאַנגווײַליקער „טײַמס״ — באַשריבן אַלצדינג, וואָס איז פּאַסיק באַשריבן צו ווערן. ער האָט באַזונגען אַלצדינג, וואָס איז ווערט באַזונגען צו ווערן. נישט מיט האַרצשטורעם, נישט מיט פּלאַטער־געפֿילן איז ער צוגעגאַנגען צו זײַן אַרבעט. זײַן ליבע צו פּאַלעסטינע איז נישט די אומרויִקע פֿאַרצערנדיקע ליבע, וואָס מען פֿילט צו אַ געליבטער. עס איז די ליבע צו אַ געזעצלעך ווײַב. עס איז אַ רויִקע, העכסט סאַניטאַרישע, צוועקמעסיקע ליבע — מיט אַן אויסקוק אויף רעזולטאַטן. זײַן באַפֿליגלטקייט איז אַ מין שטעקשיך־באַפֿליגלטקייט, וואָס מאַכט גרינג די טריט און ווייך דאָס געמיט. דאָס אויג גייט זיך אַרויס אין פֿעלד און עס זעט נײַע בלימעכצן, און ס׳אויער — אַז עס האָט נישט וואָס צו טאָן — הערט עס הייסע סודות. און עס הערט — אויף בלעטל נומער 191 — ווי די פֿייגל האָבן זיך פֿונאַנדערגעסווישטשעט מיט גרויס אימפעט. און ווערט אונדזער ליבער יהואָש וואָרט־באַשעפֿעריש, גיט זיך אים נישט אײַן און עס קומט־אַרויס, אויף בלעטל 167: פֿונאַנדערזונדערערס.

*

יהואָש איז אַ גוטער רײַזנדער, אַ פֿײַנער וואָיאַזשאָר [2] — אין אַמעריקאַנישן זין פֿון וואָרט. יהואָש פֿאָרט אויפֿן הויכן ים פֿון געשעענישן, אָבער פֿון גײַסטיקער זע־קראַנקייט ווייסט ער נישט. זײַנע ימען — איך ברענג אַ ציטאַט פֿון י. ראַלניק — זײַנען שטילע. אָבער זײַנע שיפֿן? — גייען זײַנע שיפֿן ווײַט? ווײַטער ווי מען דאַרף? ווײַטער ווי עס פֿאָדערט די געדאַנקלעכע פערל־זוכערײַ און דער פֿאַנג פֿון הויכרויט פּאָעטישע קרעלן?

זײַנע ימען זײַנען שטילע. און אַ גוטער מאַטראָס איז ער. פֿאָרט ער אויף זײַן געמיטלעך שלעפּשיפֿל, מיט דער רעכטער האַנט אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער, און וואָס די האַנט געפֿינט — איז גוט. אַ מאָל

[2] אַרומפֿאָרנדיקער האַנדלס־אַגענט.

בייגט מען זיך אַריבער און מען זוכט מיט גרויס אָנשטרענגונג אַ גלאַנצפּערל. פּערל, פּערל, קום־אַרויס! פּערל, פּערל, קום־אַרויס. נעמט זי יהואָש פֿאַרזיכטיק מיט צוויי פֿינגער, וואַשט זי אין גיל־דערנעם מבול פֿון זונענשײַן, און דערנאָך גייט ער מיט איר אַרײַן אין זײַן פּריוואַטן געדאַנקען־קאַבינעט. שאַ, עס איז שטיל. אויפֿן שלײַפֿשטיין פֿון געדאַנקען שלײַפֿט יהואָש די פּערל אַזוי לאַנג ביז וואַנען זי באַקומט דעם ריין ליטעראַרישן גלאַנץ. דעמאָלט שטעלט ער זי אַוועק אויף בלעטל 30 און — די פֿעלדער ווערן בוכשטעב־לעך (באַמערקונג: מיט אַ גאַראַנטיע אויף צוויי יאָר!) באַדעקט מיט בלומען, אָן די „שוויריקייט“ פֿון בלעטל 29.

פֿאַר איך מיט יהואָשן. איז מיר נישט גוט און נישט שלעכט, נאָר ס'איז מיר אויסערגעוויינלעך גוט אויף אַ ריזיק־מאַמאָט־קאָלאָ־סאַל־גיגאַנטישן אופֿן. די וועלט איז שיין פֿון אויבן ביז אַראָפּ און צוריק. אומעטום זונענשײַן. אַ זופּ זונענשײַן און פֿאַרביסן מיט דעם טײַערן שטיקל גליק. פֿאַרגלוסט זיך אונדז אַן אַנדער פֿאַרווײַלן, ווי אויף דף 78, גייען מיר צו דער כּותל מערבֿי און מיר באַשרײַבן פּינקטלעך און בוכשטעבלעך יעדן אייזלטריט פֿון אונדזער אייזל. און מיר מאַכן טאַקע אַ וואָרטשפּיל וועגן ארץ־ישׂראלדיקע אייזלען, וואָס מיט דעם זײַנען מיר אויסן עמעצן אַ שאַרפֿן ביס צו טאָן מיט גיפֿטיקער סאַטירע. קומען מיר (נאָך דעם ווי טיגלען שמעלצן און עס פֿאַלן שמעלצן, (אינעם שלוסליד אויף די זײַטן 31 און 32) צו דער הייליקער וואַנט, באַמערקן מיר אַ שפּאַניאָלישע ייִדענע, וואָס וויינט און בעט גאָט אויף שפּאַניאָליש, און בעטלערס זעען מיר, און פּראָפֿעסיאָנעלע תּהילים־זאָגערס „וואָס דערמאָנען אונדז“, און סוף־כּל־סוף פֿאַלט אַ שטיין פֿון דער הייליקער וואַנט, צוליב דעם חן פֿון די פֿאַלט אַ שטיין־פֿערזן.

רויִק פֿאָרן מיר. רויִק זײַנען מיר. רויִק ערגערן מיר זיך און נאָך יעדן מאָל, וואָס מיר גיבן זיך אַ קאַפּיטשקע אַן ערגער, גייען מיר זיך אָפּוועגן אויף אַ וואָג, צו זען וויפֿל עס איז אונדז אָפּגעקר־מען אין געזונט. אַך, מײַן גאָט!

רויִק פֿאָרן מיר. רויִק באַמערקן מיר. קאַלט, דענקעריש, לאָמיר זאָגן: פֿילאָסאָפֿיש. באַמערקן מיר, עס ווערט קיל און טונקל אין אונדזער בוך, שלאָגן מיר אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אַ געדאַנק צו אַ געדאַנק, און עס ווערט פֿײַער. אָבער די אַרבעט איז שווער. דערמידנדיק. און פֿון די נאַקעטע בערג פֿון יהודה בלאָזט אַ ווינט, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט וואַרעמען און ווייך וואָלענעם פּעסימיזם. פֿאָרן מיר שנעל און שנעלער און זייער שנעל און מיר קומען צו אַ מין שטיינערנעם שלאָס „וואָס דערמאָנט אונדז" און — ווידער שײַנט די העכסט גינגאָלדענע זון, און ווידער פֿירן מיר יעדן קאַפּיטל אַריין־און־אַרויס מיט געזאַנג, ווי אַ כּלה צו דער חופּה. אַ מאָל דערשלאָגן מיר זיך צו פֿײַנשיינער מאָלערײַ, צו ציטער־שטילקייט, ווי דער ווילגעצייכנטער סילועט פֿון די הרי־יהודה אויף בלעטער 164—5: „אַלע ווײַלע איז דאָס פֿײַער אויפֿגעשפּרונגען (בײַ נאַכט) און אַנטקעגן די רויטע פֿלאַמען האָבן זיך געשוואַרצט לויז באַמאַנטלטע געשטאַלטן, זיצנדיק אין אַ קרײַז, און צוזאַמענגעקאָרטשעטע פֿרויען, מישנדיק מיט לאַנגע דאַרע הענט אין גרויסע, טונקעלע טעפּ. איבער זיי אַלעמען האָט זיך אַ געדיכטער רויך געפֿלאָכטן אין משונהדיקע געשטאַלטן. אַז די רויטקייט האָט שטאַרקער אויפֿגעפֿלאַקערט, האָבן זיך באַוויזן הינטער די שוואַרצע געצעלטן קעמלען מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער, און דאָ און דאָרט דער פֿאַרשפּיצטער קאָפּ פֿון אַ פּאַסטעכהונט".

דאָס איז אויסגעצייכנט. און די דאָזיקע שורות פֿירן, אַזוי צו זאָגן אַ פּריוואַט־לעבן. עס איז נישט דאָס עפֿנטלעכע לעבן פֿון די פֿאַלש אָנגעפֿאַרבטע ווערטער, וואָס גייען־אַרום פֿון ליד־צו־ליד. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער פֿאָרן מיר אַוועק פֿון אונדז ביז — זיך זעלבסט און צוריק. מיר ווערן אַ בוכשרײַבער. און מיר ניצן־אויס די באַרימטע לעצטע געלעגנהייט, כּדי דאָס בוך צו מאַכן אַזוי פֿון־אַלצדינג־צו־ביסלעכדיק ווי מעגלעך. ווילן מיר, למשל, אויסדריקן אַן אַפֿאָריזם, אַז מיר האָבן פֿײַנט גרים, בפֿרט אַזוינע וואָס מאַכן־אָן אַ טומל — זאָגן מיר נישט: שמעו נא, רבותי. הערט זיך אײַן ליבע

לייענערס און לייענערינס, מיר גייען אײַך דאָ דערציילן אַן אַפֿאָריזם. נײַן. דאָס איז צו איינפֿאַך. טוען מיר אַנדערש: מיר דערציילן אַ גאַנצע געשיכטע, וויסן זי, וועגן אַ קלויסטערגלאָק, וואָס מ'האָט אים מגייר געווען אויף אַ מין ייִדיש גלעקל פֿאַר אַלצדינג און מיר פֿירן־אויס — כּלומרשט זייער נאָכלעסיק — אַז זינט מיר זײַנען געוויר געוואָרן, אַז דער גלאָק איז פֿון גוייִשער אָפּשטאַמונג, האָבן מיר אים פֿײַנט געקראָגן. ווײַל? — גיב אַכטונג, זון מײַנער! איצט קומט עס: „ווײַל איך האָב פֿײַנט גרים, באַזונדערס אַזעלכע וואָס קלינגען".

שפּעטער — אָדער אפֿשר פֿריִער, ווער געדענקט עס? — קומען מיר אין דער קאָלאָניע אַבו־שושאַ, נאָך אַ לאַנגער רײַזע איבער די שפּיצן פֿון אַלערליי הויכגעדרייטע אַנעקדאָטן, און דאָרט, אין דער פּראַקטיקער מויער, „וואָס דערמאָנט אונדז" אַאַז"ו, זעען מיר: „דער גאַנצער טאָל שרון איז געווען אויסגעשפּרייט", אויף זײַט 124, פֿאַר אונדזערע אויגן אין אַלערליי בונטע קאָלירן. אָט איז די קאָלאָניע עקרון, און דאָרט איז רחובֿות, און נאָך ווײַטער איז ראשון־לציון. אונדזער אייגענע באַמערקונג: נאָך ווײַטער איז באָסטאָן, נאָך ווײַטער איז מינעאַפּאָליס. נאָך ווײַטער — איז גאָר שרעקלעך ווײַט!

און ווידער יהואָש: „די לופֿט איז געווען באַלזאַמיק און קלאָר". די לאַנדשאַפֿט אַ זאַנפֿטע (זאַנפֿט, זאַנפֿטער, זענפֿטיקער, זענעפֿט, מושטאַרדע) און באַרויִקנדיק און ווי צוגעפּאַסט פֿאַר אַ שטילן אָנשוילעכן לעבן".

אָנשוילעך לעבן. וואָס פֿאַר אַ לעבן דאָס קאָן שוין זײַן, מישטיינס געזאָגט!

*

מיר פֿאָרן, אַהין און צוריק און צוריקער. און זייער צוריק. און מיר שווײַגן נישט. מיר באַאָבאַכטן מיט אַלע אונדזערע כּוחות. מיר ווערן פּשוט, הערט איר, פֿאַרמאַטערט באַאָבאַכטנדיק.

דערציילט אונדז עפּעס איינער אַ קאַפּיר [3], אַז בײַ אים, ערגעץ וואָס ווײַט־ווײַט, אין אַל־די־גוטע־יאָר־לאַנד, רופֿט מען ארץ־ישׂראל „דאָס לאַנד פֿון שאַלאָמס״, איז גלײַך האָבן מיר אַ קאַפּיטל: „דאָס לאַנד פֿון שאַלאָמס״. צרות פֿון דינסטמיידלעך — אַ קאַפּיטל. זונ־פֿעדעם — אין בוך אַרײַן! עס איז שוין באַלד שבת. נו, גיכער. רירט זיך. עס ווערט שפּעט!

הערצלס יידנשטאַט — אַ קאַפּיטל. „צוריק״ — אַ קאַפּיטל. התאַחדות המושבֿות — אַ קאַפּיטל. קורץ: עס איז בײַ אונדז, ווי אויף זײַטל 122 אָנגעוואָליעט מיט געדאַנקען־בלומען, באַאַבאַכטונגען, אַפֿאָריזמען, פֿעדער־שפּריצן, זאַלץ־און־פֿעפֿער, געגראַמטע נײַס, פֿון־טאָג־צו־טאָג, עטצעטעראַ.

וועגן גלײַכווערטלעך און וואָרטשפּילן: ריידן מיר וועגן ריצנאייל־ביימער, גיבן מיר אָנצוהערן, אַז דער באַלעבאָס איז שוין דערווײַל לויז געוואָרן (אונטערגעשטראָכן „לויז״) פֿון אַ היפּשער סומע געלט. ריידן מיר וועגן דעם, אַז יידנלאַנד איז אַ טײַער לאַנד, שטרײַכן מיר אונטער, אַז דווקא די טײַערקייט פֿון לאַנד האָט אַ געוויסן מענטש שטאַרק אָפּגעשלאָגן דעם מוט זיך דאָרט צו באַזעצן. אויף דף 92 „באַטערנוען״ מיר אויף טיף ליטוויש. אויף בלעטל נומער 70 „גע־פֿינען זיך גוטע מענטשן, וואָס שטײַגן־אַרײַן אין פּרײַז״. שפּעטער — אָדער אפֿשר פֿריִער, ווער געדענקט עס? — קומט אָן אמת פֿײַ־נער אויסבליץ פֿון געלײַטערטן הומאָר. עס איז די באַשרײַבונג פֿון דעם תּימנער וואָפֿנשמיד וואָס פֿוילט זיך ב״ה צו אַרבעטן און וואָס די גאַנצע צײַט גייט אים ב״ה אַוועק אויף צו זוכן דאָס געצײַג און וועלכער שיסט זיך ב״ה אָפּ אַ פֿינגער מיט אַ ביקס, וואָס מ׳האָט אים ב״ה געגעבן צו פֿאַרריכטן. און ווידער ליטעראַריש פֿלאַכלאַנד, און ווידער אַלערליי באַשרײַבונגען, וואָס זײַנען ווערט באַשריבן צו ווערן, און געדאַנקען וואָס זײַנען ווערט געדענקט צו ווערן פּונקט אַט־אַ־דאָ־אָ. און עס איז העכסט אינטעליגענט געשריבן — מעשׂה

---

[3] שוואַרצער.

רײַזנדער פּאַסטאָר, מיט אַ טאַגע־ביכל. עס איז פֿול מיט דעם קוס־קוס־ישׂראליק־קום־אַהיים־פּאַטאָס. נאָר עס פֿעלט אָטעם — לעבע־דיקער, געזונטער, נישט מיט בלומען דופּטנדיקער אָטעם. עס פֿעלן פֿעלערן. עס פֿעלט — יהואָש, דער פֿערזענלעכער, דער גוטער, דער בייזער, דער פֿײַנער, דער רויער, דער מענטשלעכער נישט גאַנץ פֿאַרמאַנדלט און פֿאַרפֿײַנטער יהואָש.

עס פֿעלט דער יהואָש פֿון די בראָנקס, מײַנע הערן!

# אברהם רייזען

...פֿון יהואָשן צו רייזענען איז ווי דער איבערגאַנג פֿון אַ רייכן גלאָזגאָרטן, וואָס בליט סײַ זומער און סײַ ווינטער, צו אַ נאַטירלעכן גאָרטן, וואָס ליגט אין דרויסן און בליט און וויאַנעט אויף וואָס די וועלט שטייט. עס איז דער איבערגאַנג פֿון דער קינסטלעכער גלאָזגאָרטן־לופֿט, צו גאָטס אַלגעמיינער לופֿט, וואָס איז פֿול מיט וועלט־אונטערגאַנג און מיט פֿרײַנד. עס איז ווי דאָס איבערצי:ען זיך פֿון אַ לאַנד, ווו יעדער טאָג איז שבת קודש אין מיטן העלן טאָג, צו אַ לאַנד ווו מאָנטיק איז מאָנטיק און זייגער זיבן איז זייגער זיבן. עס איז ווי דער אונטערשייד צווישן אַ העכסט וווּנדערבאַרן פֿאַר־טרעט פֿון אַ בלאָנד מיידל ביז דאָס לעבעדיקע בלאָנד־זײַן פֿון אַן אַכצן־יאָריקער. עס איז ווי דער חילוק צווישן אַן 98סענטיקן העמד, וואָס איז שטײַף געפּרעסט, מיט אַ גלאַנץ פֿון אויבן, ביז אַ העמד פֿון זײַדנשטאָף, וואָס איז נגידיש־צעקנייטשט און אָפּגעלאָזן.

דער ערשטער באַנד פֿון רייזענס לידער איז אָפּגעלאָזן, נישט פֿאַרקעמט. ווען דאָס דאָזיקע בוך זאָל זײַן אַ מיידל, וואָלט עס גע־ווען אַ גרויסע שיינהייט (ברונעט), וואָס האַלט אין פֿאַרלירן די האָר־נאָדלען פֿון קאָפּ, און אַ האָרץ וואָלט זי געהאַט אַ גאָלדנס, נאָר די נעגל וואָלטן בײַ איר געווען נישט קיין גלאַנציקע. בײַ יעדער גע־לעגנהייט וואָלט זי גערעדט פֿון גליק און זי וואָלט געווען זייער אַ

קלוגע (אַ ליטוויש מיידל!) און זי וואָלט זיך באַנוצט מיט אַ מאַסע אויסרוף־צייכנס — ווי די פֿאָלגנדיקע אילוסטראַציע !!!!!!! (7 שטיק). און יעדעס מאָל, אײדער זי וואָלט זיך מיט אײַך באַגעגנט, וואָלט זי געזאָגט: אַך, אַך, ווּ איז מײַן העניע, דאָס גאָלדענע קינד! (בלעטל 27); אָ, דער וועג, ווי קורץ און קאַרג (34); אַך, זי (די שטאָט) גע־הערט דעם שׂטן (40); אַך, שיינע זומערטעג באַקאַנטע (45); אָ, האָפֿענונגען מײַנע, בליט! (59); אַך, איך גיי אויף אַ חתונה!...; אַך, איך גיי מיר נעמען ס׳לעבן; אַך, איך גיי מיך קויפֿן אַ שקאָרמיץ ווײַנשל!...

רייזען איז אַן אַך־שרײַענדיקער דיכטער. אָפֿט מאָל איז זײַן אַך־געשריי אַ ביסל צו הויך, אַ ביסל צו שׂכלדיק, אַ ביסל צו למה־זה־אָנכידיק, אָבער אומעטום איז זײַן אַך־געשריי טיף מענטשלעך, און אַז איר דערהערט דאָס דאָזיקע געשריי, זאָגט איר: אַך! גוט, וואָס ער קרעכצט! מיר אַליין פּאַסט נישט צו קרעכצן. איך בין אַ מאָדערנער מענטש. נו, זאָל רייזען פֿאַר מיר אַרויסקרעכצן מײַן טיף יִדישן אָך, וועט מיר גרינגער ווערן אויפֿן האַרצן און איך וועל מיר קענען שרײַבן מײַנע מאָדערנע לידער ווײַטער:

... עמעצער — ער גייט־אַוועק,
און ער קוקט מיך אָן אַזוי,
און איך ווייס נישט ווער ער איז...
און איך ווייס נישט ווּ ער גייט...

דער ציטאַט איז נישט פֿון רייזענען. עס איז פֿון יעדנמאַנס מאָדערנער דיכטונג. עס איז אַ מוסטערליד פֿון יונגשאַפֿט. אַז מע וויל, איז דאָס סימבאָליזם. און אַז מען שפּאַרט זיך אײַן און מען רופֿט־צונויף אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג פֿון זשעניס, קאָן מען באַשליסן, אַז דאָס פֿאָלגנדיקע איז דאָס בעסטע ליד פֿונעם הײַנטיקן יאָר־טויזנט:

מײַנע דראַמען זײַנען פלאַמען,
פלאַמען פראַנק און פרײַ.
בלאַנקען פראַנק די דראַמען־פלאַמען,

וי די אויגן פון אַ מאַמען,
ווען די מאַמע־אויגן פלאַמען —

אויף די ימים־אָקעאַנען...
ווו אַ ווינטשיף איז פאַראַנען,
ווו אַ ווינטשיף איז
פאַר
אַנען.

רייזען איז נישט קיין מאָדערנער דיכטער מיט שאַפונגען נאָכן לעצטן מאָדע־זשורנאַל. רייזען טוט נישט אָן זיינע גייסטיקע קינ־דער אַלע וואָך אַ ניי היטל, כדי מען זאָל זיי נישט דערקענען און מען זאָל מיינען, אַז דער טאַטע זייערער איז אַ פּרוכטבאַרער מענטש. רייזען איז אַ בכוחדיקער דיכטער. אַנשטאָט נייע היטלען, אַנשטאָט נייע פריזורן (ווי עס טוען אַ טייל יונגע) שאַפט ער נייע קינדער. רייזען גראַבלט נישט פון זיך אַרויס יעדן געדאַנק מיט די נעגל. ער רייסט נישט זיינע שטימונגען מיט צוואַנגען. זיינע גייסטיקע געבורטן קומען־אָן גרינג און אָן בלוט־פאַרגיסונג. דעריבער זעט איר נישט, אַז ער זאָל זיינע שאַפונגען אַזוי קעכלען־און־פעכלען ווי אַנדערע דיכטערס. דעריבער אַזעלכע נישט־גלאַטיקייטן ווי: „אַנ־שטאָט אַ קוואַל, געפינסט אַ שטיין (בלעטל 10) — וואָס עס מוז זיין „געפינסטו אַ שטיין״...

מיט אַ קליין ביסל אַרבעט האָט רייזען געקענט איבערבויען די שורה, עס זאָל זיך לייענען: „דו זוכסט אַ קוואַל — געפינסט אַ שטיין״. און דערפאַר האָט ער אויך אַזוינע נישט־פאַרזיכטיקייטן, ווי דער טאָן־וואַריאַנט אויף זיין ליד „דער ענדלער״, אויף בלעטל 24, ווו ער זאָגט, מיט פידל־באַגלייטונג:

„שטיל און אומעטיק און שפעט
האַרץ מיינס, וואָס האָסט׳ זיך צערעדט?״

וואָס גלייך נאָך דעם ווילט זיך זינגען:

„האָט איר נישט אָן אַלטע בעט?
אַלטע הויזן, אַלטע שיך,

אַלעס, אַלעס האַנדל איך.
האַנדל ! האַנדל !״

און וואָס אַחוץ דעם — איז דער „וואָס האָסט׳ ״ אַ ביסל אַ שווערפֿיסיקער. און בעסער וואָלט געווען צו זאָגן: „האָרץ, וואָס האָסטו זיך צערעדט.״

דאָס ברענגט אונדז אויפֿן אַפֿאָריזם, אַז רייזען איז געגליכן צום דײַטשישן פֿאָלק. דאָס דײַטשישע פֿאָלק לײַדט פֿון דײַטשן און אַבֿ־רהם רייזען לײַדט אויך פֿון — אַבֿרהם רייזענען... און דעריבער דער פֿאָלגנדיקער פֿערז, אין זײַן אויסגעצייכנט ליד „אויפֿן ים״:

„וואָס זשע טרײַבט דיך, וואָס זשע יאָגט דיך
אין דער וועלט אַלץ ווײַט און ווײַטער ?
זוכסט אַלץ נײַע, ברייטע הימלען,
מיינסט, אַז דאָרטן איז עס הײַטער ?״
(מיטן ניגון פון „מאי קא משמע לן״)

אַנשטאָט „ווײַט און ווײַטער״ האָט רייזען זייער וויל געקענט זאָגן „ווײַטער, ווײַטער״ און אַנשטאָט „הײַטער״ האָט ער געקענט זאָגן „יעפּרייטער״ אָדער „צוגפֿירער״. ביידע זײַנען כּמעט דײַטשי־שע ווערטער, און דאָס ערשטע איז פּונקט אַזאַ גוטער גראַם ווי הײַטער״.

רייזענס שטעלונג צו ווערטער איז בכלל אַ פּײַנטלעכע. דער „פֿאַראיין צו באַשיצן אומשולדיקע ווערטער״ האָט באַדאַרפֿט זען עפּעס טאָן. רייזען נעמט, למשל, אַזאַ קורץ און אומשולדיק וואָרט ווי וווּהין און מאַכט דערפֿון אַ „וו׳הין״... רייזען האָט אויך אַ שוואַכ־קייט צו אַזוינע קייזער־קעניגלעכע ווערטער ווי „זעגענען״, „זעעלע״, און אויף בלאַט 34 וויל ער „בלומען־דופֿטן שפּירן״.

רייזען איז, דאַנקען גאָט, נישט קיין פּראָפֿעסיאָנעלער דענקער. ער דענקערט נישט. ער לעבט. ער לעבט אין דעם גרויסן וועלט־געדאַנק, און פּרוווט זיך אין אים צו אָריענטירן. פּרוווט געפֿינען אַ זין אין דעם „האַרבסטשמייכל, וועלכער פֿאַלט אויף הוילע פֿעל־דער (13), פּרוווט פֿאַרשטיין די ניצלעכקייט פֿון דער גאָרטנרויז:

„דיך אַפּרײַסן פּלאָגט דאָס געוויסן
דיך נעמען אין האַנט איז אַ שאָד".

און וועגן ליבע:

אַך, נאָר דאָס איז ליבע,
אײביק זוך זי — זוך!
ווי עס ווערט באַשריבן
אין אַן אַלטן בוך...

און נאָך אַ מאָל די שווערקייט פֿון אַ לאַנגווײַליק גרויסשטאָטיש האַרץ:

„אומעטיק, מיידל, צו לעבן אַליין.
קענסט אפשר קומען צו מיר,
מײַן צימער איז אָרעם, מײַן צימער איז קליין,
האָט אַ באַזונדערע טיר,
האָט אַ באַזונדערע טיר,
נאָר קיינער, אוי, קלאַפּט נישט אין איר!"

וויפֿל אײדעלע שיינקייט! וויפֿל מוזיק! און וויפֿל פֿײַנע געדאַנקלעכקייט. אָבער דאָרט, וווּ אַן אַנדערער גיט די געדאַנקען אויפֿגעלייזטערהייט, גיט רייזען דעם פּרעפּאַראַט — דאָס ריינע געפֿיל אָדער די שטימונג, וואָס מוז ערשט צעפֿירט ווערן דורך דעם פּאָפּולערן געדאַנקען־וואַסער, כּדי צו ווערן דאָס, וואָס דער צײַטונג־לייענער רופֿט „פֿילאָסאָפֿיע".

רייזען איז אפֿשר דער גרעסטער גרויסשטעטלער אין דער ייִדישער ליטעראַטור; צווישן די עלטערע ייִדישע דיכטערס איז רייזען אפֿשר דער ערשטער, וועמענס שרײַבן האָט זיך פֿעסט אָפּגעריסן פֿון דעם תּלמודישן שטייגער פֿון מאָראַליזירן, פֿון שטראָפֿן, פֿון מוסרן.

רייזענען דאַרף מען נישט לייענען מיט רש"י אָדער מיט שׂפֿתי חכמים אָדער מיט תּרגום־בעל־מחשבֿות־קאָמענטאַרן, אָן וועלכע די יונגע קענען נישט אָפּגעשאַצט ווערן. רייזענס טאַלאַנט איז נישט דורכגעגאַנגען דעם אוניווערסיטעט פֿון קלאַסיציזם. אדרבא, ער

האָט געגעבן דער אַקאַדעמיע אַ דערציִונג, ער האָט זי גענומען אין חדר אַרײַן, צו זיך אַליין.

רייזען זינגט נישט פֿון לעבן, נאָר ער זינגט פֿון זיך דאָס לעבן אַרויס. רייזען איז דער דיכטער מיט אַ געבורטשײַן, מיט אַ היים ערגעצווו. ער איז אַ קינד פֿון טאַטע־מאַמע — אָבער נישט קליינ־שטעטלדיק. די קליינשטעטלדיקע „וועלט־בירגערלעכקייט", וועלכע מ'קען אַרויספֿילן פֿון די מאָדערנע דיכטערס איז אים פֿרעמד. ריי־זענס נשמה איז אַ גרויסשטאָטישע. בענקט זי נאָך דעם קליינעם שטעטל, נאָך דער פֿאַרשאָטנקייט, נאָך דעם פרימיטיוון לעבן־אויסדרוק. ווײַל:

„מיר שטאַמען אַלע פֿון אַן אַנדער וועלט..."

די וועלט פֿון עלעקטרישע שילדן איז נישט אונדזערע. און די שטיי־קראַגן־ציוויליזאַציע איז נישט קיין ייִדישע. ווײַל:

„מיר זײַנען פֿון וועלט די פּרושים,
אויף „טעג" בײַ די פֿעלקער באַשטעלט.
דאָ מאָנטיק, דאָ דינסטיק, דאָ מיטוואָך,
אַ שבת — אַ שבת נאָר פֿעלט..."

רייזען האָט ווייניק קאַפּריזן. דאָס געפֿעלט מיר נישט. אַ דיכ־טער דאַרף זײַן קאַפּריזנע — אַזוי ווי איך, און ער דאַרף נישט גע־פֿעלן ווערן די לייענערס, אָבער נישט דערפֿאַר ווײַל ער איז אַ גרוי־סער דיכטער, נאָר כאָטש ער איז אַ גרויסער דיכטער. דאָס אמת גרויסע און אייביקע אין רייזענס דיכטונג ווערט זעלטן פֿאַרשטאַ־נען. דאָס איז אַ שטיקל טרייסט. די רייזען־לידער, וואָס ווערן גע־זונגען פֿונעם עולם, זײַנען בכלל נישט זײַנע בעסטע (מיט דעם אויס־נעם פֿון „מאי קאָ משמע לן"). זײַנע בעסטע לידער זײַנען די גע־לעבטע לידער, נישט די געדיכטעטע — נישט די באַלאַדעס אאַז"וו. רייזען דאַרף נישט דיכטן. זײַן נשמה איז אַזוי פֿאַרבנפֿול און אַזוי רײַך אין עמאָציעס, אַז ער דאַרף נאָר געבן זיך אַליין. דעריבער זײַנען זײַנע בעסטע לידער די לירישע לידער, די לידער פֿון בענק־שאַפֿט, פֿון אייביקער רחמנות, פֿון פּיעטעט, פֿון שטילער רעזיגנאַ־

ציע. און דעריבער שרײַבט רייזען אין „פוילן־טאָג“ ווען פוילישע טעכטער גייען־אום זאַמלען מלחמה־נדבֿות:

„איך האָב פֿאַרגעסן אַלע לערעס,
וואָס מ׳האָט געפּלאַנצט אין זיי, אין מיר;
איך האָב געזען בלויז חורבות־הײַזלעך,
אַן אָרעמע פּויערטע בײַם טיר...“

רייזען שפּילט נישט דעם מלאך פֿון רחמנות. רייזען פֿאָזירט נישט. רחמנות, ליבשאַפֿט און בענקען זײַנען זײַנע טיפּסטע סענטימענטן. רייזען זעט די קרומקייטן פֿון לעבן אַזוי גראָד, ווי קיינער נישט פֿון אונדז. מיר זעען אַלצדינג קרום און ווינקלדיק — ער, רייזען, זעט אַלצדינג ראַציאָנעל און פֿון וואָרצל אַרויס. זאָגט צו די קינדער:

„אַנשטאָט געלט — האָט ער נאָר שערבעלעך.
וואָס זשע זאָל אײַך, קינדער, אַרן?
מיט די עכטע געלט, די קערבעלעך,
שפּילן זיך נאָר גרויסע נאַרן...“

אָדער אויף בלאַט 11:

„ווי קליין איז דאָס טײַכל געווען
און רויק זײַן וועג זיך געגאַנגען,
קיין מאָל געהאַט קיין באַגערן,
דעם ים, דעם אוקינוס דערלאַנגען...“

רייזענס פֿעלערן זײַנען, דער עיקר, אין דער קאָנסטרוקציע פֿון פֿערז, און אין דער שפּראַכלעכקייט. אַזוי, למשל, אין שיינעם ליד „די צוויבערין“ זינגט ער: „דער קאָזאַק פֿאַלט צום קערפּער צו, / און קריצט די ציין: / „ווי פֿאַלש ביסט דו“. בעסער וואָלט געווען, ווען אַנשטאָט ווי פֿאַלש ביסט דו“ — זאָל זײַן „דו, פֿאַלשע, דו!“. אויף בלאַט 138 האָט ער אַזאַ וואָרט ווי „גאָטס פֿלוך“, אויף בלאַט 142 האָט די שׂמחה „דערגרייכט דעם הייסעסטן גראַד“. אָבער דאָס איז אַלץ גאָר נישט. ווײַל וואָס איז דיכטונג? וואָס איז קונסט?

אַ שפּיל! און װער קאָן זאָגן, װי אַזױ מ׳דאַרף זיך שפּילן? און צו װאָס שלײַפֿן די פּערזן און פֿאַרלירן איבעריקע צײַט?

„דען די קינדער שפּילן
ביז ס׳פֿאַרגייט די זון
און זיי גייען שלאָפֿן,
ס׳איז קיין בייז דערפֿון...״

*

עס זײַנען פֿאַראַן ביכער, װאָס זײַנען קלוג און עס זײַנען פֿאַ־ראַן ביכער װאָס מוזן קלוג גערייענט װערן. די ערשטע זײַנען קלוג, דערפֿאַר װײַל זיי דריקן־אויס קלוגשאַפֿטן; די אַנדערע זײַנען קלוג דערפֿאַר, װײַל זיי קענען קלוג שװײַגן, קלוג באַהאַלטן זייער חכמה.

די ערשטע װערן שיין פֿאַרשטאַנען, די אַנדערע װערן שיין דער־טראַכט. בײַם ערשטן האָט איר ס׳געפֿיל, אַז איר פֿאָרט זייער גיך, אַז איר װעט ערגעץ אָנקומען. בײַם צװייטן האָט איר ס׳געפֿיל, אַז איר שטייט װוּנדערלעך שנעל, אַז אײַער נישט אָנקומען צום אָרט איז אַזױ אינטערעסאַנט, אַזױ טיף, אַזױ אַרום זיך אַליין־דערזעענ־דיק, װי דאָס לעבן, װי דער טויט, װי בײדע אין איינעם.

רייזענס װערק זײַנען מיט דאָפּלטע רעלסן. זיי גייען און קומען אין דער זעלביקער צײַט. איר פֿאָרט און איר האָט הנאה פֿון דער גלאַט־פֿאָרנדיקייט, פֿון דעם מעסיקן טעמפּ, פֿון דעם פֿײַנעם נשמה־קלימאַט, פֿון דער גרויסאַרטיקער װײיכקייט פֿון דעם װאָגן, פֿון דער נאַטורס שיינע פּראָװינצן, פֿון דעם לעבנס קונציקע אונטערװעגן, װעלכע צעטיילן זיך אין אַלערליי כּלומרשט זיגזאַגישע גענג און קומען זיך צונויף, כּדי זיך װידער פֿונאַנדערצוגיין.

רייזען שרײַבט אַ סך. און אַ סך מער װי דאָס. ער שרײַבט און ער צעשרײַבט דאָס שוין עטלעכע מאָל אָנגעשריבענע אויף זײַטיקע גאַנץ דינע שרײַבונגען, װעלכע קומען זיך צונויף בײַ אַ געװיסן טערמין — בײַ דעם אָטאָם פֿון הילפֿלאָזיקייט, בײַם ייִדיש־

לעבן טיפֿן רחמנות, בײַ דער ווײַט צעקנעפּלטער מענטשן־ליבע און דעמאָלט צעפֿאַלן זיך די אַזוי אויך ווייניק ניאַגאַרישע מאַטיוון — אויף קלענערע, גרויערע אונטערשטראָם־וואַריאַנטן, וואָס פֿלייצן־אַוועק צוריק אַהין־אַהין, פֿון וואַנען זיי זײַנען געקומען.

מיט רייזענען איז גוט צו פֿאָרן. ער פֿאַרמאַטערט נישט מיט האַלבע ווערטער. ער אויגלט נישט מיט די אויגן ווי אַ פֿאַלש־לי־טעראַרישער משיח. ער גייט נישט אויף האַרט שטיינערדיקע וועגן צו דער אומבאַקאַנטער מורא אַנוואַרפֿנדיקער הויכקייט. ער פֿירט אײַך נישט אין די פֿינצטערע שאַכטן, וווּ עס ליגן די קערנער פֿון דעם טונקעלן פֿלאַקס, פֿון וועלכן עס ווערן געשפּונען די טעג פֿון אונדזער לעבן. ער איז נישט קיין באַרג־קלעטערער, אונדזער רייזען. גייט איר מיט אים, האָט איר נישט דאָס פֿאַרגעניגן, וואָס קומט פֿון גײַסטיקן פֿאַרמאַטערט ווערן — ווי, צום בײַשפּיל, בײַ בערגעל־סאָנען. גייט איר מיט רייזענען, גייט איר נישט גיך און נישט פֿאַ־מעלעך. איר ווייסט, אַז ער — דער גוטער רייזען — גייט שוין פֿאַר אײַך. ער וועט שוין מסתּמא ערגעץ אָנקומען, און אויב נישט — אָרט אײַך שוין נישט. ווײַל ווו רייזען זאָל נישט גיין, נעמט ער מיט זײַן וועטער. ווײַל רייזען איז דורכויס דרויסן — שיינער, וווּנ־דערלעכער דרויסן, פֿון וועלכן מען קען נישט אַרויס און נישט אַרײַן.

רייזען איז נישט קיין אַנטדעקער ווי קאָלומבוס, נאָר אַ דער־פֿינדער ווי עדיסאָן. ער לאָזט זיך נישט אַוועק מיט אַ זעגלשיף אויף די ימען־אָקעאַנען, כּדי צו געפֿינען אַ נײַע וועלט.

ער זיצט בײַ זיך אין דער היים און דערפֿינדט אַלערליי אײַנ־פֿאַלן. פֿאַלט אים אײַן די טעמע „מוטער רחל" — טוט ער זי אָן אין אַ צײַטיקן און זייער לירישן אַנעקדאָט און — עס ווערט דערפֿון אַ שיינע און האַרציקע זאַך. רייזען קריכט נישט אַדורך דורך זײַן טעמע און קומט נישט אַרויס דורך דער אַנדערער זײַט, נאָר פֿאַר־קערט. ער ציט די טעמע דורך דורך זיך. ער לײַטערט זי מיט זײַן ווילן, ער פֿילטרירט זי דורך זײַנע נישט־אינעם־לעבן־איבערגעזעצ־

טע־וואָנטשן. און דערפֿון קומט־אַרויס אַ געמיש פֿון קלוג פֿאַר־צווייפֿלטע זשעסטן און חנעוודיקע פֿאַרליבטקייט אין לעבן, גלאַט אַזוי. אַפֿילו אָן חתן־מתּנות.

רייזען איז נישט קיין זוכער פֿון נײַע וועגן, נאָר — אַ פֿאַרלי־רער. קומט אים אַנטקעגן אַ נײַער וועג, לאָזט ער אים איבער אין דרויסן און פֿאַרלירט אים אין דער ריזיקער דרויסנקייט פֿון זײַן סטיל, פֿון זײַן פֿאַרענדיקטקייט.

געקומען די רעוואָלוציע פֿון יענע יאָרן און מיט איר די קרומ־קייט, די פֿאַנאַטישקייט און די נײַע רויטפּאָניקע חסידים, האָט ריי־זען געלאַכט — געלאַכט ווי אַ גרויסשטאָטישער מענטש און ווי אַ דערפֿינדער, וואָס אַז ער וויל, קאָן ער דערפֿינדן אַ נײַעם סאָרט מענטשלעכע „נאַטור", וואָס זאָל זײַן וויניקער פֿאַרוויקלט, וואָס זאָל זיך לענגער טראָגן און וואָס זאָל קאָסטן ביליקער.

רייזען איז אפֿשר דער איכישסטער דיכטער, וואָס מיר האָבן. רייזען גיט זיך — ניין, ער שענקט זיך אַוועק, כּמעט אומזיסט, צו שפּאָט ביליקע פּרײַזן. ציטערט אין אים די פֿײַנע סטרונע פֿון סימ־באָל — פֿאַרפֿיזיאָלאָגישט ער אָפֿט דעם דאָזיקן קלאַנג. גיט ער עס אין אַ רעמל. אין אַ זיכערער פֿאָרעם. מוז דער קלאַנג ערשט אַ נאָכקלאַנג באַקומען, כּדי צו ווערן דאָס, וואָס דער דיכטער האָט גע־וואָלט, ער זאָל זײַן. מוז ער האָבן אָן אַ שיעורדיקע דיסטאַנץ. אָבער רייזענס פֿײַן סימבאָלישע זאַכן, ווי „אײַזן", „דעם זיידנס לאַמטערן", זײַנען צו פֿיל פֿאַרריגלט, אַז זיי זאָלן לאָזן אָן אָרט פֿאַר דעם שטילשטילן נאָכקלאַנג, וואָס קומט פֿון די וועלטן אומבאַקאַנטע, פֿון וועלטן נישט אויסגעמאָסטענע.

*

האָב איך געלייענט זײַנע פֿײַן ליטעראַרישע ווערק בײַם ברעג ים. האָט אַ טיפֿער אומעט אויף מיר געווייעט: פֿונעם ים און פֿון רייזענס דערציילונגען. האָב איך אַרויפֿגעשמייכלט צו גאָטס הימל און געפֿרעגט: וואָס איז, אַ שטייגער, ווערט רייזענס אַ מענטש, נאָך דעם ווי מען האָט אים באַשריבן? צום בײַשפּיל, און אַז עס האָט

געטראָפֿן אַזוי, און אַזוי? צום בײַשפּיל, ביסטו דען, מײַן ליבער רייזען, מחויבֿ אַלע דײַנע שטילגייענדיקע מענטשן מיט דײַן אייגענער קינסלטער־נשמה אָנצוטאָן און זיי מיט פֿרעמדע נעמען אָנצורופֿן? פֿון וואַנען ווייסטו (איך רייד פֿון מײַן אייגענעם, העכסט פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט!), אַז דײַן העלד הייסט אַזוי און אַזוי? און פֿאַר וואָס, אָ, פֿאַר וואָס טוען זיי אַלע באַגיין אַזעלכע העכסט געוויינלעכע, דאָך העכסט באַשרײַבלעכע זאַכן? צום בײַשפּיל, פֿאַר וואָס איז נישט זייער לעבן אַזוי לאַנגווײַליק, אַזוי לאַנגווײַליק און אָן הויך אינטערעסאַנטע אינצידענטן ווי... מײַנס, ווי יענעמס?

רייזענס ביכער זײַנען אַזוי קערנדיק און ניצלעך ווי זיי זײַנען שיין און אַזוי אויפֿריכטיק ווי זיי זײַנען פֿול מיט איידעלן הומאָר און מיט מאָטיוו־פֿאַרביקייט. נאָר די מענטשן — די מענטשן זײַנע, די נישט־אַנטדעקטע, נאָר דערפֿונדענע מענטשן, אין זייערע גלײַכע גענג, אין זייער אַל־צו־מענטשלעכקייט, אין זייער בענקען נאָך דעם ביסל גליק, וואָס — אַך! ווען וועלן זיי עס שוין געניסן? — די דאָזיקע מענטשן, זאָג איך, האָב איך נישט זייער ליב. זיי זײַנען מיר נישט גענוג פֿרעמד. איך קען זיי כּמעט אַלע פּערזענלעך.

רייזען דער קינסטלער קאָן דערפֿינדן דאָס אומגעוויינלעכע אַפֿילו אין דער געוויינטלעכסטער זאַך, אָבער רייזען דער שרײַבער פֿאַרגעוויינלעכט אַלצדינג מיט אַן אָנהייב און אַ סוף און אין דער מיטן — און דאָס איז אַ שאָד!

## אַן ענטפֿער די הערן קריטיקערס [1]

מײַן בלאָנדע נאָרוועגערין האָט מיך געפֿרעגט:

— ווער זײַנען די משוגענע דערווישן, מיט צעשויבערטע בערד

[1] מײַן ערשטע פּיעסע „סוקסעס", וואָס איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן פֿון מאָריס שוואַרצן אין זײַן קונסט־טעאַטער, האָט אַרויסגערופֿן אַ שטורעם פֿון „קריטיק", אַ דאַנק דעם וואָס די פּיעסע באַהאַנדלט דעם שפּלין שטאַנד פֿון דער ייִדישער דראַמאַטורגיע פֿון יענער צײַט (1918).

און צעשראָפּעטע אויגן, וואָס שטייען הינטער אונדזער פֿענצטער און פּאָכען מיט די הענט און שרײַען „גיט אונדז זײַן קאָפּ“?

און איך האָב זיך געטוליעט צו איר און געזאָגט, נישט אַרויס־קוקנדיק דורכן פֿענצטער:

— שרעק דיך נישט, מײַן טײַער לעבן. דאָס זײַנען מסתּמא ייִדישע צײַטונג־שרײַבערס. עס איז אַ רחמנות אויף זיי. זיי בײַטיקן זיך, נעבעך, אין אַזאַ קאָפּ ווי מײַנעם. ביטע, הייס גרייטן צום טיש די טערקישע, שמעקעדיקע קאַווע!

און טרינקענדיק די ביטער־געשמאַקע קאַוועזאַפּט, און רויכערנ־דיק מײַן פּרימאָרגן־ליולקע, האָב איך — צווישן רויכערונגען — דיקטירט צו מײַן סעקרעטאַר דעם פֿאָלגנדיקן האַלבענטפֿער צו די הערן פֿון דער קריטיק:

קאָלעגן פֿון דער ק.! מײַן שוואַכלעכע קאָמעדיע „סוקסעס“ איז נישט געשריבן געוואָרן, צו דערהייבן די בינע אָדער וועמען נישט איז. איך האָב געשריבן מײַן טעאַטער־שטיק מיטן זעלביקן צוועק ווי עס איז געפֿירט געוואָרן די איצטיקע מלחמה — די לעצטע איז געפֿירט געוואָרן, כּדי אָפּצושאַפֿן מלחמות, און איך האָב געשריבן מײַן פּיעסע מיט דעם צוועק צו מאַכן אַ גרויס פֿאַרמעגן און נישט דאַרפֿן מער אָנקומען צו פּיעסן־שרײַבערײַ.

מיט מײַן דראַמאַטורגערײַ האָב איך געוואָלט באַווײַזן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז אַפֿילו איך, אַ נישט־דראַמאַטורג, קען אויך אָנ־שרײַבן אַ וווּנדערבאַר „מײַסטערווערק“ פֿאַרן ייִדישן טעאַטער, און צווייטנס, אַז אַפֿילו איך, דער גלענצנדיקער, לירישער, דיכטערישער נאַדיר, קען אויך נישט אָנשרײַבן קיין לײַטישע פּיעסע. און ביידע זאַכן זײַנען מיר אומגעהײַער געלונגען.

קאָלעגן פֿון די טעגלעכע גאַזעטן: איך בין זיך מודה, אַז איך האָב באַגאַנגען מאַיעסטעט־באַליידיקונג קעגן זײַן האָהײַט, עקסע־לענץ, האָכווירדן, דורכלויכט, רעווערענץ און אַלערהייליקייט[2] —

[2] משה נאַדיר באַניצט, פֿאַר איראָניע וועגן, אַלע מינים טיטלען פֿאַר אַדל־לײַט. — רעד׳.

דעם ייִדישן צײַטונג־שרײַבער, הללויה!

איך בין אַ פֿאַרנומענער מענטש, האָב איך נישט געהאַט קיין צײַט זיך צו דערוויסן, אַז אַ מאַנסביל, וואָס באַשעפֿטיקט זיך מיט אַזאַ דורכויס נאָבעלער אַרבעט ווי שרײַבן אין די בלעטער, איז די קרוין פֿון אַלע קרוינען, דער שפּיץ פֿון אַלע שפּיצן, די מאַיעסטעט פֿון אַלע מאַיעסטעטן. און אַז דאָרטן, ווו אַ דראַמאַטורג מעג זיך באַניצן — צום גוטן אָדער צום שלעכטן — מיט דעם נשמה־מאַטע־ריאַל פֿון איטלעכן קלאַס מענטשן, טאָר ער אָבער בשום אופֿן נישט אָנרירן די אומבאַפֿלעקטע, געטלעכע יונגפֿרוילעכקייט פֿון דער היי־ליקער בתולה, מיטן נאָמען „קונסט".

איך האָב דאָס נישט געוווּסט, מײַנע דורכויס ערהאַבענע ברי־דער פֿון דער שער־און־פֿעדער! איך האָב נישט געוווּסט, אַז אײַך, הערן פֿון דער ק., מעג מען בלויז באַשיר־השירימען — ווי איך האָב עס געטאָן אין מײַן „ערהאַבענער", „געטלעכער", „אומדערהערטער" מײַסטער־סקיצע מיטן נאָמען „אויף דער בערזע פֿון פּערל און גאָלד". וואָס דאָס איז אײַך בחושם זייער געפֿעלן געוואָרן.

יאָ, איך האָב נישט געוווּסט, אַז דער דורכויס נאָבעלער, דור־כויס גראַנסעניאָרישער צײַטונגמענטש איז אַזוי נישט־צום־אָנרירן ווי אַן אידעלע אַלפֿנבלום, און זײַן פּאַרשוינלעכקייט איז הייליק, ווי קאַרפּוס קריסטי אָדער — אַן אַלט שטיקל שיימעס (שמות), וואָס וואַלגערט זיך אין פּאַליש.

געליבטע! פֿרעג מיך: וואָס דען האָב איך יאָ געוווּסט? און איך וועל דיר ענטפֿערן: איך האָב געוווּסט, אַז בטבֿע איז מײַן קאָלעגע, דער ייִדישער צײַטונג־שרײַבער, שפּלדיק ווי גראָז און אַ ניכנע פֿאַר יעדן איינעם, וואָס האַלט אין דער האַנט ס׳שנירל פֿון זײַן פּרנסה, נעבעך, אומבאַשריַען! איך האָב געוווּסט, אַז דו, מײַן קאָלעגע פֿון דער פּען, ביסט דער שמייכל אויפֿן הער רעדאַקטאָרס פּנים — ווען ער שמייכלט, די טרער אין זײַן אויג — ווען ער וויינט, און דער צאָרנקנייטש אויף זײַן פּנים — ווען ער איז אין כּעס. איך האָב אָבער נישט געוווּסט, אַז דו, ייִדישער צײַטונג־שרײַבער, ביסט אַזוי

נאַריש־שטרויספּויגלדיק, און אַז דו גראָבסט־אײַן דײַן שוואַך קעפּל אין זאַמד, כּדי די דרויסנדיקע וועלט זאָל נישט זען דײַנע שוואַכקייטן.

הערן פֿון דער ק.! איר באַשולדיקט מיך, אַז איך האָב געוואָרפֿן אַ חשד אויף דעם „ערלעכן נאָמען" פֿון דער ייִדישער צײַטונג־שרײַבערײַ, אויף דער ריינקייט פֿון זייער לילִיען־פֿון־שאָרנדיקער[3] רעפּוטאַציע ווי פֿאַרהייראַטע מענטשן? מײַן ענטפֿער איז: עס איז נישט וואָר. אַדרבה. וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן די ייִדישע צײַטונג־מענטשן, אָבער זיכער איז, אַז זיי זײַנען די בעסטע, ערלעכסטע, געטרײַסטע, נאָבלסטע פֿאַמיליע־פֿאַטערס, וואָס מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן. טויזנטער פֿון זיי זיצן טאָג ווי נאַכט אין דער היים און וויגן די „בייבעלעך", און העלפֿן זייערע ליבע פֿרויען אין דער קיך־אַרבעט, און זיי האָבן אַפֿילו נישט קיין צײַט צו לייענען אַ ביכל — אָט וואָס פֿאַר אַ נאָבעלע פֿאַמיליע־„פֿאַטערס" זיי זײַנען!

און וועגן די נאָבעלע, דורכויס מאַגדאַלעניִשע פֿרויען פֿון די ייִדישע צײַטונג־מענטשן, האָב איך שטענדיק געהאַט די בעסטע מיינונג. זיי זײַנען ענגלען[4] — וואָהרע[5] ענגלען, אַזוי זאָל אונדז גאָט העלפֿן. איינס ווי איינס געקליבענע און דורכגעזיפּטע מלאָכים־לעך, וואָס די גאָטהייט האָט זיי אַראָפּגעשיקט אויף אונדז. איך האָב בלויז געוואָרפֿן אַ שטיקל חשד אויף דער גוטסקייט פֿון איין־אײנציקער פֿרוי פֿון איין־אײנציקן ייִדישן ליטעראַט, און אויף דער שׂכל־דיקייט פֿון איין־אײנציק ליטעראַריש מיידל פֿון איין־אײנציקן ליטעראַרישן קאָפּע.

פֿאַרשטייט איר עס, איר גאָט־באַגאַבטע פֿאַמיליע־„פֿאַטערס"?

ווען אַ דראַמאַטורג שילדערט, צום בײַשפּיל, אַ ייִדישן בלעכערס אַ פֿרוי ווי אַ האַלב־פֿאַרדאָרבענע, קומט נישט צו לויפֿן אַ דעלעגאַציע פֿון בלעכערס צו שרײַען: „ווו איז דער דראַמאַטורג?

---

[3] אַ ווערטערשפּיל פֿון די פּאָפּולערע טעאַטער־מחברים, צושטעלערס פֿון רעפּערטואַר פֿאַר דער קאַסע, ליליען און שאָר. — [4] מלאָכים. — [5] אמתע.

מיר ווילן אים קעפּן!״ ניין. בלעכערס זײַנען נישט קיין צײַטונג־מענטשן. זיי זײַנען בעלי־שׂכל. פֿאַרשטייען זיי, אַז עמעצנס פֿרוי מוז דאָך (לכל הדעות) זײַן אַ פֿאַרדאַרבענע, אַז נישט — וואָס וועלן טאָן די ראָמאַנען־שרײַבערס, דראַמאַטורגן, סקיצן־שטעפּערס און אַזוי ווײַטער? „און אויב אַזוי״, טראַכטן זיך די בלעכערס — „וואָס שפּילט אַ ראָלע איין פֿאַרדאַרבענע פֿרוי צווישן אַזוי פֿיל ערלעכע בלעכערניצעס?״

אָבער ווען עס פּאַסירט, אַז עמעצער וואַרפֿט, חלילה, אַ שאָטן פֿון אַ שאָטן פֿון אַ חשד אויף אַ ווײַב פֿון אַ יִדישן שרײַבער (אַ שרײַבער, מערקט אײַך, וואָס „פֿאַרפֿירט״ טאָגטעגלעך עטלעכע יונג־פֿרויען אויף דף ג׳ פֿון דער צײַטונג און מאַכט דערפֿון אַ שיין לעבן!) — אָך, וואָס פֿאַר אַ מאַרכשטורעם עס הייבט זיך אויף! און אָך, ווי מען לויפֿט־נאָך דעם פֿײַן אויסגעפּוצטן משה נאַדיר, און מען וויל אים קרייציקן מיט אַ הכשר פֿון הרבֿ ר׳ זישעלע, נרו יאיר!

אַגבֿ, פֿאַרשטייען די פֿאַראייניקטע יִדישע געווערקשאַפֿטן פֿון קריטיק, אַז די דראַמע (איבער הויפּט די קאָמעדיע און לוסטשפּיל) האַנדלט נישט מיט דער „רעגעל״, נאָר מיט דעם אויסנאַם? און אויב די מאָדאַמען אַשכּנזיס און סאָניעס און קאַרליקס און בוכביג־דערס און שאַפּירס זײַנען בלויז אַן אויסנאַם אין אונדזער פּאַפּירע־נער וועלט, איז דאָך דאָס אַ באַווײַז, אַז אַלע איבעריקע פֿעדער־פֿי־רערס זײַנען חכמים־דע־לוקס, גרויסע דענקערס, נבֿיאים, סנהדרין, איבער־מענטשן, סופֿער־שרײַבערס, און עס קומט דאָך מיר דערפֿאַר אַ דאַנק פֿון דער דזשויש־סענטראַל־פֿעדערײשאָן־אָוו־קונסט־קריטי־קערס...

פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען זייער פּאַפּירענע הויכקייט וואָלט געהאַט אויגן נישט נאָר אויף צו קוקן, נאָר אויף צו זען, וואָלטן זיי אפֿשר באַמערקט אויף מײַן ברעט אַ וואַסערפֿונק פֿון רחמנות צו זיי — די גײַסטיקע בעל־מלאכהס וואָס האָבן, נעבעך, אַלע יסורים פֿון אַ גע־ווינעריץ, אָן דעם נחת פֿון האָבן אַ קינד — וואָלטן זיי אַרויסגעהערט פֿון מײַן אַשכּנזין און פֿון ברענערן, אַז נישט אויסלאַכן בין איך גע־



משה נאַדיר אין דרײַ צײַטן פֿון זײַן שרײַבער־לעבן

קומען, נאָר מעלאַנכאָליזירן איבער זײַן פּסעוודאָ־קינסטלעריש װעלטל, װאָס איז אַזוי פֿרעמד צו אַלעמען — אַפֿילו צו זײַן אײגענער פֿרױ און אַפֿילו צו די „ליטעראַרישע" מײדלעך, װאָס װאַרעמען זיך בײַם גראָשענעם ליכט פֿון זײַן רום און — װי זײַן שאָטן — פֿאַרלאָזן זײ אים, אַזױ גיך װי ער טרעט־אַריבער אין פֿינצטערניש פֿון אומ־דערפֿאָלג.

געזונטע קינסטלערס, געזונטע מענטשן, האָבן נישט קײן מורא, אַז מען רירט זײ אָן, אַז מען װײַזט זײ זײער פּנים אין די קרומע שפּיגלען פֿון סאַטירע. נאָר די שװאַכע, די היסטערישע, די מיאוס־פּנימדיקע דערשרעקן זיך אױף טױט, װען עס פֿאַלט אױף זײ דאָס ליכט פֿון אַ שמײכלדיקן אױג.

1918

## היימלאַנד! [1]

כ׳קאָן מיך נישט גליטשן דאָ אין ניו־יאָרק.
דער ים ווערט דאָ קיין מאָל פֿאַרפֿרוירן!
דאָס איינציקע, וואָס איך קען אין ניו־יאָרק,
איז בלאָנדזשען און ווערן פֿאַרלוירן.

כ׳קאָן דאָ נישט שווימען, דער ים איז צו טיף.
כ׳בין געוווינט צו אַ טײַכל וואָס שפּיגלט!
פֿאַרמאַכט איז דאָס לעבן דאָ אין ניו־יאָרק,
מיט מויערן הויכע פֿאַרציגלט.

כ׳וואָלט וועלן צעשפּרייטן די הענט אַזוי ברייט —
קאָן איך נישט, ס׳איז אַזאַ ענגשאַפֿט!
צעשפּרייט איך די פֿליגל בלויז פֿון מײַן האַרץ
און פֿלי אויף מײַן אייגענער בענקשאַפֿט...

אָ, היימלאַנד, מײַן היימלאַנד, דו ביסט אַזוי שטיל,
און איך בין אין דיר אײַנגעראָטן...
וואָס וועט פֿון מיר ווערן אין היגן הו־האַ?
איך רייד דאָ אַליין צו מײַן שאָטן...

---

[1] געדרוקט אַרום 1900 אין טעגלעכער העראַלד אונטער דער רעדאַקציע פֿון בן־פּורת (מאַקס בוקאַנסקי: 1848—1903).

## ס׳איז פריילעך

ס׳איז פֿריילעך. איך גיי אין די גאַסן
און דריי מיר מײַן שטעקן און פֿײַף.
בײַ מענטשן — דער טרויער אין די הערצער,
אויףביימער — די פֿרוכט איז שוין רײַף.

ס׳איז פֿריילעך. איך גיי אין די גאַסן
און שפּיל מיט מײַן שטעקן און זינג:
ס׳איז שווער דאָך צו זײַן אַזוי פֿריילעך
און טרויעריק צו זײַן אַזוי גרינג!...

1910

## האַרבסט

אַ רייד נישט פֿון שטאַרבן,
מײַן ליבהאַרציק קינד,
דו רייד נאָר פֿון לעבן
און ליבע אַצינד.

דאָס גאָלד פֿון די לאָקן,
וואָס צירן דײַן קאָפּ,
זיי ברענגען פֿון הימל
מיר אוצרות אַראָפּ.

פֿאַרלעשט זיך אין הימל
דאָס גאָלד פֿון דער זון —
נישט אַרעמער ווער איך,
אַ קינד מײַנס, דערפֿון.

און טראָגט זיך פֿון צפֿון
אַ פֿראָסטיקער ווינט,
דײַן אָטעם דאָך ברענגט מיר
דעם פֿרילינג אַצינד.

און ווערט אויך פֿאַרשווונדן
די שוואַלב און די בלום —
בײַ דיר אין די אויגן
נאָך שוועבן זיי אום...

## לײדיק

עס איז לײדיק די ערד, און איך בין
דער לעצט־לעצטער זון פֿון מײַן שטאַם.
שטיל דין איך צום גאָט פֿון דעם בליץ,
צום גאָט פֿון דער שווערד און פֿון פֿלאַם.

שטיל דין איך צו גאָט, נאָר קײן פֿאָרכט
פֿאַרן אײביקן גאָט האָב איך ניט;
דען עלנט ווי גאָט בין איך זעלבסט.
לײַד איך נאָר שטיל מיט אים מיט...

1910

## קידושין־רינגל

רינגעלע, רינגעלע,
רינגל פֿון גאָלד,
איך האָב פֿאַר דיר טײַער,
אוי, טײַער באַצאָלט.

אַ הײם, אַ געליבטן,
און קלײדער פֿון זײַד.
נו, איז זי פֿאַרשוווּנדן
די גאָלדענע צײַט.

רינגעלע, רינגעלע,
רינגל פֿון גאָלד,
פֿיל גאָלדענע טרוימען
דו האָסט מיר געמאָלט.

גאָלדענער רינגל,
אוי, רינגל פֿון גאָלד,
איך האָב פֿאַר דיר טײַער,
אוי, טײַער באַצאָלט.

## דער דעמב און דער שטראָם

בײַם לויפֿנדן שטראָם שטייט אַ דעמב
און שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם פֿלוס,
און האָרכט מיט גרויס קנאה זיך אײַן
אין פֿריילעכן, הילכיקן גוס.

און ס׳טראַכט מיט גרויס קנאה דער בוים:
ווי גוט איז אַ וואַסער צו זײַן!
צו זײַן אַזוי יונג — אַזוי ווילד,
צו בלאָנדזשען וועלט־אויס און וועלט־אײַן.

ווי גוט איז צו זײַן אַזוי פֿרײַ,
ניט זײַן צו קיין וואָרצל פֿאַרקנעכט;
און טראָגן דורך לענדער גאַנץ ווײַט
דעם סוד פֿון די טעג און די נעכט.

פֿאַרבײַ אַ פֿאַרצײַטיקן דעמב
אַ צאַפּלדיק וואַסער זיך אײַלט:
און קוקט מיט פֿיל קנאה צום בוים,
וואָס הונדערטער יאָרן דאָ ווײַלט.

ווי גוט איז אַ דעמבע צו זײַן!
צו זײַן מיט די וואָרצלען באַהאַפֿט,
וואָס וועבן און טונקלען פֿאַר דיר
און גיבן דיר נחת און קראַפֿט...

ווי ווויל איז צו האָבן אַ היים
און האָבן אַ וואָרצל, אַ שטאַם,
ניט ווערן פֿאַרשלונגען צום סוף
פֿון טיפֿן און אייביקן ים...

1913

# לידער פון אַ פאַרהייראַטן מאַן

## מ׳דאַרף נישט ברוגז זײַן

מ׳דאַרף נישט ברוגז זײַן דערפֿאַר,
אַ מאַן בלײַבט מאַן און פֿרוי בלײַבט פֿרוי,
און אייביק בלײַבט די אַלטע וועלט אַזוי.
אַ מאַן דאַרף זײַן — אַ הונט, וואָס לויפֿט־אַרום,
אַ פֿרוי דאַרף זײַן — אַ מלאך גוט און פֿרום.
און ביידנס קינדער טיילן זיך אַזוי:
אין הינט און אין מלאָכים. ליבע פֿרוי —
מ׳דאַרף נישט ברוגז זײַן דערפֿאַר!

## וועגן דער כּתובֿה

לייען איך מיר די כּתובֿה איבער,
רעדט זיך פֿון „מזונות״ דאָרטן;
רעדט זיך, אַז דו דאַרפֿסט צו קענען —
קאָכן, נייען, באַקן טאָרטן.

רעדט זיך דאָרט: איך דאַרף דיך קליידן,
דאַרף דיך שוכן, געבן עסן,
און די קינדער, זאָלן לעבן,
דאַרף מען אויך צו געבן עסן.

רעדט זיך דאָרט, אַז מיר פֿאַרבלײַבן
טיש־און־בעט־חבֿרים תּמיד,
לייען איך איבער די כּתובֿה
און עס פֿאַלט אויף מיר אַן אומעט...

## שטילערהייט

זי וואַשט מיר די שניפּסן און העמדער,
זי פּרעסט מיר די נאָזטיכלעך גלאַט,
זי גיט מיר צו עסן פֿון שענסטן
און גיט מיר אויך ליבשאַפֿט צו זאַט.

זי זאָרגט פֿאַר מײַן זעל און זי זאָרגט אויך,
איך זאָל ניט פֿאַרנעצן די פֿיס,
זי באַקט מיר דאָס לעבן אויף האָניק,
עס איז אַזוי זיס, אַזוי זיס!...

זי ליבט מיך. גאָר פּראָסט און גאָר פּשוט,
ווי ס׳ליבט זײַן שטיק פֿלייש — האָטנטאָט,
און איך בין באַקאַנט ווי אַ „מערדער״,
און זי איז באַרימט ווי אַ „גאָט״...

## אין ווילדן וואַלד

איך בלאָנדזשע־אום
אין ווערטערוואַלד,
אין ווילדן וויסטן ווערטערוואַלד —
בלאָנדזשע איך אום.

אַליין אין וואַלד,
אין ווילדן וואַלד,
אין ווילדן וויסטן ווערטערוואַלד —
אַ—ל—יין!

## אַרויף און אַראָפּ

כ׳האָב אויפֿגעהויבן צו גאָט די הענט
האָט ער מיך נישט דערקענט;
כ׳האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דר׳ערד —
האָט זי מיך גלײַך דערהערט.
און שטיל און פּראָסט און סתּם,
איז פֿון איר מויל אַרויס אַ פֿלאַם,
האָב איך מיט פֿלאַקערדיקע הענט —
זיך ווידער צו גאָט געווענדט.
נאָר גאָט און די ווײַסע שטערן —
האָבן מיך ניט געוואָלט דערהערן!

## לידער און ברויט

איך גיב אײַך מײַנע לידער,
שענקט אַ שטיקל ברויט!
איך בין שוין אַזאַ מידער —
פֿון בארען זיך מיט נויט.

ניט וועלנדיק זיך בייגן
צו שטרויכלונגען אויף וועג —
האָב איך גאָר אויסגעבויגן
מײַן קאָפּ אויף קריקצווועגס.

כ׳האָב שוין מער קיין שטאָלץ ניט —
ס׳איז אָפּגעטאָן די ווירד,
כ׳קוק שטום צו די וואָלקנס
איך זאָג זיי: „פֿירט מיך, פֿירט!"

די פּראַכט איז אָפּגעריטן —
בין ריטער אָן אַ לאַנץ!
און וואָס עס איז פֿאַרשניטן
ווערט שוין מער ניט גאַנץ...

איך גיב אײַך מײַנע לידער,
שענקט אַ טראָפּן פֿריד!
איך בין איצט אַזאַ מידער,
איך בין אַ מידער ייִד.

בין פֿאַרברענט פֿון ווינטן,
באַוויינט פֿון רעגנבליפּ;
ווו קיל איך אָפּ די טינטן
פֿון מײַנע מאַנוסקריפּט׳?

ס׳קען צו מאָל אַ וואָרעם
ניט לעבן אָן אַ פֿרײַנד,
און איך בין אַזוי אָרעם,
עלנט און אַליין!

*

איך גיב אײַך אײדל-ביינער,
גיט מיר ברויט און קוואַס!
עס זאָל כאָטש אונדזערס איינער
ניט אויסגיין אין דער גאַס...

פֿון שטיינער, וואָס מען וואַרפֿט מיר —
איך בוי ניט קיין הויז,
נאָר וויסן זײַן — דאָס דאַרפֿט איר —
אַז איינזאַם גיי איך אויס!

עס ווערן לײַט אין נאָרדן
אָפּט מאָל טויט פֿאַרשנייט
און איר ווערט מיך דערמאָרדן
מיט פֿאַרשוויגנקייט...

דען ווערט איר נעבן העקל
לייגן דעמבעברעט
און קלינגען אויף די גלעקער
דעם טויט פֿון אַ פּאָעט.

## ליידיק פּאַפּיר

פֿאַר מיר ליגט אַ ריינער בויגן פּאַפּיר.
ריין — ווי אַן אומשולדיק מיידל.
איך וועל אים פֿאַרשמירן און באַשמוצן.
און פֿיל נאַרישקייטן באַגיין.
אויף זיך אַליין שטיינער וואַרפֿן.
און דאָס הייליקסטע וועט דאָך אין מיר בלײַבן.
וועל עס אויף דעם פּאַפּיר ניט אַרויסהויכן.
אָרעם, אומשולדיק פּאַפּיר!

אויף דיר האָט מען געקענט שרײַבן שיר־המעלותן
אָדער ברית־קאַרטלעך,
און לײַט זאָלן נישט האָבן וואָס צו ריידן,
און די ליבע פּרעסע זאָל נישט זײַן אויפגערעגט,
און די קריטיקערס זאָלן זיך נישט ערגערן.
נאָר איך נעם נישט אין באַטראַכט.
האָב עס קיין מאָל נישט געטאָן.
מײַנע נאַרישקייטן האַלט איך פאַר זייער וויכטיק.
באַגיי איך זיי.
שרײַב איך זיי אויף.

# „ריווינגטאָן - סטריט“

פראַגמענט

...איך געדענק נאָך דעם טעגלעכן העראַלד,
די אידישע וועלט
די וואַרהייט
יעקבֿ גאָרדינס לוויה...
און ווי מ'האָט'ן געמאַכט אַ הספּד אין טאַליאַ־טעאַטער.
און ווי באָראַנדעס האָט זיך געזעגנט מיטן בר־מינן:
„זײַ געזונט, ליבער יעקבֿ גאָרדין,
דו ביסט טויט — ניין, דו ביסט נישט טויט.
דו לעבסט!
און איצט — מאַכט ער —
זאָלן אַלע שרײַבערס וואָס געפינען זיך אין טעאַטער,
אויפשטיין און אָפּגעבן כּבֿוד דעם גרויסן מת“...
האָט זיך ס'גאַנצע טעאַטער אויפגעשטעלט!

איך געדענק נאָך ריווינגטאָן־סטריט,
ווען אונדזערע הײַנטיקע דאָקטוירים פֿלעגן גיין אין קאָלעדזש
אויפֿן חשבון פֿון זייערע כּלות,
וועלכע האָבן געאַרבעט בײַ העמדער,
און אַזוי גיך ווי זיי האָבן געקראָגן דיפּלאָמען,
האָבן זיי ערשט דערפֿילט, אַז זייערע נשמות, איך בעט־איבער
אײַער כּבֿוד,
לעכצן גאָר נאָך פֿעטע, גלאַטע, פּוכענע, פּלוסטערינע ווײַבער,
נישט נאָך קיין אויסגעהאָרעוועטע שאַפּמיידלעך,
וואָס ווייסן נישט ווי אַזוי צו פּאַטשן די דינסט
און ווי אַזוי צו טרינקען, איך בעט אײַך איבער, אַ קאָקטייל.

ווי מיינט איר, מיסטער, איך רייד אַ ביסל צו פֿיל?
איז אָבער די זאַך וואָס איך רייד נישט איינער אַליין,
מײַנע צרות ריידן.
און איך מיט מײַנע צרות
זײַנען מיר, קיין עין־הרע, אַ גאַנצער „מעדיסאָן סקווער גאַרדען“...
ריידן מיר צו קאָפּיטשקעס,
וואָסימיר אײַך זשאַלעווען? וואָס זײַנען מיר עפּעס, האָ?
אַ חיים־נחמן ביאַליק, וואָס פֿאַר באַזינגען אַ פּאָגראָם נעמט ער
15 סענט אַ וואָרט,
און פֿאַר שרײַען „גוואַלד“ רעכנט ער אַ טולער מיט אַ קוואָדער?
צי אַ מיסטער לייוויק, וואָס אויף דעם קליינעם וואָרט „אוי“
האָט ער אַ „קאָפּירייט“ [1] אין וואַשינגטאָן,
און וועלכער ייִד עס זאָל נישט ניצן דאָס וואָרט „אוי“,
מוז אים צאָלן אַנדערטהאַלבן פּראָצענט נעט פֿון דער אײַננאַמע?

צי מיסטער אַבֿרהם רייזען, וואָס גייט־אַרום איבער די גאַסן

---

[1] דאָס אויטאָרן־רעכט.

אוןווישט־אָפּ פּרעמדע קינדער די נעזלעך
און נעמט בײַ זיי צו די „לאַליפּאָפּס״[2]?

צי אַ יאָסעלע ראָזענבלאַט,
וואָס אַז ער זינגט זײַן אײניקל אַ וויגליד,
לאָזט ער אים גלײַך איבער
אַ ביל[3] אין וויגעלע אויף אַ פּופּציקער?

צי אַ נחום סאָקאָלאָוו, וואָס אַז מ׳זאָגט אים „גוט־מאָרגן״,
ענטפֿערט ער,
אַז אין פּרינציפּ איז ער אײַנפֿאַרשטאַנען, באַט[4]...?

צי אַ ד״ר קאָראַלניק, וואָס אַ וואָרט איז בײַ אים אַזאַמאַנזאַך,
וואָס מע דאַרף עס זוכן אין אַלט ביכל, אַז ניט — האָט׳ן
עס נישט?

בײַ אונדז — בײַ מיר און בײַ מײַנע צרות, הייסט עס —
איז אין דר׳ערד אַרײַן, הערט איר,
זאָלן גיין אַלע אָנגעשמירטע און אָנגעפּודערטע ווערטער!
אַ כאָליערע אויף זיי!
אַ וואָרט מיט אַ ביקס האָט נאָך עפּעס אַ ווערט,
אָבער אַ וואָרט אַליין מיט זײַדענע העניטשקלעך — פֿוי!
נאַט אײַך דערפֿאַר אַ גראַצער און גיט מיר רעשטע!

איר ווילט אפֿשר אַ שטיקל כאַלוואַ, מיסטער?
אַ ביסל געברענטע מאַנדלען? אַ פּאָר פֿײַגן?
איר קענט שפּילן דערויף! אָט זײַנען די ביינדלעך,
ניין? איז ניין.
אפֿשר אַ פּאָר גוטע באָקסערלעך? (אַ ביסל ווערעמדיק).

---

[2] לעקצוקערל. — [3] פאַקטורע, אַ צעטל צו צאָלן. — [4] אָבער.

כע־כע־כע! געווען אַמאָל גוטע צײַטן אין אַמעריקע!
אַ סקונער ביר — פֿינף גראַצער — לאַנטש פֿרײַ.
אַ דינער דרײַצן סענט, מיט געפֿילטע מילך
און מיט אַ קאָמפּאָט און מיט סייספּרעלע[5].
און טאָמער האָט זיך אַ מאָל געמאַכט אַ קריזיסל,
איז דאָס אויך געווען קײַ־און־שפּײַ.
ווי קומט עס צום הײַנטיקן קריזיס?
הײַנטיקע צײַטן איז אַלצדינג גרויס, גרויס!
געבײַדעס 104 שטאָק!
טעאַטערס פֿאַר צוואַנציק טויזנט מענטשן מיט אַ מאָל!
מלחמות, ערד־ציטערנישן, כאָליערעס, באַנקראָטן, אַרבעטלאָזיקייט,
אַלץ מיט אַ ברייטער האַנט,
מאַסן־פּראָדוקציע,
סעקשען־אַרבעט[6].

אין דער קינאָטיקער מלחמה, שמועסט מען, וועט׳ן צאָלן די
זעלנערס פֿון... שטיק,
1.90 $ סענט פֿאַר הרגענען אַ טוץ שונאים...
צוויי טוץ — פֿאַר דרײַ מיט פּופֿציק.

וויפֿל האָבן מיר הײַנט אַרבעטלאָזע?
12 מיליאָן? 16 מיליאָן?
און ס׳וואַקסן, גלויבטינאַייבערשטן, ווי אויף הייוון.

און וואָלסטריט האַלט אין איין קראַכן
און סטאָקס[7] פֿאַלן.
דאָס איינציקע אַרטיקל, וואָס הייבט זיך
איז דער דלות.
ווי זינגט מען אין יידישן טעאַטער?

[5] מטעמים. — [6] פּאַרציאַליזירונג פֿון אַרבעט. — [7] אַקציעס.

„אוי, ד־לות,
כ׳האָב דעך ליב פֿון דער וואָהטן.
אוי ד־לות,
דערמאָנט מעך אין בעסערע צאָהטן".

אַנטשולדיקט וואָס איך רייד אַזוי פֿיל!
געדאַנקען זײַנען בײַ מיר אָנגעקנוילט,
צונויפֿגעקוועטשט ווי אָדלערס אין שוואַלבן־נעסטלעך.
איך בין צו קליין
פֿאַר אַזוינע גרויסע געדאַנקען,
וואָס באַפֿאַלן מיך אָפּט
און שפּאַרן זיך דורך דורך מיר
צו צווייַ אין דער ברייט
און מאַכן מיר חרובֿ דעם קאָפּ.

אַמאָל, דאַכצאַכמיר, הערט איר,
אַז איך בין דאָס טאַקע אַליין
דאָס אַלטע ריווינגטאָן־סטריט,
וואָס וויל נאָך דערווײַל נישט גײַ ווערן...
אַז איך בין דאָס טאַקע אַליין פֿול מיט שפּינוועבס פֿון אייבער־גלויבנס,
מיט שימל פֿון טראַדיציע,
מיט נידעריקייט־קאָמפּלעקסן...

מיט איין האַנט צי איך מיך צום מאָרגן!
מיט דער אַנדערער האַלט איך מיך אָן אין נעכטן
און כ׳האָב מורא אָפּלאָזן,
טאָמער איז דער מאָרגן טיף
און דער נעכטן הויך...

ווי ריווינגטאָן־סטריט בין איך צעגראָבן,
צעריסן, צעפּוטיעט,
דערשלאָגן.

ווי אין ריווינגטאָן-סטריט,
איז אין מיר אַ יאַריד
און עס שרײַען אין מיר טויזנט קולות
און איך ווייס נישט וועלכן קול נאָכצוגיין.

איך ווייס נאָר, אַז ס'איז ביטער מיטן קריזיס,
און אַז איך האָב שוין העכער דרײַ חדשים,
הערט איר מיך,
קיין דירה-געלט נישט געצאָלט,
און אַז הײַנט-מאָרגן קען מען מיך אַרויסשטעלן
אין גאַס אַרײַן מיט די בעבעכעס...
ווי מיינט איר, מיסטער,
זיי וועלן זיך אַרויסדרייען פֿון דעם קריזיס,
די קאַפּיטאַליסטן, צי ניין?
מײַן מיינונג איז, אַז זיי וועלן פֿאַרלייגן מיט די קעפּ
די סאַנ'וועביטשעס [8].

די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם
איז ווי אַ פֿעלדז, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן
אַזוי שטילערהייט, פֿון די שטילע, בלוטיקע וואַסערלעך,
וואָס רינען פֿון די בערג...

דעריבער איז ביטער, ביטער.
אַזאַ קלוגע צײַט מיט אַזוינע קלוגע מאַשינעס,
די אַרבעטערס דאַרפֿן נאָר וויסן וואָס צו טאָן מיט די מאַשינעס.
— יו נאָו וואָט אײַ מין [9]?
אָפּטאָן ווי מען האָט אָפּגעטאָן אין רוסלאַנד.
געמאַכט דעם צאַר מיט אַ קאָפּ קירצער,
אָפּגערוימט די לײדיק-גייערס, די פּשאַקרעוועס [10],

---

[8] אויסוואורפן. — [9] איר ווייסט, וואָס איך מיין? — [10] הינטיש בלוט.

געמאַכט פֿון זיי אַ וויסטן סוף
און איבערגענומען די וואַשקעס אין די אייגענע הענט אַרײַן
אַן חכמות. ווי די באָלשעוויקעס זאָגן:
— אַרבעטסטו, עסטו;
אויב נישט, ליגסטו אין דר׳ערד און פּגרסט אויפֿן פּיסק.

שש, אַט גייט אַ פּאָליצײ־מאַן.
נו, גיט טאַקע עפּעס צו לייזן, מיסטער?
שוין באַלד טאָג. צעטרענצלט אַ נאַכט מיט גאָר נישט...
אפֿשר פּאָרט, האַ, אַ גוט ביסעלע מאַנדלען?
האָזענע ניסלעך?
ציגאַרעטן?
אַ קרענצעלע פֿײַגן?
אַ גוטן עפּל?

...איבער דער גאַנצער וועלט,
אין אַמעריקע רירט זיך אויך צו ביסלעך.
מ׳עט זיך רירן ניט הײַנט איז מאָרגן.
מ׳עט זיך מוזן רירן.
16 מיליאָן מענטשן וועלן זיך ניט אָוועקלייגן מיר־נישט־דיר־נישט
און אויסשפּײַען די נשמה.

כאָטש די וועלט, איך בעט איבער אײַער כּבֿוד, האָט אַ זכּרון
ווי אַ קאַץ;
אַ קוש, אַ בלימל, אַ שיט פֿון אַ פּויק
איז גייט מען אין מלחמה אַרײַן קעגן זיך אַליין,
ווי שאָף גייען מיט אַ קאַפּעליע מוזיק
אין יאַטקע אַרײַן.

# זיכערקייט

ער האָט זי נישט ליב. עס ציט אים נישט צו איר. זײַן בלוט רוישט איר נישט אַנטקעגן. זײַן אויג קושט ניט די באַהאַלטנקייטן פֿון איר לײַב. זײַן נשמה חבֿרט זיך נישט מיט אירער.

ער האָט זי נישט ליב, איר זאָלט זאָגן אַפֿילו אויף אָט־אַזוי־פֿיל־אָ. ער איז גלײַכגילטיק צו איר. וואָס הייסט גלײַכגילטיק? זי איז בײַ אים להאַי וואַסער, להאַי דער הימל, להאַי דאָס וועטער: מ׳זעט דאָס, נאָר מ׳געדענקט עס נישט.

ער האָט זי נישט ליב. אַנדערע מיידלעך, פֿרויען און דאַמען האָט ער ליב. ציטערט ער, אַז זיי וועלן אים, חלילה, פֿאַרפֿירן. שרעקט ער זיך, אַז זיי וועלן אים פֿאַרכּישופֿן מיטן פֿײַער פֿון זייערע בלויקייטן, פֿאַרשפּינען מיטן גאָלד פֿון זייערע בלאָנדע צעפּ, פֿאַרשוואַרצקינסטלערן מיט זייער ברונעטקייט, פֿאַרטאָלן מיט זייער האַרצטיפֿקייט.

גייט ער נישט מיט זיי. היט ער זיך פֿאַר זיי, ווי געוויסע שרײַבערס היטן זיך פֿאַר אַ געדאַנק. מײַדט ער זיי אויס, ווי אַ ייִדישער דיכטערלינג מײַדט־אויס וואַסער. גייט ער זיי אויסן וועג, ווי דאָס גליק גייט אויסן וועג פֿון יעדן, וואָס לויפֿט אים נאָך פֿון הינטן מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

פּינטלט, הער שריפֿטזעצער, פּינטלט! פּינטלט מיר אָן אַ גאַנצע שורה..........................................

אָט־אַזוי־אָ, כּדי מ׳זאָל מיינען, אַז ס׳ליגט דאָ באַהאַלטן אַ טיפֿער געדאַנק — אַזוי טיף, אַז סע דאַרף נעמען אָנדערטהאַלבן יאָר איידער מען קאָן אים אויסגראָבן.

מיט אַ קאַצנשפּרונג — צוריק צו אים, צו אונדזער פֿרײַנד, וועלכער איז געווען אַ זייער פֿאָרזיכטיקער פֿלאַנצער אויפֿן פֿעלד

פֿון ליבע, וועלכער האָט זיך געשראָקן פֿאַר סקאַנדאַלן און פֿאַר די געוויסע נאָכקומענדיקע דורות, וואָס לויפֿן־נאָך פֿון הינטן און שרײַען „פּאַפּאַ״. און געהייסן האָט ער: אַבֿרהם פּיזעם, 29 יאָר אַלט, מער־וויניקער פֿאַרהייראַט מיט זײַן אייגענעם ווײַב. דעריבער האָט ער זיך געהיט. דעריבער האָט ער אַזוי געפֿאָרזיכטיקט. דעריבער, אַז ער האָט דערזען, ווי אַ מיידל גיט צו אים אַ ווונק מיט די אַקסלבענדער, איז ער געוואָרן דערשראָקן, צעפּלאַטערט, פֿאַריוסף־הצדיקט, און ער האָט גענומען אַנטלויפֿן — ווײַבווערטס...

נאָר מיט דאָניאַ ד. איז דער פֿאַל געווען אַן אַנדערער. מיט איר איז ער געווען זיכער, אַז זי וועט אים נישט אַראָפּפֿירן פֿונעם וועג, אַז זי וועט נישט רויבן זײַן טיכטיקע אומשולד. ווײַל ער האָט זי נישט ליב געהאַט. ווײַל ער האָט נישט געפֿילט צו איר ס׳מינדסטע געפֿיל פֿון ראָמעאָ־און־יוליאַשקייט, ווײַל ער איז צו איר געווען גלײַכגילטיק, ווי אַ קאָמע איז גלײַכגילטיק, ווו מ׳שטעלט זי אַוועק.

אַזוי גיך ווי ער, ווי הייסט ער, אַבֿרהם פּיזעם, האָט זיך באַקענט מיט דאָניאַ ד., האָט ער צו איר דערפֿילט אַ מין וואַרעמע גלײַכגילטיקייט, וואָס האָט זיך צעגאָסן אין אַלע זײַנע אָדערן, און ער האָט דערפֿילט, אַז ער וועט זי קיין מאָל נישט ליב האָבן. בשום אופֿן! אַזוי זאָל ער זײַן אַ פֿאָטער צו זײַנע קינדער, ווי ער האָט זי — גלײַכגילטיק. נאָך מער: ער האָט זי פֿײַנט. ער האַסט זי. ער קאָן נישט לײַדן די קורץ געשוירענע האָר אירע. און די צווייי אויגן אירע, וואָס וואַרפֿן אויף אים בלויע שווערדן. און די ליפּן אירע — זאָ וואַר ווי ער לעבט! דאָס זײַנען רויטע שלאַנגען מיט שמייכלענדיקע ציין. און די גאַנצע פֿיגור אירע — עפּעס ווי אַ בילִיקער ווערבעוים, וואָס שטייט נעבן וואַסער און בייגט זיך און בייגט זיך — מ׳ווייסט נישט וואָס ער בייגט זיך אַזוי, צום גוטן יאָר!

און ער, ווי הייסט ער, אַבֿרהם פּיזעם (צווישן אַלע פּיזעמס דער פּיזעמדיקסטער!) האָט זיך דערפֿילט זיכער מיט איר — כאָטש דאָס און כאָטש אַלצדינג. וואָס אַרט עס אים, אַ שטייגער, וואָס אַלע זאָגן, אַז זי איז אַ לעבעדיק שטיק פֿײַער מיט קורצע האָר? וואָס

גייט עס אים אָן, וואָס אַלע זאָגן, אַז זי איז אַ זעלטענע שיינהייט? אַז ער פֿילט בײַ זיך, אַז ער האָט זי נישט ליב, אַז ער איז צו איר גלײַכגילטיק, וואָס גלײַכגילטיק קאָן נאָר זײַן!

זי האָט געפֿרעגט: איר׳ט גיין מיט מיר אויף אַ שפּאַציר?

ער וועט גיין מיט איר אויף אַ שפּאַציר! וואָס האָט ער דאָ מורא צו האָבן? ווי באַלד אַז ער האָט זי נישט ליב.

— אין פּאַרק אַרײַן?

— אין פּאַרק אַרײַן.

— מ׳עט זיך צוזעצן אויף אַ באַנק אַ־דאָרטן־אָ?

— מ׳עט זיך צוזעצן אויף אַ באַנק אַ־דאָרטן־אָ.

וואָס אַרט עס אים? ווי באַלד אַז ער האָט זי נישט ליב.

— דאָ איז צו ליכטיק... מ׳עט זיך זעצן אויף דער אַנדער זײַט, ווו ס׳איז נישטאָ קיין לאַמטערן.

— מ׳עט זיך זעצן אויף דער אַנדער זײַט, ווו ס׳איז נישטאָ קיין לאַמטערן. ווי באַלד אַז ער האָט זי נישט ליב.

— לאָז ער זי אַרומנעמען אָט־אַזוי־אָ.

— ער׳ט זי אַרומנעמען אָט־אַזוי־אָ. וואָס אַרט עס אים? ווי באַלד ער האָט זי נישט ליב.

— לאָז ער איר אַ קוש טאָן.

— ער׳ט איר אַ קוש טאָן. וואָס קאָן ער דאָ אָנווערן? אַז סײַ ווי סײַ האָט ער זי נישט ליב.

— לאָז ער איר נאָך אַ מאָל אַ קוש טאָן.

— ער׳ט איר נאָך אַ מאָל אַ קוש טאָן. זעסטו! עס אַרט אים אַ סך!

— לאָז ער איר נאָך אַ מאָל.

— נאָך אַ מאָל.

— לאָז ער זי פֿעסט צודריקן צו זיך מיט בײדע הענט.

— ער׳ט זי פֿעסט צודריקן צו זיך מיט בײדע הענט. אַ דאגה אים!

— נאָך אַ מאָל!

— נאָך אַ מאָל.

— לאָז ער אויפהערן צו ציטערן. וואָס ציטערט ער אַזוי?

— ער ציטערט נישט. גלאַט אַזוי. ס'איז אים קיל געוואָרן. ס'וועט באַלד שנייען.

— לאָז ער זי באַגלייטן אַהיים, אין איר צימער אַרײַן.

— ער וועט זי באַגלייטן אַהיים, אין איר צימער אַרײַן. וואָס האָט ער מורא? אַזוי לאַנג ער האָט זי נישט ליב!

— לאָז ער מיט איר אַרײַנגיין אינעווייניק!

— אַרײַנגיין אינעווייניק.

— זיך זעצן אויפן בעט.

— זיך זעצן אויפן בעט. אַ זאַרג האָט ער! אַז ער ווייס בײַ זיך, אַז ער האָט זי נישט ליב.

— אײַנדרייען די גאַז!

— אײַנדרייען די גאַז.

— נאָך אַ ביסל.

— נאָך אַ ביסל. וואָס דאַרף ער זיך שרעקן פאַר איר? אַז ער האָט זי נישט ליב. ווען ער וואָלט זי ליב געהאַט, איז עפּעס אַנדערש — דאַרף ער מורא האָבן. אָבער אַזוי־אָ — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

הער שריפטזעצער, הער שריפטזעצער! וואָס האָט איר געננ־מען און מיר אַוועקגעשטעלט צוויי שורות מיט שטרײַכעלעך? מ'וועט דאָך מיינען ווער־ווייסט־וואָס! אַנשטענדיקע לייענערס און זייערע געזעצלעכע כּלות וועלן מאַכן כי־כי. באַלעבאַטישע מענטשן וועלן זיך רויִנירן זייער פאַנטאַזיע טראַכטנדיק, וואָס סע האָט זיך אַזוינס געקאָנט טרעפן — הינטער די שטרײַכעלעך. ייִדן־לומדים וועלן פּרוּוון אַוועקקראַצן די שטרײַכעלעך מיט אַ נאָגל, כּדי צו זען וואָס עס טוט זיך פון אונטן. דער אמת איז, אַז עס האָט כּמעט גאָר נישט פּאַסירט, אַחוץ דאָרטן — איך ווייס?!

אָבער צוויי זאַכן האָט אונדזער פרײַנד פּיזעם געלערנט פון דער דאָזיקער געשיכטע: ערשטנס, אַז מ'טאָר זיך נישט שפּילן מיט

פײַער, אַפּילו ווען מ׳איז דערצו גלײַכגילטיק; צוויטנס, אַז שפּילן מיט פײַער (אַפּילו ווען מ׳איז דערצו גלײַכגילטיק) איז אַ גאַנץ אינ־טערעסאַנטע זאַך — ווען די צוקונפטיקע דורות זאָלן נאָר נישט נאָכלויפן פון הינטן און שרײַען: פאַפאַ...

## פאַרשלאָפן אַ וועלט־אונטערגאַנג

ער איז געווען אַ שלעפעריקער. בײַ יעדער געלעגנהייט איז ער געשלאָפן. אומעטום: אויף אַלע גרעסטע פאַרזאַמלונגען, אויף אַלע קאָנצערטן, אויף אַלע וויכטיקע צונויפקומונגען — האָט מען גע־קאָנט זען, ווי ער זיצט און שלאָפט.

און שלאָפן פלעגט ער אין אַלע מעגלעכע און נישט־מעגלעכע פּאָזעס; ער פלעגט שלאָפן מיט די עלנבויגנס אין דער לופטן און די הענט אויפן קאָרק; ער פלעגט שלאָפן שטייענדיקערהייט אָנגע־שפּאַרט אין זיך זעלבסט, כּדי ער זאָל נישט אומפאַלן. ער פלעגט שלאָפן אין טעאַטער, אין גאַס, אין שול. ווו ער פלעגט גיין, פלעגן זײַנע אויגן גיסן מיט שלאָף. דער שלאָף פלעגט שטענדיק רינען פון זײַנע אויגן און לאָזן פון זיך אַ שפּור אומעטום. שכנים האָבן וועגן אים דערציילט, אַז ער האָט שוין פאַרשלאָפן זיבן גרויסע שׂריפות. און איין מאָל — בײַ אַ גאָר גרויסער שׂריפה — האָט מען אים אַרויסגענומען פון בעט אַ שלאָפנדיקן און אים אַוועקגעלייגט אויפן טראָטואַר; איז ער אַזוי אָפּגעשלאָפן עטלעכע שעה, ביז אַ פּאַטרול־וואָגן איז געקומען און אים אַוועקגעפירט אַהין ווו מע באַדאַרף.

מע האָט אויך דערציילט, אַז בשעת דער דאָזיקער ייִד איז גע־שטאַנען אונטער דער חופּה און געזאָגט דעם הרי את, איז ער בײַ דעם וואָרט מקודשת אײַנגעשלאָפן און מען האָט אים געמוזט קלאַפּן איבערן קאָפּ מיט מעשענע שטייסלען עטלעכע שעה נאָך אַנאַנד, ביז וואַנען מען האָט אים אויפגעוועקט, און אַז מען האָט אים שוין

אויפֿגעוועקט, האָט ער פּאַמעלעך אויפֿגעעפֿנט די אויגן, אַ זאָג געטאָן דאָס וואָרט לי, וואָס עס קומט נאָך דעם וואָרט מקודשת, און איז ווידער אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

מיר דערציילן דאָס אַלצדינג, כּדי איר זאָלט גלייבן אויף אונדזער העלד אויך די פֿאָלגנדיקע מעשׂה:

איין מאָל, בשעת ער האָט זיך געלייגט שלאָפֿן, איז ער געשלאָפֿן און געשלאָפֿן און געשלאָפֿן; נאָר אין שלאָף האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז סע דונערט אין דרויסן, און אַז דאָס בעט זײַנס שאָקלט זיך אַ קאַפּיטשקע; האָט ער אין שלאָף געמיינט — אַז סע רעגנט אין דרויסן, איז אים דער שלאָף געוואָרן נאָך מער באַטעמט, נאָך מער צום האַרצן; האָט ער זיך אויפֿס פֿריש אײַנגעוויקלט אין דער קאָלדרע און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן מיט גרויס געשמאַק און זעלבסטוואַרעמקייט.

אַז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט ער דערזען אַרום זיך אַ מאָדנע ליידיקייט: זײַן פֿרוי איז נישט געווען, זײַן בעטל איז נישט געווען, זײַן קאָלדרע איז נישט געווען. האָט ער געוואָלט אַרויסקוקן דורכן פֿענצטער, איז נישט געווען קיין פֿענצטער דורך וועלכן אַרויסצוקוקן. האָט ער געוואָלט אַראָפּלויפֿן די דרײַ שטיגן און שרײַען גוואַלד, האָט ער נישט געהאַט קיין שטיגן, אויף וועלכע אַראָפּצולויפֿן און קיין לופֿט אין וואָס אַרײַנצושרײַען. האָט ער גלאַט אַזוי געוואָלט אַרויסגיין אין דרויסן, האָט ער דערזען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין דרויסן — אויסגערונען געוואָרן!

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען ווי צעטומלט און נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז: נאָך דעם האָט ער זיך מיישבֿ געווען: ער וועט זיך לייגן שלאָפֿן, האָט ער אָבער דערזען, אַז ס׳איז נישטאָ אַפֿילו קיין הוילע ערד, אויף וועלכער זיך צו לייגן שלאָפֿן. ערשט דעמאָלט האָט ער צוגעלייגט צוויי פֿינגער צום שטערן און געטראַכט: אָט הפּנים, אַז איך האָב פֿאַרשלאָפֿן אַ וועלט־אונטערגאַנג. ס׳אַ שיין פּעקל!

אים איז געוואָרן אומעטיק. נישטאָ קיין וועלט, האָט ער גע־

טראַכט. וואָס זשע וועט ער טאָן אָן אַ וועלט? וווּהין וועט ער גיין אַרבעטן? און פֿון וואָס וועט ער מאַכן אַ לעבן? בפֿרט איצט, אַז ס'עסנוואַרג איז אַזוי בראַנד־טײַער און אייער קאָסטן אַזוי פֿיל, און ווער ווייסט צי זיי זײַנען פֿרישע, און וואָס וועט ווערן מיט די פֿינף דאָלער, וואָס סע קומט אים פֿון דער גאַז־קאָמפּאַניע? און ווו איז אַהינגעקומען זײַן ווײַב, צום גוטן יאָר? איז מעגלעך, אַז זי איז אויך אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט דער וועלט און מיט די דרײַסיק דאָלער, וואָס ער האָט געהאַט אין דער הויזן־קעשענע? און זי איז דאָך פֿון דער נאַטור, טראַכט ער, נישט געווען קיין אונטערגייערקע — דאָס ווײַב זײַנס. און וואָס וועט ער טאָן, אַז ער וועט זיך ווען לייגן שלאָפֿן?... אויף וואָס וועט ער זיך לייגן, אַז ס'איז נישטאָ קיין וועלט? און אפֿשר וועט אים קוועטשן? און ווער וועט עס אויסענדיקן דאָס באָנדל אַרבעט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אין שאַפּ? און טאָמער וועט ער ווען אַ גלעזעלע „מאָלטער", ווו וועט ער נעמען?

„פּכע!" — האָט ער געטראַכט, גענען אַ מאָל אַזוינס? אַ מענטש זאָל זיך לייגן שלאָפֿן מיט דער וועלט אונטערן רוקן און זאָל אויפֿשטיין אָן אַ וועלט... העט אַ ביסל!

און ווי אונדזער העלד איז אַזוי געשטאַנען אין די אונטערוועש און געטראַכט וואָס צו טאָן, איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז כאַפּט עס דער רוח! מילא, איז נישטאָ קיין וועלט! וואָס זאָל מען טאָן? אונטערגעגאַנגען, און פֿאַרפֿאַלן; וועט ער אַוועקגיין אין קינאָ און זיך אַ ביסל פֿאַרווײַלן די צײַט. אָבער צו זײַן גרויס איבעררעאַשונג, האָט ער דערזען, אַז אין איינעם מיט דער וועלט זײַנען אויך אונטערגעגאַנגען די קינאָמאַטאָגראַפֿן, מיט אַלעמען.

אַ שײן חתונהקעלע האָב איך דאָ אָנגעאַרבעט! — האָט געטראַכט אונדזער העלד און זיך גענומען גלעטן די וואָנצעס מיט דער לינקער זײַט פֿון זײַן האַנט און האָט ווײַטער געטראַכט: אַ שײן חתונהקעלע האָב איך דאָ אָנגעאַרבעט מיט מײַן שלאָף! אַז איך וואָלט נישט געווען פּאָפֿן אַזוי שטאַרק — האָט ער זיך אַליין געזידלט — וואָלט איך כאָטש געווען אונטערגעגאַנגען גלײַך מיט אַלע־

מען. אַזוי בין איך, חלילה, אומגליקלעך; און ווו וועל איך באַקומען אַ ביסל „מאַלטעד"? כ'האָט האַלט אַלע אין דער פֿרי צו טרינקען אַ גלעזל „מאַלטעד". און מײַן פֿרוי? ווער ווייסט, מיט וועמען זי איז אונטערגעגאַנגען? אפֿשר איז זי אונטערגעגאַנגען מיט דעם אונטערשמעקער פֿון אונטערשן שטאָק, וועל איך זי דערהרגענען. זאָ וואַר מיר גאָט העלפֿט! ווער ווייסט ווי שפּעט ס'איז שוין?

בײַ די דאָזיקע ווערטער האָט אונדזער העלד געוואָלט אַ קוק טאָן אויף זײַן אינגערסאָל־זייגערל, אָבער ער האָט עס נישט געקאָנט געפֿינען, ער האָט געזוכט מיט בײדע הענט אין דער רעכטער און לינקער קעשענע פֿון דער ריזיקער ליידיקייט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אָנטאַפּן קיין שום זאַך.

ערשט באַצאָלט צוויי דאָלער פֿאַר אַ זייגערל און ס'איז שוין אונטערגעגאַנגען, האָט ער געטראַכט, מילא, אַז די וועלט איז אונטערגעגאַנגען, — האָט ער זיך ווײַטער געפּלאָנטערט אין געדאַנקען — אַרט מיך נישט, ס'איז נישט מײַן וועלט. אָבער דאָס זייגערל! פֿאַר וואָס זאָל מײַן זייגערל אונטערגיין? אַ נײַ זייגערל פֿאַר צוויי טולער, און ס'איז נישט אָנגעצויגן, מע דאַרף עס אָנציִען.

און ווו וועל איך נעמען אַ גלעזל „מאַלטעד"?

כ'האָב האַלט צו טרינקען אַ גלעזל „מאַלטעד" אַלע אינדערפֿרי. און ווער ווייסט, צי מײַן פֿרוי איז נישט אונטערגעגאַנגען מיט דעם אונטערשמעקער פֿון דעם אונטערשטן שטאָק. און איך האָב פֿאַרשלאָפֿן אַזאַ גוואַלדיקע וועלט־אונטערגאַנג; מעג נישט קומען אויף מיר אַ פֿינצטער יאָר, אַ וויסטס? גוואַלד! גוואַלד!... — האָט ער גענומען שרײַען. ווו איז געווען מײַן שׂכל? פֿאַר וואָס האָב איך נישט געהאַלטן קיין אויג אויף דער וועלט און אויף מײַן פֿרויקע? פֿאַר וואָס האָב איך זיי געלאָזט אונטערגיין אַזוי יונג? גוואַלד!...

און אונדזער העלד האָט זיך גענומען שלאָגן דעם קאָפּ אין דער פּוסטקייט, נאָר אַזוי ווי די פּוסטקייט איז געווען זייער אַ ווייכע, האָט עס אים נישט געשאַט און ער איז געבליבן לעבן צו דערציילן די דאָזיקע געשיכטע.

## דער געלאַנגווייליקטער

איך האָב אים געטראָפֿן בײַם צאָנדאָקטער. ער איז געזעסן אויף אַ ווייכן שטול אין וואַרטצימער. געגענעצט דורך די פֿינגער מיט אַ טיף־טיפֿן גענעץ, און געקוקט נישט־פֿאַראינטערעסירט אויף די פּאַציענטן, וואָס זײַנען געזעסן און געוואַרט אין געהאַקטע ווונדן אויף דער מינוט, ווען דער ווײַס־געקליידעטער מערדער וועט אַרויסקומען און זאָגן „נעקסט".

איך האָב זיך געפּרוּווט פֿאַרווײַלן די צײַט מיט וואָס־עס־איז, כּדי צו פֿאַרגעסן מײַנע יסורים, וועלכע זײַנען מיר געקומען פֿון אַ גוסטן באַקצאָן. איך האָב זיך דערפֿאַר דערנענטערט צו דעם מענטש, וואָס האָט נישט אווי־פֿגעהערט צו גענעצן דורך די פֿינגער, און אים געפֿרעגט:

— אויך אַ באַקצאָן?

דער מענטש האָט מיך אָנגעקוקט מיט צוויי בלויע שלאָפֿערס. ווידער אַ גענעץ געטאָן מיט די הוילע ליפּן, ווײַזנדיק דערבײַ צוויי שורות מיט געזונטע און ווײַסע ציין, און האָט געענטפֿערט:

— כ׳ווייס נאָך נישט, וועלכן צאָן כ׳על זיך לאָזן אַרויסנעמען.

— איר ווייסט נישט אויף זיכער, וועלכער צאָן עס טוט אײַך וויי? — האָב איך געפּרוּווט טרעפֿן.

— וויי? — האָט ער מיך אָנגעקוקט שטאַרק פֿאַרחידושט, וואָס איך בין אים חושד אין אַזאַ זאַך — מיר טוט גאָרנישט ניט וויי. איך בין געזונט ווי אַן אײַזן און פֿון ציינווייטיק האָב איך קיין מאָל נישט געליטן. נאָר גלאַט, ס׳איז מיר אומעטיק.

— איר זײַט גלאַט־אַזוי געקומען באַזוכן דעם צאָנדאָקטער? איז ער נישט אײַערס אַ פֿרײַנד? — פֿאַראינטערעסיר איך זיך צו וויסן, וואָס סע האָט געבראַכט דעם ייִדן אַהערצו.

— פֿרײַנד, שמײַנד, כּי לעולם חסדו! — וויצלט זיך דער ייִד מיט אַ קול, וואָס דו ווייסט נישט, צי סע קומט בײַ אים פֿון אַרבל,

צי דער גוטער־יאָר ווייסט פֿון וואַנען — אַ פֿרײַנד גאָר! ער איז מיר אַזוי אַ פֿרײַנד, ווי ער איז אײַך אַ פֿרײַנד. איז ער אײַך אַ פֿרײַנד? אַוודאי איז ער אײַך נישט קיין פֿרײַנד. מיר איז ער אויך נישט קיין פֿרײַ.. — האָט ער אָנגעהויבן געגעצן — פֿרײַ־ײַ־נד... עווהאָך... עוועהע איז מיר — און ער האָט פֿאַרענדיקט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אַליין געגעבן אַ פּעטשל איבער די ליפּן און זיך איבערגע־שלאָגן אַ קרעכץ.

— איר ווילט זיך מסתּמא לאָזן אויספּוצן די ציין? — גיי איך מיט אים מיט הינטערגענג, ווי מײַן טבֿע איז אין אַזאַ פֿאַל.

— וואָס אײַך קאָן אײַנפֿאַלן! — מאַכט דער ייִד און הייבט־אויף פֿון טיש אַ בלאַטצײַטונג און נעמט אין איר אַרײַנגעגעצן — ציין אויספּוצן גאָר! מער גייט מיך נישט אָפּ, נאָר צו האָבן אויסגעפּוצטע ציין. ווײַטער, הייסט דאָס, איז דאָס לעבן זייער אינטערעסאַנט. מ׳דאַרף נאָר האָבן ווײַסע ציין, וועלן שוין אַלע פֿראַגעס פֿון לעבן־און־טויט זײַן פֿאַרענטפֿערט. ווהאָ־אָך! — ענדיקט ער מיט אַ געגעץ און גיט אַ שוידער מיטן גאַנצן לײַב.

— איך פֿאַרשטיי נישט וואָס איר מיינט מיט דעם! — זאָג איך — וואָס האָט עס צו דער פֿראַגע פֿון לעבן־און־טויט? אַזוי לאַנג ווי אַ מענטש לעבט, דאַרף ער אַלצדינג. און ציין — זאָג איך — זײַנען אַ וויכטיקע זאַך. והאָ ראַיה...

— מ׳וויס, מ׳וויס דערפֿון! — שלאָגט ער מיר איבער די רייד. מ׳ווייסט די טיפֿע חכמות. נאָר מיך אינטערעסירן זיי נישט. מיר איז לאַנגווײַליק פֿון די ביכער, מיר איז לאַנגווײַליק פֿון לעבן, מיר איז לאַנגווײַליק פֿון אָטעמען טאָג ווי נאַכט. מיר איז לאַנגווײַליק פֿון אַלצדינג. אַפֿילו פֿון דער לאַנגווײַל אַליין איז מיר אויך לאַנג־ווײַליק. ווען עמעצער זאָל וועלן אַראַנזשירן אויף הײַנט אַן ערד־ציטערניש אָדער אַ וועלט־אונטערגאַנג, וואָלט איך אַ קאַפּיטשקע אויפֿגעלעבט. אַזוי איז מיר שרעקלעך נודנע. עווהאָ־אָ!

דער ייִד האָט ווידער געעפֿנט די רויטווײַסע אָפּגרונטן פֿון זײַן מויל, אַרײַנגעצויגן אין זיך אַפּשר דרײַפֿערטל פֿון דער גאַנצער

לופּט, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם דאָקטערס וואַרטצימער, און ער האָט געזאָגט צו זײַן רעכטער קני:

— כ׳על זיך אפֿשר הײַנט לאָזן אַרויסנעמען צוויי ציין מיט אַ מאָל. מיר איז שרעקלעך לאַנגווײַליק.

— עס לאָזט אײַך אָפּ אויף אַ רגע און סע כאַפּט אײַך ווידער אָן? — וויל איך טרעפֿן דעם גאַנג פֿון זײַנע יסורים, נאָך מײַנע.

— ׳שגעטראָפֿן! — מאַכט דער ייד — איר זײַט אַ שלעכטער טרעפֿער. נישט סע כאַפּט מיך אָן, נישט סע לאָזט מיך אָפּ.

— וואָס זשע דען זאָגט איר, אַז איר וועט זיך לאָזן אַרויסנעמען צוויי ציין? — טראָג איך אים אַנטקעגן מײַן טיפֿע אומוויסנקייט בנוגע זײַן לאַגע.

— גלאָט אַזוי! — מאַכט ער — כ׳האָב נישט וואָס צו טאָן און לאַנגווײַליק איז מיר, האָב איך מיר געטראַכט: כ׳על אַרײַנגיין און מיר לאָזן אַרויסנעמען אַ פּאָר ציין, וועל איך זיך פֿאַרווײַלן די צײַט...

איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט.

— יעס — מאַכט ער — וואָס חידושט איר זיך אַזוי? הלמאַי איך האָב זיך געלאָזט אויסדרילעווען אַן אויער? צי אַז איך האָב זיך געלאָזט מאַכן אַן אָפּעראַציע אויף אַפּענדיסיטיס! האָב איך עס באַדאַרפֿט האָבן? נישט מער, ס׳איז מיר געוואָרן לאַנגווײַליק, בין איך אַרײַן אין שפּיטאָל, באַצאָלט פֿינף און פֿערציק דאָלער אין קעש און זיך געלאָזט אָפּערירן.

— וואָס הייסט?

— אַזוי הייסט! נו, הלמאַי איך האָב זיך מיט עטלעכע חדשים צוריק געשמדט אויף אַ פּרעזביטעריאַנער! האָב איך עס באַדאַרפֿט האָבן? פֿאַרשטײי איך, וואָס סע הייסט פּרעזביטעריאַניזם! נישט מער זאָלן מײַנע שונאים וויסן פֿון זייער לעבן! גאָר נישט: ס׳איז מיר געוואָרן לאַנגווײַליק און איך בין גראָד פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ פּרעזביטערישע קירך, האָב איך זיך אַרײַנגעכאַפּט אויף אַ ווײַלע און זיך געשמדט. אָבער אין מיטן שמדן זיך בין איך אײַנגעדרימלט געוואָרן. ס׳איז מיר געוואָרן נודנע דער גאַנצער עסק.

— אָבער דאָס איז דאָך נישט שיין! — וויל איך אַרײַנשטעלן אַ וואָרט קעגן זײַן האַנדלונג.

— שיין, שמיין, כּי לעולם חסדו! — ווערט ער ווידער וויציק — ס׳איז מיר זייער וויכטיק, צי ס׳איז שיין, צי ס׳איז נישט שיין. איך ווייס נאָר, אַז ס׳איז מיר לאַנגווײַליק און איך האָב נישט מיט וואָס צו פאַרברענגען די צײַט, און אַז דאָס לעבן איז פּוסט און אָן אינהאַלט. אַנטשולדיקט מיר! — האָט ער זיך אַליין איבערגעשלאָגן די רייד — אָט איז שוין דער דענטיסט. איך מוז אַרײַנגיין און זיך לאָזן אַרויסנעמען אַ פּאָר ציין. וווּר־ר! — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ שוידער — ס׳אַ נודנע לעבן דאָס איז. יעס, הער דאָקטער! — האָט ער שוין גערעדט צום דענטיסט — צוויי ציין! עס מאַכט נישט אויס וועלכע.

## אַ גנב — ווער קען אים?

טוט ער אויס ס׳היטל און דערציילט אַזוי:

— שלאָף איך, שלאָפט מײַן פרוי. שלאָפן מײַנע קינדער. קומט זיך אַרײַן אַ גנבֿ. אַ פרעמדער מענטש. האָב אים קיין מאָל נישט געזען אין מײַן לעבן. איך קען נישט זײַן פאַמיליע. איך ווייס נישט, צי איך האָב ווען עס איז מיט אים גערעדט אַ וואָרט.

טראַכט איך: ווי קומט ער אַהער? צי איז ער מײַן גלײַכן צי וואָס? איך — אַ ציוניסט מיט אַ נאָמען, מיט אַלצדינג, און יענער עפּעס אַ גאַסניונג, אַ מערדער, קומט־אַרײַן מיך באַגנבֿענען!

קוק איך אַפילו פון אונטער דער קאָלדרע, זע איך: ער — נעמט. טראַכט איך: נעם! איכ׳ל מיך נישט גיין קריגן מיט דיר. אַז איך קען אים גאָר נישט, און פאַרגעשטעלט האָט מען אונדז אויך נישט — פאַסט מיר נישט צו ריידן צו אים.

און יענער פּאַקט דערווײַל אין זאַק אַרײַן. ער פּאַקט דאָס זיל־

בערוואַרג, די ליַיכטערס, די וועש — וואָס ס'קומט אים אונטער דער האַנט.

זאָגט צו מיר ס'וויַיב: דניאל, שטיי־אויף און זאָג עפּעס דעם גנבֿ. ער'ט אונדז, חלילה, אומגליקלעך מאַכן.

זאָג איך: ווער? איך? איך זאָל גיין ריידן מיט אַ פֿרעמדן גנבֿ פֿון אַל די שוואַרץ־יאָר? איך זאָל גיין ריידן צו אַזאַ נידערטרעכטיקן קערל? אַזוי לאַנג, זאָג איך, קרענקט ער!

זאָגט זי: ער גנבֿעט דאָך אָבער!

זאָג איך: הערסטו, טאַקע דערפֿאַר, וויַיל ער גנבֿעט וויל איך דאָך נישט ריידן צו אים. ווען ער זאָל, זאָג איך, זיַין אַן אָנשטענדיקער מענטש, ווייס איך אויך נישט, זאָג איך, צי ס'וואָלט מיר אָנגעשטאַנען צו ריידן מיט אים. בפֿרט, זאָג איך, אַז יענער איז אַ גנבֿ, איז דאָך שוין גאָר אָפּגערעדט.

זאָגט זי: דניאל, ער ברעכט־אויף די שאַפֿע, וווּ ס'ליגן די פערל מיַינע.

זאָג איך: וואָס זשע וואָלטסטו געוואָלט? איך זאָל גאָר פּלוצעם פֿון דער העלער הויט נעמען ריידן צו אים?

מאַכט זי: פֿאַר וואָס נישט?

זאָג איך: וואָס הייסט? מיר זיַינען דען באַקאַנט? וואָס הייסט איכ'ל גיין ריידן צו אַ מענטשן, צו וועלכן איך בין נישט פֿאָרגעשטעלט.

— אָבער ער גנבֿעט דאָך! — זאָגט זי.

— דאָ איז נישט קיין פֿראַגע פֿון גנבֿענען, זאָג איך. דאָ איז אַ פֿראַגע, זאָג איך, פֿון כּבֿוד. עס איז אַ פֿראַגע פֿון אָנהאַלטן דעם נאָמען.

און ווי איך רייד אַזוי, דערהער איך אַ קנאַק. ער האָט אויפֿגעריסן דעם שופֿלאָד פֿון דער שאַפֿע און ער נעמט שוין די צירונג. אָט ציטערט בײַ אים אין דער האַנט אַ שנירל פערל, און אָט פֿאַלט עס אַריַין אין שוואַרצן זאַק, ווי אַ ליכטיקער האָגל פֿאַלט־אַריַין אין אַ קעלער.

נעם איך און גיב אַ הוסט.

בייגט ער זיך אַראָפּ און דרייט־אויס ס׳לאָמטערנדל מיט דער ליכטיקער זײַט צו זיך און ער שלעפּט־אַרויס אַ רעוואָלווער.

טראַכט איך: אַזאַ באַנדיט! עס פּאַסט מיר אַפילו נישט אַ הוסט צו טאָן צו אים. עס איז צו פיל כּבֿוד פאַר אַזאַ מענטשן.

און איך ליג און קוק.

און מײַן פרוי האַלט מיך אין איין נגען [1]: זאָג אים עפּעס! לאָז־אַרויס אַ געשריי!

זאָג איך: פאַר וואָס שרײַסט דו נישט?

זאָגט זי: כ׳האָב מורא!

זאָג איך: בײַ מיר איז נישט קיין פראַגע פון מורא. ס׳איז אַ פראַגע, זאָג איך, וואָס איך קען נישט דעם מאַן; וואָס איך ווייס נישט ווער ער איז! דעם אמת געזאָגט, זאָג איך, געפעלט מיר עפּעס נישט דאָס גאַנצע מענטשל.

— אָבער ער וועט דאָך אַלצדינג צונעמען! — מאַכט זי.

— אויב ער וועט אַלצדינג צונעמען — זאָג איך — וועט זײַן אַ סימן — זאָג איך — אַז ער איז אַ געמיינער גנבֿ, אַ לעצטער שבלעצטער, און אַז מ׳דאַרף אים — זאָג איך — איגנאָרירן.

— איגנאָ, וואָס? — זאָגט זי.

— איגנאָרירן! — זאָג איך — איג־נאָ־רי־רן! מ׳דאַרף אים — זאָג איך — געבן אַזוינע קעסט, אַז ער זאָל עס — זאָג איך — האָבן צו געדענקען.

— אָבער די פּערל! — זאָגט זי — און ס׳זילבערוואַרג! און די וועש!

— וואָס זשע וואָלטסטו געוואָלט? — זאָג איך — אַז צוליב דעם ביסל פּערל מיט די וועש זאָל איך ברעכן — זאָג איך — מײַן שטאָלץ אַלס מענטש און אַלס ציוניסט?

---

[1] פּלאָגן, טאָטשען.

— אַט נעמט ער צו דײַן דימענט־שפּילקע! — מאַכט זי מיט אַ זעכצנטל קול, אַזוי אַז דער גנבֿ זאָל נישט דערהערן.

— טאַ־קע? — זאָג איך — ער נעמט צו די שפּילקע? ווער זאָל אַזוי לעבן?

— אַט גיב אַ קוק! — זאָגט זי און זי דעקט אַ ביסל אָפּ די קאָלדרע.

— ריכטיק! — זאָג איך — ער נעמט־צו די דימענט־שפּילקע.

— פֿאַר וואָס זשע זאָגסטו אים נישט עפּעס? — מאַכט זי.

— איצט? — זאָג איך — איצט וועל איך אים בשום אופֿן נישט זאָגן! פֿרי׳ער — זאָג איך — אַז ער האָט צוגענומען בלויז די פּערל און דאָס זילבערוואַרג און די וועש, וואָלט איך נאָך אפֿשר געוועזן גערעדט צו אים. אָבער איצט — זאָג איך — אַז איך זע, ווי יענער האָט שוין צוגענומען — זאָג איך — די שפּילקע אויך, איצט וועל איך שוין נישט ריידן צו אים, ווען איך זאָל אַפֿילו וויסן — זאָג איך — אַז איך ווער גליקלעך.

— נו, וועל איך אַ געשריי טאָן! — מאַכט זי — איך קאָן נישט זען — זאָגט זי — ווי מ׳רויבט אונדזער בלוט.

— זאָל דיך גאָט אָפּהיטן! — זאָג איך — אַזוי לאַנג ווי איך לעב — זאָג איך — וועט די מוטער פֿון מײַנע קינדער — זאָג איך — נישט האָבן צו טאָן מיט אַ מענטשן וואָס קומט — זאָג איך — אין מיטן דער נאַכט צו יענעם אין שטוב אַרײַן און נעמט בײַ אים צו — זאָג איך — ס׳ווײַסל פֿונעם אויג.

דער גנבֿ האָט גענומען אַראָפּנעמען די אייבער־בילדער פֿון די ווענט.

— דו זעסט! — זאָג איך צו מײַן פֿרוי — דאָס מענטשל איז מיר באַלד פֿון אָנהייב נישט געפֿעלן געוואָרן. איצט זע איך — זאָג איך — אַז איך האָב געטאָן גאַנץ גלײַך, וואָס איך האָב צו אים נישט געוואָלט ריידן. אַז־אַה באַנדיט! — זאָג איך — אַט האָט ער שוין — זאָג איך — דערטאַפּט מײַן גאָלדן זייגערל, און אַט נעמט ער שוין אַראָפּ די בילדער פֿון די ווענט אויך.

— ער וועט אונדז אָנאַרבעטן אַ שיינע חתונה! — מאַכט זי און פּלאַטערט ווי אַ פֿויגל.

— זאָל ער עס טאָן! — זאָג איך — זאָל ער נעמען, זאָג איך, וואָס ער וויל און וויפֿל ער וויל. איך וועל אים — זאָג איך — נישט זאָגן אַ וואָרט. איך מוז אים איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל — זאָג איך — אָנלערנען, אַז ער זאָל מיך האָבן צו געדענקען אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן.

ער האָט גענומען שלעפּן די קליינע זײַדענע קאָלדרע פֿונעם קינדס בעטל.

— זע, וואָס ער טוט! — מאַכט מײַן פֿרוי און וויל זיך צעוויינען.

— וויין נישט! — זאָג איך און גלעט איר דעם קאָפּ — סע פּאַסט מיר נישט — זאָג איך — אַז די מוטער פֿון מײַנע קינדער זאָל וויינען, בשעת אַ פֿרעמדער מענטש איז דאָ אין שטוב. ווועסט וויינען — זאָג איך — שפּעטער. לאָז ער דערווײַל — זאָג איך — אַוועקגיין.

— אָבער ער נעמט דאָך אַלצדינג מיט! — מאַכט זי — זע נאָר — מאַכט זי — ווי ער שלעפּט דעם זאַק צו דער טיר.

— נו, איצט זעסטו שוין — זאָג איך — אַז ווען איך וואַרף אַן אומחן אויף אַ מענטש, איז דאָס נישט אומזיסט! לאָז ער שלעפּן דעם זאַק — זאָג איך — געזונטערהייט. איך וועל ווײַטער אָנגיין מיט מײַן פּרינציפּ פֿון שווײַגן. אויב שלאָגן זיך, זאָג איך, איז מיט מײַנס גלײַכן, נישט מיט קיין גנבֿ...

דער דערציילער האָט אָנגעטאָן ס'היטל און געענדיקט:

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ליבער פֿרײַנד? ער האָט מיך באַגנבֿעט אויף אַ שיינע פּאָר הונדערט טולער. ער האָט אונדז איבערגעלאָזט מיטן בלויזן בעט און מיט די קישנס, אויף וועלכע מיר זײַנען געלעגן. און אַלץ צוליב דעם, ווײַל איך בין אַן ערנמאַן און איך וועל נישט טאָן קיין זאַך, וואָס איז אונטער מײַן ווערדע.



א משפחה מיט יארן וועלן שטעלן א טריט און פון מיר וועט בלייבן א ליגן, א לעגענדע.

א טייל וועלן דערציילן, ווי פארדארבן איך בין געווען. אנדערע וועלן זאגן, אז איך בין אפשר געווען ניט אזוי שלעכט, ווי נאריש.

א טייל וועלן געדענקען, אז איך האב קיין גאט ניט געהאט. אנדערע וועלן זיך דערמאנען, אז מיין ווארט־בלוט איז שטענדיג פריש געווען, ווי וואויל איך האב מיך באריימט אז „מיין נער איז געלירט און געפליטערט. אז מיין נער איז א לירונג פאר מיר”.

א טייל וועלן טראגן מיין פנים אין הארצן; אנדערע וועלן מיך משפטן לויט דער מאסקע וואס איך האב מיר אליין געמאכט און אנגעטוען. וועלן דאפון מיין פארטרעטע אויפשטעלן.

א טייל וועלן זאגן, אז איך האב געשריבן עלעגאנט און גוט; אנ־דערע — אז איך האב געשריִבן לעפיש און גראב.

ווער עס וועט געדענקען, אז איך בין געווען א מענטש־לעסטערער, און ווער עס וועט געדענקען, אז איך בין געווען אן עלענדער, פארשלא־סענער מענטש.

ווער עס וועט געדענקען, אז איך האב מיך געטאפטשעט אין בלאט־קאלאך פון פרעמדע (און אייגענע) טרערן, און ווער עס וועט געדענקען, אז אין הונגער נאך דעם ברויט פון אמת זענען מיינע ליפן צעשפאלטן געווען.

א טייל האבן מיך געזען ליבע־מאכן; אנדערע האבן געזען מיינע פארניקע קראוואטן, מיין שפאניש פעלערינע. בלויז עטלאכע וועלן גע־דענקען ווי שווער די טעג זיינען געלעגן אף מיינע אקסלען.

א טייל וועלן געדענקען וויפיל מענטשן עס האבן זיך אמאל געטומלט ארום מיין טיש; אנדערע וועלן זיך דערמאנען, אז איך פלעג מיך שעה'ן לאנג אין די קינסטלער־קאפייען ארומטראגן מיט א „גוט־נאווינט” און ניט האבן איס וואו אפצולייגן.

אלע וועלן זיין גערעכט.

אלע וועלן מיך האבן זייער גוט געקענט, נאכדעם ווי איך וועל זיין א ליגן, א לעגענדע.

פון משה נאדירס פירוואָרט צו זיין בוך א לאמפ אפן פענצטער, פאַרלאַג „נאַראַיעוו”, ניו־יאָרק 1929.

מײַן טעלעפֿאָן האָט געקלונגען.

— משה נאַדיר?

— יאָ.

— וואַרט־צו אַ רגעלע, עמעצער וויל מיט אײַך ריידן.

איך בין געבליבן שטיין בײַם טעלעפֿאָן, געהאַלטן ס׳אויער־שטיקל צום אויער און געוואַרט. האָט זיך געעפֿנט די טיר און ס׳איז אַרײַנגעקומען מיט שטילע, גומילאַסטיקענע טריט אַ מיטליאַריקער לאַנג־פֿיסיקער מענטש — אויפֿן ערשטן קוק אַ קליינשטעטלדיקער באַנקיר, מיט געשטרײַפֿטע הויזן, זייער אַ שמאָל פּנים, פֿריש ווי בײַ אַ טובערקולאָזער כּלה, אויגן ווי קנעפּלעך, אַ גרין קנעפּל אויף אַ ווײַס קנעפּל — און ער האָט אַ מאָך געטאָן, און אַ גוט־מאָרגן, בעת ער האָט געהאַלטן אין אַראָפּשיילן פֿון זיך דעם אייבער־מאַנטל:

— איר קענט שוין אָפּלאָזן דעם טעלעפֿאָן, משה נאַדיר. דאָס האָב איך געקלונגען מיט אַ פּאָר מינוט פֿריִער. טאַקע פֿונעם אָפּ־טייקל דאָ נעבן אײַך. נישט געוואָלט אײַך זאָגן פֿאַרויס ווער איך בין. אפֿשר וועט איר מיך נישט וועלן אויפֿנעמען. פֿאַר וואָס האָב איך אײַך געהייסן שטיין בײַם טעלעפֿאָן און וואַרטן? דאָס האָב איך געטאָן, כּדי איר זאָלט זיך נישט אַרויסדרייען פֿון מיר. אַזוי פֿיר איך מיך שטענדיק.

— ווער זײַט איר?

— איר האָט די ערע צו ריידן מיט דעם געניאַלסטן אידיאָט פֿון אונדזער יאָרהונדערט. קיין אַנדערן נאָמען האָב איך נישט. איר קענט מיר רופֿן בערל מעקפּאַדן, אויב איר ווילט, ווײַל מײַן פֿאָטער האָט געהייסן פֿאָדענמאַכער. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. אָט איז מײַן קאַרטל.

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ וויזיט־קאַרטל. דאָרטן איז געשטאַ־נען אַזוי:

## ג ע נ י אַ ל ע ר א י ד י אָ ט

נומער אַזוי און אַזוי, יענע און יענע גאַס

אין דעם חזירשן ניו־יאָרק אין דעם נודנעם אַמעריקע

שטונדן: צווישן היינט און מאָרגן

איידער איך האָב מיך אָפּגעפּאַטיקט מיט לייענען דעם מענטשנס קאַרטל, האָט ער זיך באַזעצט זייער באַקוועם אויף מײַן וויגבענקל, אַוועקגעלייגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס, אַ צי געטאָן אויף יעדער „רער" פֿון זײַנע הויזן, פּונקט אין מיטן — בײַם קנייטש, אַזוי אַז זיי זאָלן זיך נישט אויפֿהאָרבעווען בײַ די קני, און געזאָגט:

— אייגנטלעך קער איך מיך אָן אַ שטיקל קרובֿ מיט אײַער אַמאָליקן לייזער־עליען. נישט מער: יענער איז געווען אַ „פּלוט" צוליב „פּלוטעווען". און איך בין אָן אידיאָט מיט אַ תּכלית. אין דעם שטעקט מײַן געניאַליטעט. איך זוך עפּעס. וואָס זוך איך? — וועל איך אײַך זאָגן אַן אַנדערש מאָל. דערווײַל וויל איך אונטערשטרײַכן, איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך בין אײַך דער פּראָווינציעלער לייזער־עליע, מיט ספּאָסיבעס [1] צו ראַטעווען די וועלט. איך האָב די וועלט אונטערן פֿראַק; מעגט איר מיר הייליק גלייבן. איך בין געקו־מען צו אײַך קיין אַמעריקע — איר ווייסט פֿאַר וואָס? ווײַל אַמעריקע איז דאָס לאַנד פֿון געניאַלע אידיאָטן. איך האָב אין מײַן לעבן אַ סך אַרומגערײַזט, אָפּגענאַרט די גרעסטע מענטשן, די קליגסטע. וואָס איז דאָ אַזוינס, כ'בעט אײַך, אין אָפּנאַרן קלוגע מענטשן? גאָר נישט,

[1] דריידלעך.

ס׳איז גרינג, ווי אַ האָר פֿון דער מילך... דער נאַר איז בײַ זיך נישט זיכער — היט ער זיך, קען מען אים נישט אָפּנאַרן. דער קלוגער אָבער, ווייסט דאָך בײַ זיך, אַז ער איז אַ קלוגיטשקער, היט ער זיך נישט — קען מען אים גרינג אָפּנאַרן.

— איר זײַט שוין לאַנג דאָ אין אַמעריקע?

— נישט לאַנג. עטלעכע וואָכן. אָבער ענגליש קען איך בעסער פֿון אַ סך יידן. דאָס לאַנד אַליין? וואָס איז דאָ צו קענען. אַ לאַנד ווי אַ בעט. ס׳ווענדט זיך מיט וועמען מ׳שלאָפֿט אין אים. אַנטשולדיקט, וואָס איך שלאָג מיר אַליין איבער די רייד: די וועלט איז אַ מאָדנע וועלט. נעמט, למשל, אײַך אַליין, משה נאַדיר. אילע יאָרן (שרײַבט טאַקע אילע, נישט „אַלע") זינט איר שרײַבט, האָט די וועלט געהאַט טענות צו אײַך, למאַי איר האָט נישט קיין „גאָט". און אַזוי זיך ווי איר האָט געפֿונען אַ „גאָט", האָבן אַלע צו אײַך טענות: צו וואָס טויג נאַדירן אַ „גאָט"? נאָר איך בין נאָך נישט פֿאַרטיק. איך וויל אײַך געבן שטאָף אויף אַ גאַנץ אַרטיקל, איר זאָלט זיך נישט דאַרפֿן אַליין ברעכן דעם קאָפּ, ס׳איז נישט פֿאַר אײַך. איך הער, אַז איר זײַט עפּעס נישט געזונט. וואָס פֿעלט אײַך? באַמיט זיך נישט צו ענטפֿערן, איך בעט אײַך. ס׳איז נישט וויכטיק. אַז מ׳ענטפֿערט נישט, מיינט יענער: אָ־וואַ, ס׳איז עפּעס דאָ דערבײַ אַ טיפֿער שׂכל. אַניט — פֿאַר וואָס שווײַגט ער? דאָס איז דיפּלאָמאַטיע: אַ רענדל אַ וואָרט, אַ קנעפּל אַ שווײַג. אויב יאָ ריידן, דאַרף מען ריידן מיט זענפֿט און מיט פֿעפֿערשרויט. למשל, ווי דער לעקיש הגדול פּילסודסקי האָט גערעדט צו דעם לעקיש הקטן וואַלדעמאַראַס אויף דער זשענעווער קאָנפֿערענץ. איינער אַ כּלים־טרעגער האָט פּילסודסקין נאָכגעטראָגן אַ קישעלע. אויפֿן קישעלע איז געלעגן אַ שווערד. אַז דער פּאַן פּיל־סודסקי איז אַרײַנגעקומען אינעווייניק, האָט ער געהאַט אַן אויפֿטריט ווי אַבֿשלום. ער האָט געכאַפּט די שווערד, זיך אַוועקגעשטעלט ווי סע דאַרף צו זײַן, מיטן פּנים צו דער געשיכטע, פּראָשע פּאַנאָ[2], און

[2] כּ׳בעט אײַך איבער, הער!

ער האָט אַ געשריי געטאָן „קריג אָדער פֿרידן?״ — האָט זיך וואַל־דעמאַראַס דערשראָקן און געזאָגט: „ל־לאָז זײַן פֿע־פֿע־פֿרידן״. „אַ גרויס וואָרט איז געזאָגט געוואָרן״ — האָט געענטפֿערט דער דראַ־מאַטישער מאַרשאַליק פּילסודסקי — „אָט גיי איך שוין דעפּעשירן קיין וואַרשע, אַז מײַנע זאָלן גיין טאַנצן אין אילע גאַסן און קלינגען אין די גלעקער, סע זאָל זיך טאָן חושך״... „איך גיי אויך טאָן דאָס זעלביקע״, האָט געזאָגט וואַלדעמאַראַס, און זיך אַרויפֿגעקעמט די האָר מיט אַ גאָפּל (דיפּלאָמאַטן טראָגן מיט זיך שטענדיק גאָפּלען). „איכל מײַנע אין קאָוונע אויך דעפּעשירן, אַז זיי זאָלן גיין טאַנצן מיט אויסגעריבענע הינטנס און מיט באָרוועסע פֿיס... ס׳זאָל זיך — ווי זאָגט איר — טאָן חושך״.

דער גענישַלער אידיאָט האָט דערוויַל דערזען, אַז מײַן באַלע־באָסטע האָט געגרייט פֿאַר מיר דעם טיש צום נאַכטמאָל, האָט ער זיך צוגערוקט, גענומען דאָס סערוועטל אויף די קני און גענומען עסן — רויִק, שטיל און פֿײַן, ווי אין אַ רעסטאָראַן.

אַז ער האָט געהאַלטן בײַם פֿלייש, האָט ער געזאָגט:

— ווי אַ פֿלוי אויפֿן ים — אַזוי איז דער מענטש. די פֿלוי מיינט, אַז דער ים רוישט, כּדי זי איבערצושרעקן, און זי קען נישט פֿאַרשטיין, וואָס האָט צו איר דער אַכזר — דער ים? זי ווערט מע־לאַנכאָליש און הייבט־אָן זינגען לידער. עקצע האָמאָ. אָט דאָס איז דער מענטש: איך, איר, אָלגין. אַלע. חכמה? באַ! אַ געפּרעגלט פֿלי־געלע פֿון אַ הון שטייט בײַ מיר טויזנט מאָל העכער פֿון... ספּינאָזאַן. אומשטאַרבלעכקייט איז דעם טויטס קראַנקייט. (שטרײַכט מיר דאָס אונטער, כ׳בעט אײַך, נאַדיר, ווײַל דאָס איז גוט געזאָגט). אַ געזונ־טער מת וויל זײַן טויט, נישט לעבעדיק, פּונקט ווי אַ געזונטער לעבעדיקער וויל זײַן לעבעדיק און נישט טויט. דערפֿאַר איז קונסט — דעגענעראַציע. טאַלאַנט, וואָס שטרעבט צו פֿאַרלעבעדיקן דאָס טויטע, איז אַ קרענק, אַן אָנשיקעניש. מיט אַ מעסער דאַרף מען עס אויסשנײַדן. איר הערט? מיט אַ מעסער! אַ שטומפּיק מעסער בײַ אײַך, מֹשה נאַדיר. נישטאָ בײַ אײַך קיין שאַרפֿערס?

איך האָב אים דערלאַנגט אַ שאַרפֿן מעסער. ער האָט צעשניטן אויפֿן טעלער, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט, און ער האָט געזאָגט:

— אָוואַ, שוין באַלד זעקס! נאָר איך אײַל מיך נישט... סעקט —דאָס איז די קללה פֿון אונדזער צײַט, משה נאַדיר. מיר סעקסירן זיך אויס אין ווערטער, אין דער עפֿנטלעכקייט. דאָס טויג נישט. ס'איז איינס פֿון די בײדע: סעקס איז אָדער אַ סוד, אָדער נישט. ס'איז אָבער נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַן אַכטל סוד. נע־ספּאַ [3] ? אייגנטלעך גייט עס בלויז אין איינע צוויי ווערטער. ווען מ'זאָל קענען זאָגן אָפּן אָט די צוויי ווערטער (און אפֿשר אויך דאָס דריטע וואָרט — די אַקציע), וואָלט אַוועקגעפֿאַלן דרײַ־פֿערטל פֿון דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. וואָס וואָלט דעמאָלט געהאַט צו טאָן, לאָמיר זאָגן, מאַפּאַסאַן? אָקטאַוו מירבאָ? דזשיימס דזשאָיס? איבער גאַנצע בערג מיט ליטעראַטור שפּאַנען מיר אַריבער, בלויז כּדי אויסצומײַדן די צוויי־דרײַ ווערטער. לוינט זיך? איך פֿרעג אײַך? זאָל מען די צוויי ווערטער אַרויסריידן און אַ סוף זאָל דאָס נעמען. זאָל מען באַפֿרײַען די גרויסע באַהאַלטענע ענערגיע פֿון דעם מענטשן, איבער וועלכע יענע צוויי ווערטער זײַנען ווי אײַזערנע קאָפּרישקעס [4], וועט ער קענען אויסניצן זײַן כּוח אויף עפּעס גרעסערס — אַפֿילו אויף רעוואָלוציע, יאָ־אָ. אָט נעמט, צום בײַשפּיל, אַזאַ זאַך ווי דאָס טעאַטער. (כריין האָט איר? דערלאַנגט, כ'בעט אײַך). אַלע שרײַען דאָס ייִדישע טעאַטער גייט־אונטער. קריטיקערס קראַצן די שׂכלס זייערע און גיבן־אָן אַזוינע און אַזוינע תּירוצים. קיינעם פֿאַלט נישט אײַן, אַז דאָס טעאַטער גייט־אונטער דערפֿאַר, וואָס די קליידלעך זײַנען קורצער געוואָרן בײַ די פֿרויען. איר מעגט לאַכן, אָבער לייגט־צו גוט די אויגן, וועט איר אַליין זען, אַז איך בין גערעכט. אַז די קליידלעך זײַנען געווען לאַנג און מ'האָט קיין נאַקעטן פֿרויענפֿוס נישט געקענט זען, אַחוץ בײַם אייגענעם ווײַב (אָדער ערגעץ אַנדערש), איז מען געווען „פֿאַרקאָכט אין דער דראַמאַטישער קונסט". אָבער איצט? לכתּחילה

[3] (פֿראַנצייזיש) ס'איז נישט אַזוי? — [4] אָנהאַלטן.

האָבן די קורצע קליידלעך אונטערגעגראָבן די בורלעסק־טעאַטערס. דערנאָך האָט דאָס אָנגערירט אויך די אָפּערעטע. איצט האָט דאָס גענומען דערהרגענען די דראַמע. די יאָלדוינים מיינען, אַז ייִדן גייען אין טעאַטער צוליב פּיעסן. אַ 30 פּראָצענט, זאָג איך אײַך, פֿון אַלע ייִדישע טעאַטער־גייערס, גייען שטענדיק נאָר אין יענע טעאַטערס, וווּ עס זײַנען פֿאַראַן בעסערע... אָפּטריטן. אַנדערע (ייִנגערע) גייען צוליב דעם, וואָס אין טעאַטער איז — פֿינצטערער ווי ערגעץ אַנ־דערש. דער קלענער טייל מענטשן, וואָס איז ביז איצט געגאַנגען זען די דראַמעס טאַקע, גייט איצט אין באָד אַרײַן. דער פֿאַקט איז, אַז די גאַנצע בעסערע ייִדישע דראַמע טראָגט זיך איבער אין באָד אַרײַן. ס׳איז קיין חידוש נישט. ייִדן האָבן שטענדיק ליב געהאַט צו שוויצן אין טעאַטער. און אויב שוויצן, איז כאָטש שוויצן סאַניטאַריש. פֿרײַער זײַנען ייִדישע אַקטיאָרן אַוועק צו די גויִים, איצט אָבער איז געבליבן נאָך אַ וועג: אין באָד אַרײַן. אַגבֿ איז נישט אַלע מאָל אמת, אַז ייִדישע אַקטיאָרן גייען־אַוועק צו די גויִים. נעמט, צום בײַשפּיל, אײַער פֿרײַנטל יאָסל קאָטלער, וואָס איז איצט מיט דער „ניו פּלעי־רייטס טעאַטער". קאָן מען זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַוועק צו די גויִים? ניין. ער איז אַוועק צו... די שיקסעס.

— איצט גיי איך שוין. אַדיע. שלעכטע עסנס בײַ אײַך. וואָס זוכט איר זיך נישט אויס אַ בעסערע קוואַרטיר? אָדער אויב ס׳איז אַן אייגן ווײַב, גט זי אָפּ און נעמט אַן אַנדערע, אַזאַ וואָס קען גוט קאָכן. שאַ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? דאָס, וואָס איר שלאָגט נישט איבער די רייד, איז זייער גוט. איך האָב געמיינט, אַז איר׳ט איבערשלאָגן. איבער אַכט טאָג מאָנטיק וועל איך ווידער קומען צו אײַך, אַזוי אַז איר זאָלט קענען האָבן פֿאַרטיק אײַער אַרבעט אויף מיטוואָך. קיין געלט וועל איך בײַ אײַך נישט נעמען. איך האָב מער פֿון אײַך. ווי אַזוי איך האָב געמאַכט מײַן געלט, דאָס איז זיך אַ באַ־זונדערע מעשׂה. מיר׳ן נאָך אַ מאָל קומען דערצו. שאַ, יאָ. וועגן מײַן מיסיע. וואָס טו איך אין אַמעריקע? ווער האָט מיך געשיקט? מיט וועמען קער איך מיך אָן פּאָליטיש? דאָס וועט איר אַלצדינג געוווּיר

ווערן שפּעטער. דערווײַל קען איך אײַך בלויז זאָגן, אַז דער הויפּטמאָטיוו פֿון מײַן קומען קיין אַמעריקע איז... גרייפּפֿרוט, אַ פּרי, וואָס מען קען נישט קריגן אין גאַנץ אייראָפּע. און וואָס מיינט איר? ס׳לעבן האָט נישט צו פֿיל גוטע זאַכן, אַז מ׳זאָל קענען אויסלאָזן אַזאַ טײַערע פֿרוכט. שיינע פּיזאַזשן, הויכע פּאָליטיק, געשמאַקע פֿרויען — דאָס איז גאָר נישט. דער מענטש זעט און פֿאַרשטייט מער מיטן גומען ווי מיט אַלע אַנדערע חושים. דאָס דערקלערט שוין במילא די פּערווערזע זאַכן, וואָס גייען־אָן אין די פּאַריזער נאַכטהײַזער. אין גיכן פֿאָר איך קיין אַרגענטינע טרינקען מאַטע. פֿון דאָרט פֿאָר איך קיין אַרמעניע עסן שישקעבאַב. און אַזוי כּסדר. ביז איכ׳ל האָבן דורכגעמאַכט מײַן וועלטרײַזע. דערצו העלפֿט מיר זייער אַ סך דאָס, וואָס איך קען ריידן ייִדיש. וואָרן ייִדיש איז הײַנט צו טאָג כּמעט די איינציקע שפּראַך אין דער וועלט, אויף וועלכער מען האָט געווינטלעך אויף הוצאות. ווי מיינט איר, משה נאַדיר, איך בין געניאַל? צי אַן אידיאָט? צי אַלע ביידע? שעמט אײַך נישט פֿאַר די לעזערס — אַ געשעפֿט האָט איר מיט זיי! אַ לעזערס געהירן איז ווי אַ טשעמאָדאַן. מע דאַרף אים נאָר אָנפֿולן און נעמען אין דער האַנט אַרײַן, איז ער גרייט מיט אײַך מיטצופֿאָרן. איבעריקנס, ווי זאָגט מײַן שוואָגער פּיצצעלי (ער איז זייער אַ קליינער, האָט מען אים תּחילת גערופֿן „פּיצל“, „פּיצעלע“, נאָר דערנאָך, אַז ער איז אַוועק קיין וואַרשע און געוואָרן אַ דיכטער, האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן פּיצצעלי — מיט צוויי צדיקן). פּיצצעלי זאָגט: „אַ שײַטל האָלץ איז תּמיד שטאַרקער פֿון אַ שײַטל עבֿרי“. אַזוי זאָגט פּיצצעלי. ער זאָגט נאָך אַנדערע זאַכן אויך — אָבער מיר׳ן זיי באַהאַלטן אויף איבעראַכט טאָג. באָן זשור! דאָ סווידאַניאַ! סי יו נעקסט מאָנדעי.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— ווי אַזוי בין איך רײַך געוואָרן? דאָס איז צו דערציילן און צו דערציילן. איך וויל אײַך אָנכאַפּן בלויז איינע פֿון מײַנע פֿאָרטלען. דאָס איז געווען בײַ אײַך אין אַמעריקע טאַקע, מיט אַ 15 יאָר קריק.

איך בין דעמאָלט געהאַט געקומען צו גאַסט אויף עטלעכע טעג און געבראַכט מיט זיך: קונסטוועמרק. יאָ־יאָ, קונסטווערק! לאַכט נישט. וואָס איז קונסטווערק? קונסטווערק איז אַ זאַך, וואָס יעדער שלי־מזלניק קען מאַכן, אָבער נאָר אַ פֿעיִקער מענטש קען פֿאַרקויפֿן. אין דעם ליגט די קונסט. אַזוי ווי אין פּיעסן. וואָס איז שרײַבן אַ פּיעסע? גאָר נישט. אָבער פֿאַרקויפֿן אַ פּיעסע? אוי, וויפֿל חכמה מע דאַרף דערצו האָבן, וויפֿל מענטשן־קענטעניש! הקיצור, איך דריי מיך אַזוי אום אין דאַונטאַון[5], אין דער וואָלסטריט־געגנט, ווו די בערזע גע־פֿינט זיך. מיט מיר גייט־מיט מײַנער אַ פֿרײַנטל, אַ געריבענע ליול־קע. ריידן מיר אַזוי וועגן דער בערזע, וועגן אַקציעס. מאַכט ער צו מיר: „דו ווייסט עפּעס וועגן אַזוינע זאַכן?“. — זאָג איך: „ווייסן ווייס איך נישט, אָבער אַז איך וויל, קען איך וויסן. — „ווי אַזוי?“ — „אָט־אַזוי!“... איך גיב אַ קוק דעריך (שרײַבט טאַקע דעריך, נישט „דורך“ — דורך איז דײַטש!) איך גיב אַ קוק דעריך די צײַטונג — אַזוינע און אַזוינע אַקציעס, מיט אַזוינע און אַזוינע נעמען שטייען הײַנט בײַ אַזאַ־און־אַזאַ פּרײַז. גוט! דערווײַל, ווי איך קוק אַזוי אין דער צײַטונג, באַווײַזט זיך עפּעס אַ וואַזשנער מענטש, מיט אַ שיינעם גרויען קאָפּ, אַ „צוויקער“[6] אויף אַ שוואַרץ בענדל. „דו ווייסט ווער דאָס איז?“ — זאָגט צו מיר מײַן פֿרײַנד. — „ווער?“. — „ס'איז דער קופּער־קעניג“. — „טאַקע?“, זאָג איך, „דער קופּער־קעניג? אויב אַזוי, דאַרף מען זיך מיט אים אַ באַקען טאָן!“. — און פּופּטערניע גיי איך טאַקע צו צו דעם גרויסן באַנקיר, דעם קופּער־קעניג, דערלאַנג אים מײַן וויזיט־קאַרטל, וואָס איז נישט געדרוקט, נאָר אויסגעקלאַפּט, אַמבאָסירט, און האָט אויף זיך אַ הערב: אַן אָדלערל. וואָרן אַ כּלל האָב איך, אַז אַ מענטש קען זײַן ווער ער וויל, האָט ער נאָר אַ רײַך געדרוקט קאַרטל מיט אַ הערב איז ער... געראַטע־וועט... דערלאַנג איך אים ס'קאַרטל מיט דער אויפֿשריפֿט אין ענג־ליש „בער־איל מק'פֿאַדן (בערל פֿאָדענמאַכער, הייסט דאָס!) הויפּט־

---

[5] דרום־טייל פֿון ניו־יאָרק, די געגנט פֿון באַנקהײַזער. — [6] צוועגנגל.

ליפֿעראַנט צום ברוזיאַנישן קעניג" (ס'איז גאָר אַזאַ קעניג נישטאָ אויף דער וועלט!). קוקט ער עס אָן פֿאַרחידושט, דער קופּער־קעניג, און מאַכט צו מיר: „איז וואָס זשע פֿאַרלאַנגט איר?". — זאָג איך: „פֿאַר מיר אַליין פֿאַרלאַנג איך גאָר נישט. איך וויל אײַך נאָר", זאָג איך, „וואָרענען, אַז איר זאָלט איבער מאָרגן נישט קויפֿן קיין פּעטראָל, ווײַל ס'וועט פֿאַלן אין פּרײַז". שמייכלט ער, דער באַנקיר, דאַנקט מיר אָן אַ פֿול היטל, כּלומרשט, און דאָס שמייכעלע הייסט: „שוטה בן פּיקהאָלץ, מיר גייסטו דערציילן וועגן וואָלסטריט, וועגן אַקציעס? מיר — דעם קעניג פֿון קופּער?"... און אַז איך בין פֿאַרטיק מיט דעם באַנקיר, מיט מײַנעם, מאַכט צו מיר מײַן פֿרײַנטל: „דעם קופּער־קעניג גייסטו בלאָפֿן? כ'על דיר זאָגן דעם אמת, זאָגט ער, פֿאַר אַזאַ נאַר האָב איך דיך נישט געהאַלטן"... זאָג איך אים: ביסט שוין פֿאַרטיק, האַ? הער זשע אויס, ברודערל, וואָס איכ'ל דיר זאָגן, זאָלסטו האָבן אַ כּלל, זאָג איך, אַז ערשטנס, וואָס מער סוחר, אַלץ מער... יאָלד. אמת, אין קופּער איז ער טאַקע אַ קעניג, אָבער אין בלײַ, צי אין זילבער, צי אין פּעטראָל, קען ער זײַן גרין ווי גראָז און רוי ווי אַן אוגערקע. האָבן מיר איין מאָל אַוועק! צווייטנס: פּעטראָל־אַקציעס, ווי אַלע אַנדערע אַקציעס, האָבן אַ טבֿע, אַז אָדער זיי פֿאַלן, אָדער נישט. איז ממה־נפֿשך: וועלן זיי נישט פֿאַלן, וואָס האָב איך דאָ אָנגעווירן? איך בין דער איינציקער בערזע־מעקלער, וואָס טרעפֿט נישט? טאָמער אָבער יאָ, טאָמער מאַכט זיך, אַז פּעטראָל פֿאַלט אין פּרײַז, אַקוראַט איבער מאָרגן — בין איך דער חכם, דער קאָפּמענטש, וואָס מע דאַרף זיך מיט מיר באַקענען פּערזענלעך.

— און וואָס איז געווען דער סוף?

— דער סוף איז געווען, אַז פּעטראָל האָט זיך מיישבֿ געווען מיט צוויי טעג שפּעטער און דערלאַנגט אַ פֿאַל־אַראָפּ, אַז מע האָט געקענט הערן אין מאָסקווע. און דער שפּיץ פֿון דעם אַ סוף איז געווען, אַז אַזוי גיך, ווי דער קופּער־קעניג האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז עפּעס אַ ייִד מיט אַ לענגלעכער נאָז און מיט אַ פֿײַן קאַרטעלע האָט אים טאַקע געוואָרנט פֿאָרויס, אַז סע

וועט אַזוי זײַן. האָט ער אַ זוך געטאָן אין קעשינקעלע פֿון זײַן וועסטל און געפֿונען ס׳קאַרטל, און מיר אָפּגעטעלעפֿאָנירט, איך זאָל קומען צו אים אין אָפֿיס אַרײַן. און אַז איך בין געקומען צו אים אין אָפֿיס אַרײַן, האָבן מיר זיך צערעדט וועגן וועלטזאַכן, און וועגן די באַלקאַנען, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז איך האָב פֿופֿצן האַרטע טויזנטערס, און נישט ווי קיין שלעפּער, אַ מעקלערל, אים פֿאַרקויפֿט אַ שמאַטע אַ „קונסטבילד״ — און אויסגענאַרט בײַ אים נאָר ווי מע זאָגט אויף לאַטיין: מאַגנאַ קום לאַודע — מיט גרויס כּבֿוד, מיט ווערדע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— לאָמיך אײַך דערציילן, ווי אַזוי איך האָב דאָ אַנומלטן געמאַכט אַ גרודע מיט געלד דורך מײַנעם אַ געניאַלן אײַנפֿאַל. איר מעגט דאָס הערן. איך האָב אָפּגעדונגען דעם גרעסטן זאַל אין שטאָט און האָב אַנאָנסירט דעם גרעסטן זינגער, וואָס אַמעריקע פֿאַרמאָגט, און האָב אָנגעגעבן דעם נאָמען פֿונעם זינגער. יענער איז נאָך מער באַרימט ווי קאַרוזאָ. פּרײַז פֿון אַ בילעט בלויז 25 סענט. אַז ס׳איז געקומען די נאַכט פֿון דער פֿאָרשטעלונג, האָט זיך געטאָן חושך. די גאַס איז געווען שוואַרץ מיט מענטשן. בײַ דער קאַסע האָט מען טאַקע פֿאַרקויפֿט הונדערט בילעטן צו 25 סענט אַ שטיק. דערנאָך האָט זיך צוגעמאַכט ס׳פֿענצטערל: ניטאָ מער! אויסגעפֿאַרקויפֿט! דערווײַל האָב איך שוין געהאַט אָנגעגרייט מײַנע שפּעקולאַנטן, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צווישן עולם פֿאַרקויפֿן שטילערהייט בילעטן און מע האָט געשונדן אַ הויט, אַזוי ווי ס׳קער צו זײַן. פֿינף דאָלער אַ שטיק — פֿאַר אַ 25סענטיקן בילעט.

אַז דער עולם איז שוין געווען אינעווייניק און ס׳גאַנצע טעאַטער איז געווען „באַזעצט״ ביז איבערן קאָפּ, בין איך אַרויפֿגעקומען אויף דער בינע און דערקלערט, אַז דער געוויסער זינגער, וואָס איז נאָך מער באַרימט ווי קאַרוזאָ, איז פּלוצעם קראַנק געוואָרן און קען נישט אויפֿטרעטן... איך בעט דעריבער, מע זאָל זיך ווענדן צו

דער קאַסע און אָפּנעמען די 25 סענט, וואָס מ'האָט געצאָלט פֿאַר די בילעטן.

נו, פֿאַרדין איך שוין דעם נאָמען געניאַלער אידיאָט?

*

— איר ווייסט, נאַדיר? — האָט געזאָגט דער געניאַלער אי־דיאָט — מען מיינט דאָך טאַקע, אַז איך בין אַ לעבעדיקער מענטש. אומעטום, ווו איך קום, הער איך ווי מען רעדט פֿון מיר. מען דער־ציילט מיינע חכמות, מיינע פּלענער. אויף אַ סך ערטער האָב איך געהערט, אַז מ'איז נייגעריק צו באַקענען זיך מיט דעם געניאַלן אידיאָט...

בעט ער זיך:

— איר טאָרט מיך, למען־השם, נישט אַרויסגעבן, משה נאַדיר. דערפֿאַר טאַקע האָב איך פֿון אָנהייב אָן נישט געוואָלט, איר זאָלט מיך אָפּמאָלן אַזוי, אַז מ'זאָל מיך קאָנען דערקענען.

# פּאַרפּאָסערס, שרייבערס, ליטעראַטן

— 1 —

בראשית ברא אלהים... דעם פּאַרפּאָסער.

דער פּראַסטאַקישער מענטש האָט פון קיין חכמות נישט גע־ווּוסט, נישט געהאַט קיין פּליי אין דער נאָז. אַ ייִד ווי אַלע ייִדן. נישט קיין געשטודירטער חזן פון רוים אָדער פון ווין, נאָר אַ "זאָ־גער", וואָס האָט גערעדט מיט באַקציין, זיך געטומלט אויף אַ היפּשן שטח, קיין מאַניערן נישט געהאַט.

אין אונדזער "ווײַנגאָרטן", דעם פּרימיטיוון, מיט רויע שמרשע אָדער צונזערישע געצײַג, געמוזט אַן ערלעכן טאָג אַרבעט "אַרײַנ־אַרבעטן", מיט שטומפּיקן אַקער איבער האַרטער ערד, איבער שטיי־נער און קלעצער.

אַז איר זאָגט פּאַרפּאָסער, קומט אײַך אויפֿן זין דער בעל־מלא־כה פון דער פען, דער "קוסטאַר"[1], וואָס באַציט נישט זײַנע מאָדעס פון פּאַריז, ווייסט נישט פון קיין פּרעמדע פּאַסאָנען. וואַרשאַווסקי אין דער דיכטונג. דינעזאָן אין דער פּראָזע.

די דערמאָנטע צוויי זײַנען, פּאַרשטייט זיך, די העכסטע און בעסטע פּאַרטרעטערס פון זייער שול. צישן[2] זיי ביידע שטייט אַ שורה מיט אַנדערע "פּאַרפּאָסערס", נידעריקער אין גראַד, וואָס האָבן געזונגען פון פּרעמדע ביכלעך אַרויס, איבערגעשריבן, גענומען צו ביסלעך פון די "גרויסע זינגערס", איבערגעמאַכט אַריעס פון אָפּע־רעס אויף "לך דודים", אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרן אַזוי נאַיוו, אַזוי אָפן, אַז מ'האָט עס נישט געקענט אַפילו באַטראַכטן פאַר פּלאַ־

---

[1] (סאָוועטישער טערמין) בעל־מלאכה. — [2] צווישן.

גיאַט, איינער, וואָס האָט דאָס וואָרט גנבֿה נישט געהערט אויף זײַן לעבן, קען נישט באַטראַכט ווערן פֿאַר קיין גנבֿ.

די פֿאַרפֿאַסערס זײַנען ס׳רובֿ געווען „באַיקע״[3] חבֿרה, האָבן ליב געהאַט דעם יום־טובֿ פֿון לעבן, אַ „בעכערל ווײַן״, אַ געזונטן פּופּיקל, אַ געשמאַקע טרער.

שמר און דינעזאָן — כאָטש ווײַט איינער פֿונעם אַנדערן אין זייער פֿאַך־קענטעניש (דער ערשטער, אַ פֿלינקער בעל־מלאכה, וואָס האָט געוועבט אויף עטלעכע שטולן מיט אַ מאָל; דינעזאָן, אַ מפֿונק, אַ שפּינער פֿון פֿאָלש־ײַדענע טראַגעדיעס), זײַנען ביידע געווען פֿאַרפֿאַסערס אין דעם זין, וואָס עס איז זיי נישט אײַנגעפֿאַלן צו בויען קיין געבײַדעס פֿון שפּינוועבס אָדער צו מעלקן די לבֿנה.

דער „פֿאַרפֿאַסער״, דער פּרימיטיוו אין דער משפּחה פֿון נשמה־פּראָוואָקאַטאָרן און געדאַנקען־שפּיאָנען, איז געווען, ווי בכלל די אַלטע קלאַסישע פֿאָרעם אין דער ליטעראַטור — דאָס וואָס ער איז געווען. דאָס קלייד האָט געפּאַסט ענג צום לײַב. האָסטו באַלד גע־זען, צי שטייט פֿאַר דיר איינער מיט אַ הויקער אויף דער פּלייצע, אָדער אַ שיינער און אַ פּראָסטער...

דער פֿאַרפֿאַסער האָט נישט געוווּסט פֿון דער קונסט פֿון באַ־האַלטן דאָס, וואָס ער האָט נישט. ער האָט נישט געצאָלט דעם חובֿ צו זײַנע „געטער״ מיט לאַנגטערמיניקע וועקסלען, נאָר אין מזומן...

ער איז געקומען מיט זײַן „הייליקער פּשטות״, מיט זײַן ער־לעכן דופּט פֿון בלומען, נאַכטיגאַלן, מיט זײַן קליינעם באַגאַזש פֿון ערע, טרוימען, ליבע, לײַדנשאַפֿט.

אָרעם איז געווען זײַן האַנטוועריק. די „נשמה״ האָט פֿון זײַן קוישל מיט סחורה אַרויסגעפּישטשעט ווי אַ געל פֿייגעלע אָן פֿע־דערן, מיט אַן אָפֿן פּיסקל...

שמר האָט געמוזט אויסטראַכטן אָדער כאָטש צענויפֿטראַכטן

---

[3] קעמפּערישע.

מעשׂיות גאַנצע. לאָז זײַן אַ „קאַץ איז געפֿלויגן איבערן דאַך", אָבער געפֿלויגן איז זי! און ס'איז געווען שמרס קאַץ, שמרס דאַך...

פֿון קיין אַמעריקאַנישע בלאַף־מעטאָדעס האָט דער „פּראָפֿאַ־סער" נישט געוווּסט.

קיין גרייטע פֿאַכטריקס זײַנען נאָך דעמאָלט נישט געווען. יע־דער פּראָפֿאַסער האָט געמוזט אויסטראַכטן אַ ראָמאַן, אַ ליד — „קלאָר ווי דער טאָג, טרויעריק ווי די נאַכט"...

מ'האָט גערעדט מיט באַקציין; מ'האָט נישט געשלוקערצט און געזאָגט „איך זינג"...

— 2 —

נאָכן פּראָפֿאַסער איז געקומען דער שרײַבער. מענדעלע, לי־נעצקי, שלום עליכם, פּרץ, יהודה שטיינבערג, רייזען, אַש, נאָמבערג, מאָריס ראָזנפֿעלד, באָוושאָווער, עדעלשטאַט — די זײַנען שוין גע־ווען נישט קיין פּראָסטע בעל־מלאכות, נאָר מײַסטערס, לאָמיר זאָגן: זייגער־מאַכערס, גאָלדשמידן. די האָבן שוין געלייגט כּבֿוד אויף זייער פֿאַך. געגוצט אַ קליינע ציטערוואָג פֿאַר די „געפֿילן", איידעלע צוועגגלעך און שפּאַקטיוון — פֿאַר דעם זייגערווערק, וואָס הייסט נשמה, נאַטור, מענטש.

זיי זײַנען שוין געווען אויסקלײַבערס, נישט נאָר אינעם מאַ־טעריאַל, נאָר אין די ווערקגעצײַג. מענדעלע, דער אורקאָוואַל פֿון יידישן לשון, איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין לעדער־פֿאַרטעך, בײַם פֿײַער פֿון דער קוזניע פֿאָלקס־נשמה, מיט די קלוגע שפּאַקולן אויפֿן שטערן און געשמידט העמערלעך און צוועגגלעך פֿאַר זײַן אַרבעט.

שלום עליכם האָט זײַן אויער צוגעקלעפּט צום דופק פֿון אונ־דזער שפּראַך, אַרויסגעהערט יעדן קלאַפּ, יעדן שאָרך.

מענדעלע, דער גרויסער זאָגער; פּרץ, דער גרויסער טראַכטער; שלום עליכם, דער גרויסער הערער; שלום אַש, דער גרויסער זעער; רייזען, דער גרויסער טרייסטער; ראָזענפֿעלד, דער גרויסער שיל־

טער; — אַלע האָבן אָנגעשריבן שטיקער לעבן אָדער שטיקער גע־מיט אָדער שטיקער חלומות...

קיין טריקס זײַנען נישט אָנגעגאַנגען. אַפֿילו בײַ פּרצן, װעלכער האָט צײַטנװײַז „געשטאַמלט און געזאָגט תּורה“, איז דאָס שטאַמלען געװען נישט קיין מיטל אױף איבערצושרעקן און צו װירקן, נאָר ס'איז געקומען פֿון אַ מױל, װאָס האָט נישט געקענט נאָכלױפֿן דעם פֿלינקן, בליצנדיקן געדאַנק.

די מײַסטערס זײַנען געװען שרײַבערס. שלום עליכם שרײַבט קיין מאָל נישט „איך האָב געשאַפֿן“, נאָר „איך האָב געשריבן“. ער רופֿט זיך אַפֿילו צוליב עניוות, „פֿאַרפֿאַסער“.

אַלע ייִדישע קלאַסיקערס, אַפֿילו יענע בײַ װעלכע דאָס שרײַבן איז געװען אַ „דבֿר שבקדושה“, האָבן פֿון דעסט װעגן געפּרוּװט רײדן צו אַן אױער, לאָז זײַן אַ קלײן אױער, לאָז זײַן אַ פּראָסט אױער, אָבער זײ האָבן נישט גערעדט צום העכגלײַכטער. זײ זײַנען נישט געריטן אױף קײן „פּורפּורנע פֿערד“ אָנגעטאָן אין ברײטע רױמישע טאָגעס, אונטער װעלכע מ'קען באַהאַלטן הױקערס און אַנדערע מיחושן, פֿון װעלכע „נאָבעלע ריטערס פֿון דער פּען“ טאָרן נישט לײַדן.

אונדזערע קלאַסיקערס האָבן געניצט אַלע זײערע פֿײַנע חושים אױף צו מאַכן אַן אָרדענונג אין מענטשלעכן דענקען. געפּרוּװט צו־נױפֿזאַמלען די עטלעכע קלײנע מטבעות פֿון אונדזער קולטור און זײ איבערבײַטן אױף עפּעס גרעסערס, שװערערס.

— 3 —

הײַנט האַלטן מיר בײַם פּעריאָד פֿון „ליטעראַטן“.

דער חילוק פֿון ליטעראַט ביז אַ שרײַבער איז הימלהױך. דער שרײַבער (דער זינדיקער מענטש) מוז שרײַבן, מוז אַרײַנרײדן אין אַן אױער אַרײַן, מוז צײכענען שװאַרץ אױף װײַס — אַזױ קלאָר װי ער קען, אַזױ בולט װי ער קען, װײַל קײן „קדושה“ איז אין זײַן פֿאַך נישטאָ, קײן פּריסטער־צײכן, קײן גאָלדאָרנאַט.

דער ליטעראַט, ווי דער פּויפּס און דער רבי, קער צו אַ קאַסטע, צו אַ שבט, דער שבט מיט הערנער, וואָס איז אַרומגעוויקלט מיט לעגענדעס, מיט הייליקע מעשׂיות...

דער ליטעראַט, ווי דער פּויפּס און דער רבי, איז נישט מחויב צו „זאָגן קיין תּורה" מיט אַ שיטה, מיט אַ שׂכל... דער רבי דאַרף בלויז זאָגן. עס מאַכט נישט אויס וואָס — וואָרן יעדער זאָג איז הייליק און יעדער גלאָץ מיט די אויגן איז טיף.

דער „ליטעראַט" האָט אַ... מיסיע: ער דאַרף עמעצן אַראָפּ־ברענגען — מ'טאָר אַפילו נישט אויסזאָגן וועמען. ער איז אַ זוכער פון וועגן, אַ נבֿיא, אַ פּאָסטעך פון אַ טשערעדע.

ממילא קען ער שוין נישט זײַן מיט דעם „ערבֿ רבֿ", מיטן עולם... ער מוז זײַן אָפּגעשיידט פון דער זינדיקער וועלט, מוז טראַכטן אין רמזים, מוז זען אַז ס'קידוש־בעכערל זײַנס זאָל (ווי בײַם באַהושער רבין) זידן בעת ער מאַכט „הבֿדלה"...

דער ליטעראַט היט זיך. מוז זיך היטן. באַוואָרנט זיך, מוז זיך באַוואָרענען. ער מוז שטענדיק שטיין אויף דער וואָך איבער זײַן „גרויסן נאָמען", מוז אים שיצן קעגן אַפּיקורסים.

איינער — אַ „הייליקער", איינער — אַ „מיסטיקער", איינער — גלאַט אַ פאַרשטעלטער — אָבער „טריקמאַכערס" זײַנען זיי אַלע...

וואָס זאָל מען טאָן? ס'איז אַ וואַכעדיקע וועלט. בויסט אַ בריק, פירט מען אַרויף צען פּאָר פערד און מ'זעט גלײַך, צי ס'האַלט זיך; בויסט אַ הויז אויף 30 שטאָק, און ס'פאַלט נישט אײַן, איז עס אַ סימן, אַז ס'איז אַ גוט הויז; אָבער ווער קען מעסטן די „קראַפט און די שיינקייט" פון אַ וועגעלע מיט שאָטנס? ענטפערט מען דיר: וואַרט־צו 5000 יאָר. ווער ס'וועט אַלעמען איבערלעבן, דער איז דער גרויסער דיכטער.

און ווײַל די סחורה איז נישט קיין זיכערע, און ווײַל אונדזער צײַט איז אַ „זינדיקע און אַ ניכטערע", מוז מען האָבן „געהיימע ברודערשאַפטן"; מוז מען ריידן צום לייענער אַזוי, אַז דאָס ביסל, וואָס ער ווייסט שוין פון פריִער, זאָל ער אויפהערן צו וויסן.

אַז איר׳ט אָנמוטן דעם ליטעראַט, ער זאָלריידן אַזוי, אַז מ׳זאָל פֿאַרשטיין וואָס מ׳וויל, וועט ער זיך אויסלאַכן פֿון אײַך. וואָס האָט ער צו טאָן מיט שרײַבערײַ? ער איז אַ שאַפֿער פֿון ווערק, אַ דיכ־טער, אַ ליטעראַט... ער טרינקט נישט פֿון קיין גלאָז, נאָר פֿון סאַמע טונקעלן קוואַל, וואָס צווישן די צעדערביימער...

ווער פֿאַרשטייט דיך, דיכטער? וואָס ווילסטו? וואָס ביסטו אויסן?

— „איך בין אויסן דאָס וואָרט, דעם מענטש... די האַנט אויפֿן אַקסל זאָל זײַן אַ דעקטוך...״

— „ווי קען אַ האַנט זײַן אַ דעקטוך?״

— נישט פֿאַר דיר צו וויסן, דו האָסט דיך אין הייליקן וואַסער נישט געטובֿלט...

באַשרײַבן זאַכן אַזוי, אַז מ׳זאָל פֿאַרשטיין? וואָס איז ער, אַ שרײַבער? ער איז אַ דיכטער, אַ ליטעראַט. ער רעדט סײַ ווי סײַ נישט צו קיין אויערן — ער רעדט צו דער לבֿנה, צום „לאַנגן ביין״, צום „צער וואָס אויף אונדזערע נעגל״.

ער מאָלט בלינדע „ניגערס״ בײַ נאַכט, אין אַ פֿינצטערן קעלער.
זײַן שטראָף איז טונקל — מאַכט ער עס נאָך טונקעלער.
מיט אַ שוואַרצן קויל אויף שוואַרץ פּאַפּיר...

אין בעסטן פֿאַל מאָלט ער אויף ווײַסן פּאַפּיר אַ ווײַסע ציפֿער, מאָלט־אַרום ס׳גאַנצע ווײַסע בלאַט מיט שוואַרצער טינט, כּדי די ציפֿער זאָל אַרויסקומען ווײַס.

גרינגער איז, פֿאַרשטייט זיך, צו שרײַבן מיט שוואַרצער טינט אויף ווײַס פּאַפּיר — גרינגער און ליכטיקער פֿאַרן אויג, אָבער דער ליטעראַט איז נישט גלאַט אַ „שרײַבער״, אַ קאָפּווערקער, נאָר אַ מין גײַסטיקער קאַליגראַף.

אַריבערגעגאַנגען בײדע תּקופֿות — די תּקופֿה פֿון געדולד און פֿון אומגעדולד, פֿון רו און אומרו, איז דער ליטעראַט — איבער די קעפּ פֿון אַלע קלאַסיקערס און מײַסטערס — דערשפּרונגען צו דער תּקופֿה פֿון שטאַמלען צוליב אײדלקייט, הוסטן צוליב גאווה...

ס׳איז וואָר: הײַנטיקע ליטעראַטן האָבן נישט קיין לאַנגע האָר

און טראָגן נישט קיין ווינדזאָר־קראַוואַטן, אָבער דאָס איז נאָר אַזוי פֿון דרויסן. פֿון אינעווייניק טראָגן זיי כּמעט אַלע לאַנגע האָר און פֿליִענדיקע קראַוואַטן...

יעדער ליטעראַט טראָגט מיט זיך אַן אייגענע וואַנט, שטעלט זי אַוועק, ווו ער קומט, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, לאָזט אויפֿשפּילן די צימבלען און די האַרפֿן און זאָגט: „איר זעט די־אָ וואַנט? הינטער דער דאָזיקער וואַנט איז...״

יעדער באַזונדער האָט אַן אַנדערן פּזמון וועגן דעם, וואָס „הינ־טער דער וואַנט״ איז...

און די אומקלאָרקייט ווערט אַלץ ברייטער, צעקלעקטער.

דיכטערס... גראָבן־אויס פֿון אונטער דר׳ערד „בלינדע טעמעס״, צעפּלעכטן ביי זיי די צעפּ, גיבן זיי שטורקאַצן אין די הענט אַריין. בינדן־צו פּויקן צו די ווידלען.

— זאָל דאָס אונדזער גאָרטן זיין?

דער וויינגאָרטן, ווו דער ייִדישער אַרבעטער געפֿינט איין וויינ־טרויב אויף הונדערט צווייגן?

האָט דער פּראָלעטאַרישער לייענער צייט פֿאַר „פּראָבלעסלעך״, ווען אמתע פּראָבלעמען שטייען ווי וועלף פֿאַר דער טיר?

## קריטיקערס און שרייבערס

דאַרף אַ קריטיקער אַליין זיין אַ פֿאַכמאַן אין קונסט, וואָס ער „קריטיקירט״?

אויף דעם ענטפֿערן גוטע נשמות, אַז — יאָ־יאָ, ניין־ניין; קיין מוז איז דאָס נישט. די גוטע נשמות האַלטן בכלל, אַז אַ מענטש קען זיין אַ מבֿין אויף שיך, כאָטש בטבֿע איז ער גאָר אַ זייגער־מאַכער.

מילא, אַז ס׳געשעען וווּנדער, איז דאָך נישטאָ וואָס צו ריידן! צווישן שישים ריבוי שיך־קריטיקערס וועט איר מסתּמא גע־

פֿינען איינעם אַ פֿעיִקן, וואָס איז נישט, נאָכן פֿאַך, אײַנגעשווירן אין אַלע סודות פֿון שיך־מאַכערײַ.

דער שׂכל אָבער איז מחייבֿ, אַז כּדי צו פֿאַרשטיין אַלע דריבנע פּרטים פֿון דער „שיינקייט פֿון אַ שוך", צו וויסן ווו ס׳ליגט די סאַמע יאָדרע פֿון גוטער „באַלמעלאָכעשאַפֿט", צו פֿאַרשטיין די איט־לעכע ניואַנסן, — צו דעם איז נייטיק אַ קריטיקער, אַ פֿאַכמאַן, איינער פֿון „צעך", וואָס האָט אַליין באַוועלטיקט און גובֿר געווען די שוועריקייטן פֿון יעדן באַזונדערן טייל אין דער ליטעראַטור.

אַ טומטום מעג טויזנט מאָל האָבן געלייענט אַלע ביכער פֿון מאָפּאַסאַן און פּיער לוי און באָקאַטשיאָ, וועט ער פֿון דעסט וועגן נישט פֿאַרשטיין — מה רעש?

ווי אַזוי אַנדערש קען זיך אַ קריטיקער אָנקערן מיט זײַן מאַ־טעריאַל, סײַדן ער „ווײַנט אינעווייניק", אין דעם סוד, פֿון וואַנען דער מאַטעריאַל שעפּט זיך?

אַן אַלטע יונגפֿרוי דאַרף זײַן אַ גענײַאַלע פּעדאַגאָגין, כּדי צו זײַן אַ מיטלמעסיקע לערערין.

פֿאַרקערט ווידער: קען יעדע שׂכלדיקע, גוטע און פֿעיִקע מו־טער זײַן אַ פֿײַנע לערערין — אויב זי׳ט נאָר ענדיקן אַ סעמינאַר.

איר׳ט זאָגן (און איר זאָגט טאַקע): קריטיק איז אַ קונסט פֿאַר זיך אַליין. יאָ, אָבער ווען איז דאָס געוואָרן? אַז דער קריטיקער האָט אייגענע געצײַג, אַן אייגענע וואָג־און־מאָס אויף צו מעסטן און וועגן, דעמאָלט איז ער אַ... מעסטער פֿון ליטעראַטור.

אָפּוועגן אַ קינד, פֿאַרשרײַבן עס אין „מעטריקע", האַלטן אַ רעקאָרד פֿון זײַנע קאַפּריזן, פֿאַרצייכענען זײַן גענעאַלאָגיע — דאָס אַלץ איז אַ וויכטיקער טייל פֿון „קינדער־פֿלעגע". אָבער ווען מ׳האָט קיין אייגענע וואָגשאָל נישט און מ׳וועגט אויף דער אייגענער דלאָ־ניע, ווי אַן אַלטמאָדישע מומע, און מ׳זאָגט „איציקל וועגט מער פֿון חיימלען" — איידער אַזוי איז שוין בעסער, אַז מ׳לאָזט דאָס צו רו.

ס׳איז אי זייער שווער (און אומדאַנקבאַר), אי זייער גרינג (און דאַנקבאַר) אַרײַנצוגיין אין דעם שרײַבערפֿאַך, דורך דעם טונקעלן

הינטערטירל פֿון קריטיק. שווער איז דאָס דערפֿאַר, וואָס מ׳האָט צו טאָן מיט לעבעדיקע מענטשן, אומזיכערן מאַטעריאַל מיט האַלבע און פֿערטל ליגנס און אמתן, וואָס אַז מען וויל זײַן ערלעך צו זיך, מוז מען זיך אַליין שטענדיק זאָגן ליגן, כּדי די פֿליגל נישט צו פֿאַרלירן. שווער, ווײַל די ווערט פֿון אויסגעטראַכטן ווײַן ווערט באַשטימט פֿון דעם, וואָס סע וועט פֿון אים ווערן אין... הונדערט יאָר אַרום.

די בעסטע וואָגשאָל פֿאַר ליטעראַרישע ווערטן איז — די צײַט.

דאַרפֿט איר גלייבן דעם קריטיקער אויפֿן וואָרט (ווי די קרי־טיקערס מוזן זיך אַליין גלייבן), אַז אין טויזנט יאָר אַרום וועט דאָס בוך, וואָס ער בענטשט אָדער שילט, זײַן לעבעדיק אָדער טויט... אַזאַ „קריטיק" קער זיך אָן מער מיט „קאָרטן־וואַרפֿן" און מיט „וואָרזאָגערײַ" ווי מיט קונסט!

קריק באַווײַזן אים קענט איר נישט, סײַדן איינעם וואָס ווענדט־אָן אַ ווינסנשאַפֿטלעכע מאָס פֿאַר זײַן קריטיק.

דאָרט אָבער, ווו די קריטיק איז בלויז אַ מומע, וואָס גיט גאָר נישט צו שטײַער אין קיך און שטופּט די נאָז אין אַלע טעפּלעך, דאָרטן ווו איר מוזט זיך פֿאַרלאָזן אויף בלויז „מבֿינות", קענט איר זיך אַוודאי נישט פֿאַרלאָזן אויף אַזאַ איינער (אָדער אַזאַ איינעם), וואָס האָט קיין מאָל אַליין צום פֿײַער קיין טעפּל נישט צוגעשטעלט. (איך רייד שוין נישט פֿון די מומעס, וואָס האָבן די פּאַסקודנע טבֿע שטילערהייט אַרײַנצושפּײַען אין אַנדער טעפּעלע יויך און — אַוועק־גיין).

גרינג ווידער איז צו זײַן אַ קריטיקער, ווײַל איר קענט עפּע־נען אַ געוועלב מיט ליידיקע הענט. איר דאַרפֿט אַפֿילו קיין פּוסטע קעסטלעך נישט האָבן...

איר רײַבט זיך אַרום פֿאַרטיקע פֿאַרמעגנס — איז ווי אַ גרוי־סער שלימזל איר זאָלט נישט זײַן, וועט זיך עפּעס צוקלעפּן.

מ׳ברענגט אײַך פֿרעמדע צירונג צו שאַצן, דערווײַל ווייסט קיי־נער נישט, וואָס ס׳איז אײַערס און וואָס ניט.

דער בעלעטריסט, דער דיכטער, האָט לכתחילה אַלערליי שטרויכלונגען אין וועג: ער מוז אַ סטיל געווינען אָדער נאָכמאַכן אָדער באָרגן. ער דאַרף גוטן רויען מאַטעריאַל און דאַרף האָבן אַ גוטע מאַשין דעם מאַטעריאַל אויסצואַרבעטן.

דער קריטיקער אָבער, אַז ער מוז בלויז זײַן אַ „גוטער פֿאַר־זוכער פֿון ווײַנען", איז שוין געגנוג. ער דאַרף אונדז נאָר געבן אַ גוטע נאָז און אַ גומען, אַ ברעקל אויג, אַ שטיקל אויער. מער קען מען זיך גאָר נישט ווינטשן פֿון יענע, וואָס האָבן גאָר נישט צו שטײַער געגעבן אין קיך, און גייען־אַרום שמעקן אַרום אונדזערע טעפּלעך.

ס'רובֿ איז אַזאַ „קריטיק" ריינע רכילות, לשון־הרע, נאָך דעם ווי דער קריטיקער קער זיך אָן מיטן שרײַבער. אַזאַ „קריטיק" איז גרינג — סײַ אַלס „קונסט", סײַ אַלס אַ קאַריערע.

לאָז ווער סע וויל זיך נעמען צו קריטיק און — באַלד האָט ער אַ שווערד אין האַנט.

ער קאָן אָנטאָן שאָדן.

האָט מען פֿאַר אים אָפּשײַ.

איך לייקן נישט אָפּ: די ליטעראַטור דאַרף האָבן אַ מעטריקער־פֿירער, אַ רעגיסטראַר פֿון ליטעראַרישע גנבֿות, קוריאָזן און דאָס גלײַכן. דאָס איז אָן אַרבעט פֿאַר אַ שטיקל „אוטשאָני יעווריי", פֿאַר אַ מענטש אין רעדאַקציע, וואָס פֿאַרנעמט אַזאַ אָרט, אַ שטייגער, ווי דער בריוּוקאַסטן־מאַן. זײַן קענטעניש אין שרײַבן איז דאָ גאָר נישט וויכטיק. דער עיקר איז, ער זאָל וועלן און קענען לייענען אַ סך. זאָל האָבן אַ גוטן זכרון, אַ ריינעם כּתבֿ. זאָל וויסן, אַז מ'דאַרף שרײַבן בלויז אויף איין זײַט פֿונעם פּאַפּיר. אָבער „שפּאָרן און עפּאָ־לעטן" פֿאַרדינט קיינער נישט פֿאַר אַזאַ שוואַרצע אַרבעט.

*

מיר ווילן קריטיקערס פֿון אייגענע פֿאַכמענטשן, פֿון שרײַבערס, פֿון דיכטערס.

שרײַבערס, וואָס האָבן געבלוטיקט אָדער געוואַסערט, אָבער אַזוינע וואָס האָבן אַליין עפּעס אויסגעטראַכט מיטן אייגענעם קאָפּ — אַזוינע וואָס קענען אונדזער פֿאַך פֿון אינעווייניק, אַזוינע וואָס קערן זיך מיט אונדז אָן, וואָס האָבן עפּעס צו שטײַער געגעבן אין קיך.

די בייזע מומעס, וואָס שפּײַען אין אונדזער יויכטעפּל אַרײַן — די וועלן מיר פֿאַרטרײַבן מיט אַ בײַטש.

און די אַ ביסל בעסערע מומעס, וואָס האַלטן די נעז איבער אונדזערע קאָך־כּלים, און שניפּן־אַרום — די וועלן מיר אָננעמען בײַ דער האַנט און שיין בעטן, זיי זאָלן זיך מטריח זײַן פֿון דאַנעט.

מיר'ן זיך שוין אַן עצה געבן אָן זיי.

פֿון זייערע אייגענע נעז, וואָס זיי שטופּן אַרום די טעפּלעך, וועט די יויך נישט ווערן פֿעטער, נישט ווערן מאָגערער — זיי פּלאָנטערן זיך נאָר צווישן די פֿיס.

זאָגערס, „שמעקערס" און „פֿאַרזוכערס" קענען מיר האָבן אייגענע.

שוין צײַט, די קריטיק זאָל אויפֿהערן זײַן אַ טויטע קריכ־פֿלאַנץ, וואָס וויקלט־אַרום דעם צופֿוסנס פֿון אַ לעבעדיקן בוים און מיינט, אַז דאָס בליט זי אַליין...

*

צושריפֿט:

איך וויים, אַז אַלע „געזאַלבטע און געבוימלטע" דעצענזענטן און קריטיקערס וועלן זיך באַלד אַ נעם טאָן צו מײַנע ביינער און מיר טשוויקן אין די אויגן אַרײַן מיט די נעמען בראַנדעס, היפּאָליט טען, וכדומה. אָבער איך וועל מיך גאָר נישט איבערשרעקן פֿאַר זייער געשריי. די אַלטע גריכן פֿלעגן זאָגן: „דאָס, וואָס ס'איז דער־לויבט יופּיטערן, איז דעם אָקס נישט דערלויבט". אויסנאַמעס באַ־שטעטיקן בלויז דעם כּלל. ווײַטער זשע איז (אויף אַלע ליטעראַ־טורן) די קליינע קריטיק אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז.

*

פֿאַר וואָס — טאַקע — קוקט בײַ אונדז דער שרײַבער דעם קריטיקער אין די אויגן אַרײַן, מער ווי בײַ די אומות־העולם?

דער תּירוץ איז: דער אַמעריקאַנער שרײַבער דאַרף נישט אָנקומען צום איקסן אָדער איפּסילאָנען נאָך אַ וואָג אָפּצווועגן זײַן טאַלאַנט. אַן ענגלישער שרײַבער (ווי בערקאָוויסי קאָנראַד, למשל), אַז ער באַקומט פֿאַר זײַנס אַ מעשׂה אַ טשעק פֿאַר טויזנט דאָלער, איז דאָס שוין אין זיך אַליין אַ גאַנץ פֿײַנע קריטיק.

דער טויזנטער רעדט העכער פֿון וועלכער ס'איז קריטיק.

אַקעגנצוריידן אַ טויזנטער איז... שווער.

דערצו פֿאָדערט זיך שוין אַ קריטיקער וואָס נעמט מער ווי אַ טויזנטער פֿאַר אַ קריטיק.

אַזוינע זײַנען דאָ ווייניק.

אָבער דער ייִדישער שרײַבער, דער דיכטער, סקיצלער, ראָמאַנציסט, וואָס באַקומט פֿאַר זײַן אַרבעט — ס'רובֿ גאָר קיין לוין נישט, אַ מאָל אַ קליין ביסל טאַשנגעלט און אַ מאָל מוז ער נאָך צוצאָלן דעם פֿאַרלעגער — פֿאַר אים איז ס'וואָרט פֿונעם קריטיקער די איינציקע מאָס און וואָג.

קיין חידוש נישט, פֿאַר וואָס מ'קוקט בײַ אונדז אַזוי דעם קריטיקער אין מויל אַרײַן — בפֿרט, אַז דער קריטיקער שטייט אויף אַזוי פֿיל העכער פֿון דעם שרײַבער, אַז... ער קריגט אַזש באַצאָלט.

*

און די איבערגעטריבענע ליבשאַפֿט צום אייגענעם שטיקל וואָרט, די פֿאַרגלייבטקייט אינעם אייגענעם שאַפֿן, וואָס גייט בײַ אונדז ביז אַבסורד, ביז נאַרישקייט? דאָס קען זיך דערקלערן מיט דעם, וואָס אַ מאַמע, וועלכע זייגט און ניאַנטשעט אַליין איר קינד, איז משוגע מער צוגעבונדן צו דעם ווי אַ מאַמע, וואָס גיט איר קינד אַוועק צו אַ... פֿרעמדן פֿאַרלעגער און באַקומט נאָך פֿון דער „גיאַנע" מתּנות אַלע ווײַנאַכטן אָדער פּורים...

נו, און דאָס אײַלעניש צו ברענגען ס'קינד אויף דער וועלט?

פֿאַר וואָס קענען מיר נישט — ווי ליַיטישע ענגלענדערס — בליַיבן „קינדערלאַז", כּאָטש ביז 30 אָדער 35 יאָר? פֿאַר וואָס האָבן מיר „גיַיסטיקע קינדער" שוין ביַי 18 אָדער 19 יאָר? פֿאַר וואָס ניצן מיר נישט לכתּחילה קיין פּרעווענטיוון אָדער סאַניטאַרישע אַבאָרטן, דאָרטן ווו די „מאַמע" איז צו יונג אָדער איר געבער־מוטער צו שמאָל — אָדער איר בלוט — צו וואַסערדיק?

ווידער דאָס אייגענע: וויַיל מיר זיַינען אָרעם, ווינען אין אַן ענגער שטוב, קאָנען זיך נישט אויסלעבן אין דער פֿרייד פֿון בלויזן... דענקען!

וויַיל ביַי אונדז לייענט מען נישט, קויפֿט מען נישט, גיט מען נישט אַרויס קיין ביכער, דערפֿאַר איז ביַי אונדז אַזאַ יאַגעניש... אַרויסצוגעבן ביכער.

*

איך גלייב נאָך היַינט אויך, אַז אַ מענטש קאָן זיַין אַ גוטער האָרעפּאַשניק און אַ שלעכטער שריַיבער.

פֿאַרקערט ווידער: איינער קאָן זיַין אַ דאָקטער־מעדיצין אָדער אַ ביזנעסמאַן און... אויך זיַין זייער אַ ביטערער שריַיבער!

מיר דאַרפֿן דערמוטיקן אונדזערע אייגענע — אויפֿצוהערן שריַיבן (אויב סע זעט זיך נישט קיין טראָפּן טאַלאַנט), פּונקט ווי מיר דאַרפֿן וועקן און מונטערן די עטלעכע, וואָס זיַינען מיט טאַלאַנט — פֿאַרשאָלטן.

מען טאָר זיך נישט אַראָפּלאָזן צו דער טבֿע פֿון חנפֿענען די פּראָלעטאַרישע שריַיבערס, דאָרטן ווו ס'איז קיין צוזאָג נישטאָ.

אין דעם געשריי פֿון דער „ניַיער ליטעראַטור" איז אָפֿט שווער זיך צו אָריענטירן. וואָס ווילן זיי? וואָס זיַינען זיי אויסן? פֿאַר וואָס גייט איינער נעבן דעם אַנדערן? פֿאַר וואָס לייגט מען נישט קיין גרויסן שטח ערד צווישן איינעם און דעם צווייטן? וואָס טומלען זיי זיך אויף אַזאַ קליין שטיקל אָרט, אַרום סקווער? צו זיי — יונגע אין כּוח און ציַיט — איז עס געגעבן געוואָרן אַריַינצושריַיען אין דער וועלטס אויער אַריַין — דאָס געשריי פֿון דעם לאַמבערקעמפּ,

פֿון פֿאָרדס פֿאַבריקן, פֿון פּיטסבורגס שטאָלווערק! אַנשטאָט דעם טאָפּטשעט מען זיך אין די טריט פֿון די עלטערע שרײַבערס.

אַ טייל פֿון אונדזערע ברידער זײַנען פּראָלעטאַריש, בלויז מיט דעם וואָס זיי האָבן שווערע הענט, גראָבע נעגל, בערישע מונ־טערקייט.

בלויז עטלעכע זײַנען פּראָלעטאַריש, דורך זייער באַנעמען די גרויסע געשעענישן, דורך זייער שטעלן זיך אַהין, וווּ זיי ווילן זיך שטעלן.

מ׳קאָן טראָגן גראָבע לײַוונט — ווי די העכסטע מאָדעזאַך. אָבער ווער? נישט דער, וואָס מער ווי פּראָסטע לײַוונט פֿאַרמאָגט ער נישט!

זאָלן אונדזערע אייגענע, וואָס שרײַען, אַז צו זײַן אַ שרײַבער דאַרף מען נישט קאָנען גוט שרײַבן — אָדער אַוועקוואַרפֿן דאָס שרײַבערײַ, אָדער אָנשרײַבן און גרונטפּעסטיקן זייערע טענות אין גוט־געשריבענע דיסערטאַציעס.

דער שפּאָגל־נײַער (שוין הײַנט אַלטער) באַנאַלער קנייטש, אַז „ער שרײַבט צו־ליטעראַריש״, איז גוט פֿאַר די פּראָלעט־שרײַבערס נאָכצומאַכן.

ווי אין דער פּאָליטיק, דאַרפֿן מיר אויך אין דער קונסט גיין אויף אַ גלײַכן, אָפֿענעם וועג. נישט פֿאַרוואַרפֿן די רעכטע האַנט איבערן נאַקן און זיך אַזוי קראַצן אין דער לינקער שלייף.

ליטעראַטור איז... ליטעראַריש. קיין אַנדערע ליטעראַטור איז נישטאָ. דאָס לאַכן פֿון „ליטעראַרישקייט״ איז אַ זשעסט בײַ קונסט־זאַטע שרײַבערס.

12 מײַ 1928

## בלינקיניזם אין דער יידישער ליטעראַטור

שלום אַש האָט זיך אויף אַ ווײַלע אַנטליגן בײַ מיר די פּראָזע, אַז „קליינע מענטשן זײַנען געבענטשט מיט טאַלאַנט, גרויסע מענטשן זײַנען פֿאַרשאָלטן מיט טאַלאַנט“. אַש, אַש, גיב מיר צוריק דאָס וואָרט! איך דאַרף דאָס איצט האָבן — נייטיקער ווי איך האָב עס באַדאַרפֿט אויף מײַן „אָוונט“ אין פּאַריז!

— קעגן וואָס?

— קעגן אַ האַלבן טוץ פֿון אונדזערע „געבענטשטע“ יונגע לײַטלעך, וואָס שטופּן די נעז פֿון זייערע נעמען אומעטום, וואָס רײַסן זיך אַרײַן אין דער אומשטערבלעכקייט — ווי גזלנים: מיט מעסערס, מיט העק. פֿאַר דער העכערער אינסטאַנץ, וואָס מ׳רופֿט זי „קריטיק“, האָבן זיי (ווי גזלנים פֿאַרן געריכט) טרערן אין די אויגן, פֿאַרמוטשעטע געזיכטער, קרעצלעך. די יונגע לײַט וואָס „נעמען די קריטיק מיט גוואַלד און מיט באַנבאָנעס“, קריכן אין די אויגן אַרײַן — ווי כריין. איר קענט נישט געפֿינען קיין בלאַט, קיין וואָכנשריפֿט, איר זאָלט נישט טרעפֿן זייערע נעמען. געוויינטלעך ווערט דאָס געטאָן לויטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ פֿון „קראַצסטו מיך, קראַץ איך דיך“.

*

אַמאָל פֿלעגט דאָס געטאָן ווערן אַ ביסל שעמעוודיקער. הײַנט ווערט אַזאַ איינער אַ... רעדאַקטאָר. די „באָיעס“ לייגן זיך צונויף די פּאָר סענט; דאָס ביסל „טאַלאַנטיך“, וואָס מ׳פֿאַרמאָגט און עס הייבט זיך אָן אַן אָרגיע פֿון... וואַסער גיסן, פֿײַער מישן, לעקעך קײַען.

אונדזערע קריטיקערס — מילא, וואָס פֿאַרלאַנגט מען דען פֿון זיי, מישטיינס געזאָגט? זיי זאָלן אָנטרײַבן די פֿערד? ניין. זאָלן זיי כאָטש אָנטרײַבן דעם בעל־עגלה, וואָלט אויך געווען גענוג שיין פֿון זייער זײַט.

אָבער זיי שרײַבן נישט. נאָר זיי היטן זיך.

זיי פּסקענען שאלות. כּשר, טריפה...

די „באַיעס" זײַנען אָבער נישט קיין פֿוילע. זיי שטייען בײַ די גן־עדן־טויערן פֿון אומשטאַרבלעכקייט, און אַזוי גיך ווי דער וועכ־טער פֿאַרקוקט זיך אויפֿן מולך, כאַפּן זיי זיך אַרײַן אינעווייניק, פֿעסטיקן זיך אַליין צו מיט אַ קייט צום כּסא־הכּבֿוד — מ׳זאָל זיי נישט קענען אַרויסוואַרפֿן. און ס׳איז פֿאַרפֿאַלן!

ניין. ס׳איז נישט פֿאַרפֿאַלן. מאיר בלינקין איז אַן עדות. דער זייער טויטער מאיר בלינקין, וואָס בײַם לעבן האָט ער זיך „געריסן אין די טויערן פֿון אומשטאַרבלעכקייט" מיט אַזאַ געוואַלט, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ס׳איז געווען נישט אויסצוהאַלטן:

בלינקין, בלינקיניזם.

*

מיטן כּוח־הדמיון־צוג קריק. סע ליטעראַרישט זיך בײַ אונדז. סלאָנים — סלאָנימט. חײַמאָוויטש — חײַמאָוויטשט. באַסין — באַסינט. לאַפּין — לאַפּינט. איך און מ. ל. האַלפּערן שווײַגן מיר אויך נישט.

מאָריס ראָזענפֿעלד איז אין די פֿעטע זיבן יאָר זײַנע. טראָגט־אַריבער ס׳טינטערל פֿון איין רעדאַקציע אין דער אַנדערער. וואָס איז דער חילוק? יעדע צײַטונג, ווו מען שטעלט־אַוועק ס׳טינטערל איז... די בעסטע צײַטונג אין דער וועלט, הוראַ. מער פֿון אַלעמען אָבער פֿלאַקערט אַ וועלט מאיר בלינקין.

ס׳איז:

„בלינקין דאָ,
און בלינקין דאָרט,
בלינקין אויף יעדן אָרט!"...

עפּנט אַ בלאַטצײַטונג, אַ זשורנאַל, אַ בוך — אָהאָ — בלינקין. אַ מעשׂה פֿון בלינקין, אַ נאָטיץ וועגן בלינקין, אַ רעצענזיע אויף בלינקין, אַ באַנקעט פֿאַר בלינקין.

ווער שרײַבט דען נישט וועגן בלינקינען?

דרייפֿוס און... בלינקין.
בלינקין און... קאַפּיטאַן דרייפֿוס.
וואָס איז די מעשׂה?

די מעשׂה איז, אַז בלינקין איז אַ מענטש מיט כּוח. ער קען דערלאַנגען אַ פּאַטש, מ'זאָל זיך איבערקערן. חוץ לזה איז ער גלאַט אַן... עקשן. טשעפּעט זיך צו ווי אַ קליעשטש און טרעט נישט אָפּ, און קריכט־נאָך, און חנפֿעט, און לויבט, און סטראַשעט.

ס'איז פֿון אים נישט פּטור צו ווערן. סע דאַכט זיך אויס, אַז בלינקין איז נישט נאָר איין בלינקין, נאָר טויזנט בלינקינס.

שרײַבן וועגן אים אַלע: ד"ר זשיטלאָווסקי, שכנא עפּשטיין, ענ־טין, סירקין, — פֿון די קלענערע העכט רעדט מען נישט.

דער בלינקיניזם פֿאַרכאַפּט אונדזער ליטעראַטור, סמט זי אָפּ, דערהרגעט איר דעם קאָפּ.

די גאַנצע קריטיק אונדזערע גייט־אַרום אַ הייזעריקע, מיט באַנדאַזשן אַרום האַלדז — צוליב בלינקינען.

אויף די באַנדאַזשן אַליין איז, דאַכט זיך, אויך אָנגעשריבן: בלינקין. מאיר בלינקין. בלינקין מאיר. מאיר, מאיר. בלינקין־בלינקין.

*

איך דערמאָן מיך אַזאַ זאַך.

איך גיי אַזוי פֿון רעדאַקציע קונדס, וווּ איך האָב אין יענער צײַט געשריבן נאָטיצן איבער ליטעראַטור, אונטער דעם טיטל בוך־אײַן, בוך־אויס.

מיט בלינקינען בין איך געווען אַ ביסל פֿון דער ווײַטן. נישט געהאַלטן שטאַרק פֿון זײַנע „טאַלאַנטן".

גיי איך אַזוי אויף איסט־בראָדוויי. טרעפֿט ער מיך אָן, טראָגט מיר אַקעגן אַ שמייכל אויף זײַן לבֿנהדיק־זאַטן, שײַנלעכן, גרויען פּנים.

—העלאָ.

— העלאָ. וואָס מאַכסטו, נאַדיר?

— מ׳שרײַבט.

בלינקין האָט זיך אַ ביסל פֿאַרטראַכט און פּלוצעם זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט און אַ מאַך געטאָן:

— שאַ, אַ גוטן האַוואַנאַ־ציגאַר ווילסטו, נאַדיר?

— גיב אַהער!

איך האָב פֿאַררויכערט, אים געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן און געזאָגט:

— ווען גייט־אַרויס דײַן נײַ בוך, בלינקין?

— דו ווייסט שוין, אַז עס גייט־אַרויס?

— אַוודאי, אַז דו גיסט מיר אַ ציגאַר, מסתּמא גייט־אַרויס דײַנס אַ נײַ בוך...

*

און יענער בלינקין איז דאָך געווען גאָלד קעגן אַ טייל פֿון אונדזערע הײַנטיקע בלינקינס, וואָס מאַכן זיך אַליין באַנקעטן, שרײַבן אַליין וועגן זיך, אַז זיי זײַנען אָץ־קוצץ בן קוצץ, און האַלטן אַ חשבון מיט פֿרײַנד און שׂונאים.

די ערשטע גיט מען — שישי, אויף די אַנדערע דערציילט מען שטילערהייט, אַז זיי סמען פֿערד און האַנדלען מיט פֿרויען.

קריטיקערס — שוואַכע מענטשן, נעבעך, בעלי־פּרנסה, וואָס זײַנען שטענדיק גרייט נאָכצולויפֿן משיחן און אים שיטן זאַלץ... זײַנען אָבער נישט גערן זיך צו מאַכן שׂונאים צווישן יונגעלײַט „מיט געמבעס און מיט פּענעס״. אַ ביסל האָט מען מורא און אַ ביסל — צו וואָס דאַרף מען עס? גיין זאַטשעפּען מיט מאַקאַבונדעס! כאַפּט זיי דער וויסטער יאָר!

שרײַבט מען וועגן זיי, אַז... עם, מע, בע... דאָס הייסט, זנאַטשיטסיאַ, אַז שרײַבער יאָק שרײַבער, אָבער זשעניען זײַנען זיי צו ביסלעך...

וואָס דען, אויב נישט זשעניען? אַז אויסלייגן קען מען נישט, קיין סינטאַקס ווייסט מען נישט, הערן — הערט מען נישט, זען — זעט מען נישט...

שנײַדט אַ מאָל ס׳האַרץ אויף די ווערטערס, וואָס דרעמלען אין אונדזערע „ווײַנגערטנער" — קיין פּלאַנצערס זײַנען זיי נישט, קיין היטערס זײַנען זיי נישט. וואָלטן זיי אפשר געקענט זײַן גוטע מיס־טיקערס, ווען זיי זאָלן זיצן אויף איין אָרט. לויפֿן זיי אָבער אַרום אין אַלע גערטנער, אין אַלע סעדער פֿון אונדזער ליטעראַטור.

ווערט אומעטיק, ווערט ביטער.

און אַז סע ווערט אומעטיק און סע ווערט ביטער, דערמאָנט מען זיך אין... בלינקינען, און דער אומעט צעגייט, און די ביטער־קייט צערינט.

ווער געדענקט הײַנט בלינקינען? ווער לייענט זײַנע ביכער?
דער מאָרגן וועט אײַך אַרויסשפּײַען, קינדער.
די „קאָמיטעטן" וועלן אײַך גאָר נישט העלפֿן.

אויף דעם זכּרון פֿון אַ פֿאָלק קען מען זיך אַפֿילו אַ מאָל אַרויפֿצווינגען מיט אַ ביקס, אָבער דערצו דאַרף מען זײַן שטענדיק לעבעדיק.

לעשט־אויס ס׳אויג, לעשט־אויס די אומשטאַרבלעכקייט.
און מ׳וואַרפֿט אײַך פֿון גן־עדן אַרויס, ליבע „באַיעס"...

— 2 —

אַ גרויסער טומל איז אַרום דער קונסט, אַ יאַריאַריד, אַ מאַרק. נישט מיט דער סחורה פֿאַרנעמט מען זיך, נאָר מיטן פֿאַרקויפֿן...

איך דערמאָן מיך אַ בילד אויפֿן סוכאַראַווקער מאַרק אין מאָס־קווע: אויף דר׳ערד זיצט אַ פּויערשע „נעפּמאַנכע"[1] און פֿאַר־קויפֿט — פֿאַרקויפֿט אַלטע טשוועקעס, לאָרנעטעס, עלפֿאַנט־ביינערנע פֿעכערס, מעשענע קנעפּ, קרעלן, אַ קוימען פֿון אַ סאַמאָוואַר.

איך גיי־צו און ווײַז־אָן מיטן שפּיץ פֿון מײַן שטעקן אויף אַ שנירל קרעלן.

---

[1] (סאָוועטישער טערמין) נעפּ, נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק.

— וואָס קאָסט דאָס, בירגערין?

— דאָס־אָ? — זאָגט די בירגערין און קוקט נישט אויף דער זאַך, אויף וועלכער איך ווײַז מיט מײַן שטעקן, נאָר אויף מיר אַליין — דאָס־אָ וועט אײַך קאָסטן עלף רובל, נישט ווייניקער אַ קאָפּיקע.

זי ווייסט נאָך אַפילו נישט, צי איך וויל קויפן דעם סאַמאָוואַר־קוימען צי די קרעלן. זי שטעלט סײַ ווי סײַ דעם פּרײַז נישט נאָך דער סחורה, נאָר נאָך דעם וואָס קויפט די סחורה...

און אַזוי ווי איך בין אויפן אויסזען אַ גאַנץ לײַטישער יונגער מאַן, דאַרף איך צאָלן עלף רובל...

פון דעסט וועגן לאָזט זי זיך דינגען.

עפּעס ענלעכס איז בײַ אונדז אין דער ליטעראַטור:

דרייט זיך אַרום אין דער שטאָט ניו־יאָרק איינער אַ מענטש. זוכט פּרנסה. ווייסט נישט צו וואָס צו נעמען זיך. קיין געלט האָט ער נישט. קיין קענטעניש אויך נישט. לערנען אַ מלאכה האָט ער קיין געדולד נישט — אפשר דינט טאַקע נישט דער קאָפּ דערצו.

פאַלט ער אַרײַן דורך אַ צופאַל — אין „קאַפּיי פון די צימבלען”, זעט ווי ייִדן טרינקען ווײַן, טאַנצן מיט ווײַבסלײַט, האָבן כּבֿוד און נחת. מ'זאָל זאָגן, אַז זיי זײַנען מי־יודע־ווער, קען מען אויך נישט זאָגן. מענטשן אָן לאַנגע האָר אַפילו. און אַפילו אָן אויסטערלישע קראַוואַטן, נאָר וואָ'דען? זיי טראָגן שטעקעלעך? אַ גרויסע מציאה! גייט מען אַוועק און מ'קויפט זיך אויך אַ שטעקעלע. מ'נעמט־איבער די שטאָלצע עבֿרי פון די ליטעראַטן, די גאווה, די פּוסטערײַ און... מ'ווערט יאַקאַש אַ ליטעראַט.

דאָס הייסט, מ'ווערט נאָך נישט. דערווײַל איז מען בלויז אַ קאַנדידאַט. מ'קלײַבט זיך אויס אַ רבין אָדער אַ שיטה, אָדערביידן, מ'הייבט זיך אָן מישן, קומען אָפּט אין קאַפּיי אַרײַן; זיך וואַרפן אין די אויגן, זאָגן מבֿינות, געבן צו שטײַער אויף אַ זשורנאַל.

*

קלוגע מענטשן לערנען זיך אַליין, שוטים — לערנען אַנדערע.

אַז חוצפּה און אַ ביסל „טאַלענטין” העלפט נישט — מ'האַלט

אין איין נישט-דרוקן פּלוניס שריפֿטן, וואָס טוט ער? גייט ער אַוועק און ער ווערט אַ קריטיקער אָדער אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ „ליטעראַרישן זשורנאַל״.

דעמאָלט ווערט ער שוין אַ מאַכט — מוזט איר מיט אים זיך רעכענען. ער קען דיר פֿאַרשוואַרצן ס׳פּנים, אָנמאַכן האַרצווייטיק.

ביסט בײַ אים אין די הענט — בײַ דעם בלינקין מיטן אייגענעם זשורנאַל, בײַ דעם בלינקין וואָס פּאַטשקעט קריטיקן, מאַדזשגעט עסייען...

*

אַן אַנדער מיטל איז צו שרײַבן גרויסע זאַכן, אָנגעבלאָזענע, איבער גרויסע טעמעס...

יעדע טעמע איז 39 שטאָק די הייך... קיין געבײַדע איז נישטאָ — אַחוץ פֿאָנען.

„שלמה דער מילכיקער״, „שמעון לעמעלע״ און דאָס גלײַכן, דראַמעס וואָס נעמען-אַרויס די כּוחות...

*

מיר קענען אַ שרײַבער, איז ער פּאָפּולער ווי... ריצנאייל. ער קען שרײַבן אויך. נישט קיין סך. אַ ביסל. ער פֿאַרכלינעט זיך איבערן „לעבן״.

זײַן כּוח ליגט אָבער דער עיקר אין... שטעקן, מיט וועלכן ער קלאַפּט איבערן טיש בײַ יעדער געלעגנהייט און די פּאָסט-קאַרטלעך, וואָס ער זשאַלעוועט נישט צו שרײַבן קיין וואַרשע, קיין לאָדזש, קיין יעהופּעץ, קיין ריאָ דע זשאַנייראָ, קיין מאָנטעווידעאָ — אין אַלע ערטלעך, ווו ס׳לעבט אָדער זשיפּעט דאָס יידישע לשון אונדזערס.

נאָך מער איז זײַן כּוח גרויס אין טעלעפֿאָן.

מ׳דערציילט, אַז מיט אַ פּאָר יאָר קריק איז דער זעלביקער שרײַבער, אין אַ שיינעם פֿרײַטיק, אָפּגעלעגן אין דרוקשאַפּ פֿון דער צײַטונג, ווו ער אַרבעט, בײַז וואַנען זײַן דערציילונג איז געווען

אַרײַנגעזעצט אין מעטאַלענעם רעמל — פּאַרטיק צום דרוק. לסוף אָבער האָט פּאַסירט אַ מאַלער: די „פּאַרעם״ איז אַראָפּגעפּאַלן, דער זאַץ האָט זיך צעשאָטן. מ׳האָט געמוזט כאַפּן און אַרײַנשטעלן אַן אַנדערן שרײַבערס אַ דערציילונג, וואָס איז גראָד געווען צו דער האַנט.

דער שרײַבער מיטן שטעקן האָט אָבער נישט געוווּסט דערפון. אויף מאָרגן אין דער פרי (נאָך איידער ער האָט געהאַט געזען די צײַטונג) האָט ער אָנגעקלונגען זײַן רעדאַקטאָר און געזאָגט:

— איר ווייסט? ס׳טוט זיך דאָ חושך מיט מײַן נײַער דערציי־לונג: מען רײַסט מיר פּשוט אָפּ דעם טעלעפאָן. אפשר 20 לייענערס האָבן מיר שוין הײַנט אָפּגערופן, און מיך גראַ־טו־לירט...

*

אַ מענטש איז אַ מענטש. וואָס קען מען טאָן?

אַ קליין, מאָגער ביכעלע מיט אַ דראַמע אָדער לידער איז פּאַרט גרינגער איבערצולייענען און צו קריטיקירן ווי אַ גרויס און וויכ־טיק בוך.

אַז אָסיפּ דימאָוו האָט, נעבעך, אַסטמע, מוז (אָפילו בײַ מיר) זײַן „וועלט אין פלאַמען״ זײַן אַ גוטע פּיעסע... מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, צום גוטן יאָר!

נישט מער: די כּוונה דאַרף לכל הפּחות זײַן אַ ריינע. דער שרײַבער וועמען מ׳גיט קרעדיט, דאַרף האָבן באַוויזן, אַז ער האָט אַמאָל געצאָלט מיט מזומנים טאַלאַנט...

נישט אין גאַנצן אויף באָרג — מיר׳ן רוי׳נירט ווערן, ברידער!

...אַ מענטש וואָס האָט גערעדט צו אײַך אין דער פרי אויפן טעלעפאָן און אײַך געפרעגט „ווי איז אײַער געזונט, פּליעזי?״, איז פּאַרט אַ גרעסערער שרײַבער ווי — — — —

און אַז מ׳קען נאָך פאַרשרויפן ס׳פּיסקעלע און ריידן פרום, ווי דורך אַ טרומייטערל, וואָס מ׳האָט אָנטלי׳ען אין בית־המקדש, איז אָוודאי גוט...

דער „קריטיקער״ גייט־פֿאַרבײַ מיט זײַן אידל פּנימל און גיט אַ זאָג: „נעמט אַזאַ גאָלדענע שורה ווי „בקצים דארך לדומה רננ־זים״. דאַרף ער שוין מער נישט. דער פֿאַקט, וואָס ער גיט זיך אַ זאָג־אָפּ אַזוי גרינג „נעמט אַזאַ גאָלדענע שורה, ווי ׳בקצים דארך לדומה רננזים׳ ״, פּלעפּט אונדז אַזוי, אַז מיר קענען שוין גאָר נישט טראַכטן, אַז די שורה איז, חלילה, נישט קיין גאָלדענע.

*

„דעמאָקראַטיע״ איז אונדזער ווײַנגאָרטן.

איינער פּלאַנצט, איינער רײַסט, איינער קײַט ווײַנטרויבן... און איינער גייט־אַרויס.

וואָס קען מען טאָן?

אַ פֿאַך פֿון לויטער קונסט, נישט מער און נישט ווייניקער.

נישט דער בעסטער שרײַבער איז אַ קינסטלער אין זײַן פֿאַך. נאָר אַלע וואָס מאַכן ליטעראַטור זײַנען קינסטלערס.

און אַז מען איז אַ קינסטלער, דאַרף מען נישט אַרבעטן — אַפּילו איבער די אייגענע געצײַג. דער קינסטלער דאַרף זיך נישט „מזווג״ זײַן אַפּילו. ער לייגט זיך אַוועק איינער אַליין און שטייט־אויף אַ „געבענטשטער״, און גייט צו קינד...

גאָטס ברכה איז איבער אים. דער רוח־הקודש לייגט זיך מיט אים שלאָפֿן.

בײַ די אומות־העולם, אַז מ׳זאָגט אויף איינעם, אַז ער איז אַ גרויסער מענטש, פֿרעגט מען: וואָס איז ער? אַן אינזשעניר? אַ כע־מיקער? אַן עגיפּטאָלאָג? אַ ליטעראַט? אַ פֿילאָסאָף? אַ פּאַטאָלאָגיסט? אַן עקאָנאָמיסט? אַ פּעדאַגאָג?

בײַ אונדז, אַז מ׳זאָגט „שמשון איז אַ גרויסער מענטש״, פֿרעגט מען:

— „אין וועלכן ׳פּייפּער׳ שרײַבט ער?״

## תורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול

אויף דעם באַנקעט לכבוד ה׳ אַלגין אין דעם „קאַפֿיי פֿון די צימבלען" האָבן זיך אַרויסגערוקט די „זײַדענע שרײַבערס" פֿון נעבן אונדזער טיש, די חתן־בחורים וואָס שטייען אין שידוכים מיט שיינע אידעען און וואָס עסן דערוויַל קעסט ווו ס׳לאָזט זיך, און עס איז אַוועק אַ גערייד וועגן דעם, אַז די פֿרייַהייט מיט אירע רעדאַקטאָרן און שרײַבערס מעג זיך שעמען אין ווײַטן האַלדז אַרײַן. פֿאַר וואָס? ווײַל — אַזוי. ווײַל, ערשטנס, למאַי זײַנען מיר נישט קיין אתרוגים? צווייטנס, פֿאַר וואָס האָבן מיר נישט קיין כּשרע פּיטומס? דריטנס, זײַנען מיר נישט געגוג דזשענטללײַט — מיר שלאָגן נידעריקער אַפֿילו פֿון יידישן גאַרטל און מיר שאַנעווען אַפֿילו נישט דאָס אָרט, ווו דער פּלישתּי איז ייִדישער ווי אומעטום.

האָבן מיר וויפֿל מאָל אַוועק? דרײַ מאָל! פֿערטנס. פֿע, מיר ריידן גראָבע רייד און מיר בענטשן נישט נאָכן עסן. פֿינפֿטנס, פֿאַר וואָס לייגן מיר נישט אָפּ די קלאַסן־מלחמה ביז וואַנען די חשובֿע קאָלעגן אַפּאַטאָשו און לעיעלעס און מנחם וועלן זיך האָבן אויסגעפּרעסט די הויזן און אָפּגעמאַכט הבֿדלה?

•

דער שפּיץ פֿון אָט דעם לאַנגן פּאָלעמישן ציגאַרשפּיץ איז געווען אונדזער חבֿר לייוויק. כאָטש געוויכערט האָט אַפּאַטאָשו און געטשאַדעט האָט קאָלעגע מנחם. לייוויק דער „רויטער" האָט דערמאָנט, אַז מען קען זײַן רויט אַרום דעם מויל — נישט נאָר פֿון אַן אויסגעשלאָגענעם צאָן, נאָר פֿון... עסן אײַנגעמאַכטס.

לייוויק איז אַ... קומיסט. ער האָט זיך ביז איצט אַנטפּלעקט (שאַ, שטיל, זאָגט קיינעם נישט אויס!) אין די ווערטער: אויפֿקום, אָפּקום, אונטערקום. בײַ ה׳ אַלגינס באַנקעט האָט זיך קאָלעגע לייוויק אַנטפּלעקט פֿאַר אַן... אויסקומיסט. אַ ייד, וואָס קען אויסקומען מיט אַלע לײַטישע מענטשן, מיט אַ שיין זײַדן ייִדיש ספּאָדיקל, רויט

דערפֿון וואָס איז בשעת שלש־סעודות — ווען דער רבי האָט געטאַנצט אַ געטאַנץ — אַרײַן אין פֿעסל בוריקע־באָרשטש און איז אַרויס אַ רויטס, אַ ליכטיקס, שיִער־שיִער אַ רעוואָלוציאָנערישס...

•

איך געדענק אויף מײַן געזעגן־אָוונט, אײדער איך בין אַוועקגעפֿאָרן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, האָט לײוויק אויך געזיפֿצט דאָס אײגענע געזיפֿץ וועגן קונסט־שמונסט, און וועגן מיסיע־שמיסיע, און וועגן דעם, אַז מיר... אַ קלײניקײט, מיר! — מיר די סאַמע־סאַמע! די קינסטלערס, די כּהנים, וואָס האָבן אַ קאָנצעסיע אויף משיחן — מיר דאַרפֿן זען, מיר דאַרפֿן „וואַטשן"[1]. מיר טאָרן נישט אַראָפּלאָזן אַן אויג פֿון דער ייִדישער געשיכטע.

זאָל מיר (פּשעפּראַשעם[2], טויזנט מאָל!) דערלויבט זײַן צו זאָגן, דעם קאָלעגע לײוויק, אַז מיר פֿלעגט אַמאָל זײער נישט געפֿעלן זײַן משיחיסטיק און איצט געפֿעלט מיר שוין גאָר נישט זײַן אויסקומיסטיק, זײַן לײַטישקײט, זײַן רײַטן אויפֿן קינסטלערישן פֿערדל צוליב גימנאַסטיק. מיר געפֿעלט גאָר נישט — און ס'איז מיר קײן מאָל נישט געפֿעלן — די פֿירמע „אויגן־גלאָצעניש אונד זעהנע"[3].

לײוויק איז געזעסן אין סיביר, האָט געליטן פֿאַר זײַנע איבערצײַגונגען, האָט ער דערפֿון אַ היפּש ביסל גוטע לידער געמאַכט. שפּעטער איז געקומען דער „הײליקער גײַסט", האָט אים אײַנגערוימט אין אויער, אַז ער איז אײנער פֿון די דרײַ קלוגע און הײליקע לײַט פֿון בית־לחם, האָט אים אַרונטערגערוקט אונטערן אָרעם צוויי פֿראַנצײזישע לאַבנס ברויט, וואָס האָבן אויסגעזען ווי לוחות, און ער איז אַוועק צו די פֿאַרהאָרעוועטע מיט זײַן משיחיזם (ער האָט זײ געוויזן די לוחות, אָבער נישט אַוועקגעגעבן!), מיט זײַן „אויסלײזונג", מיט זײַן מיסיע־שמיסיע, און דערגליטשט האָט ער זיך ביז זײַן „מאָנונג", אַז מיר זאָלן למען השם זען צו נײען די נבֿיאים

---

[1] היטן. — [2] זײַט מוחל! — [3] (חוזקדיק) אויגן־גלאָצעניש און זין.

נײַע קאַפּאָטעס אויף שבת — און נישט פֿאַרגעסן די וואַרעניקלעך מיט קאַשע פֿאַר דעם ייִנגסטן נבֿיא מיטן שוואַכן בײַכל...

•

איך רייד צו לייוויקן און נישט צו די אַנדערע „זײַדענע יונגע לײַט“, ווײַל יענע שטייען בכלל אין שידוכים מיט דער אידעע, מיט יענער אידעע.

לעיעלעס און אָפּאַטאָשו זײַנען — אַזוי צו זאָגן — דערווײַל אַ ביסל פֿאַרהייראַט מיטן טאָג[4]. האָבן זיי זיך צײַט אַרומצוגיין און אָנקוקן כּלות. לייוויקן אָבער האָט דאָך אַ מאָל ווײי געטאָן!

וואַרעמט ער הײַנט אויף די וואַרעמע סענטימענטן, ווי אַ קוגל אויף זונטיק, און מיט ווונדן פּעדלט ער, און טענות האָט ער, פֿאַר וואָס מ׳טראָגט די קינסטלערס נישט אויף די קעפּ, און — פֿון ברייטן אידעאַליזם איז בײַ אים געוואָרן אידעל־ליזם.

געווען אַ מאָדע בײַ לייוויקן (ווי כּמעט בײַ אַשן) שטענדיק צו קומען אַרײַנצורײַטן אויף אַ פֿערד. אין די אַלע רעדעס, וואָס איך האָב געהערט לייוויקן די לעצטע 2־3 יאָר, איז ער געווען אַ קאַוואַ־לעריסט. ס׳מאַכט זיך אַ מאָל, אַ הינקענדיקער זאָג איך... דאַרף מען אויך מיטן פֿערד אין שטוב נישט אַרײַנרײַטן.

•

איך געדענק, אַז ייִנגלווײַז פֿלעג איך מיך ווינטער גיין גליטשן הינטער די יאַטקעס. דאָרטן איז דער גליטש געווען רויט פֿון בלוט. אָבער איך בין געווען אַ „זײַדן קינד“ און איך האָב פֿון די געקוי־לעטע שאָף און רינדער און אָקסן און לעמער נישט געטראַכט; איך האָב נאָר געוווסט: אַ גוטער גליטש און אַ שלעכטער גליטש...

און אַז אויפֿן רויטן (עסטעטישן) גליטש איז נאָך געפֿאַלן אַ ביסל נאַראַיעווער ווינטערזון, איז שוין געווען גאָר גוט.

---

[4] מ. נ. מיינט די טעגלעכע נ״י צײַטונג דער טאָג, שפּעטער — טאָג־מאָרגן־זשורנאַל.

ערשט איצט, נאָך דעם ווי איך בין דורכגעגאַנגען פּאָליטישע עלעמענטאַר־שול אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, פֿאַרשטיי איך ערשט די טיפֿע שׂנאה, וואָס מ׳טראָגט דאָרטן צו האַלבע שׂונאים, און צו פֿערטל שׂונאים — צו די קאַסאַקע און סאַמעטענע, צו די וואָס זײַנען צו גאָט און צו לײַט. מער שׂנאה טראָגט מען צו זיי ווי צו גאַנצע שׂונאים. די לעצטע זײַנען נישט האַלב אַזוי שעדלעך ווי יענע, בײַ וועמען די ציין זײַנען רויט פֿון אײַנגעמאַכטס...

זייער ווויל האָט אין זײַן פּראָסטן, גוטן, געזונטן צאָרן חבֿר מלך עפּשטיין געענטפֿערט די קאַלעגן אַפּאַטאַשו, לעיעלעס און מנחם באָריישאַ: אַז „נישט איר האָט אונדז ליב, נישט איר האָט אונדז פֿײַנט. איר קומט צו אונדז נישט פֿון אַ סאָציאַלן שטאַנדפּונקט, נאָר פֿון אַ קינסטלערישן. מיר גיבן אײַך אַ לייענער, מיר גיבן אײַך דעם מאַטעריאַל, אין וועלכן איר האַמערט־אויס אײַער אומשטאַרבלעכקייט. איר פֿאַרבינדט זיך מיט אונדז נישט מיט אַ בריק פֿון פֿלייש־און־בלוט — נאָר מיט אַ פּאַפּירענער בריק פֿון סקיצן און לידער״.

•

די „זײַדענע״ וועלן מיר פּירוואָרפֿן: סטײַטש, דאָס זאָגט נאַדיר! ער האָט דאָך אַליין „געדונערט פֿון באַרג סיני״ אויף ביאַליקן פֿאַר זײַן העברעיִשקייט, גערופֿן יידיש „די הייליקע שפּראַך״.

וועל איך אײַך דערמאָנען, אַז איך האָב אויך געזאָגט (און שוין אַ סך פֿריִער!), אַז עס איז נישטאָ קיין יידן אויף דער וועלט. עס זײַנען נאָר דאָ געפּאַטשטע גויים. הערט־אויף פּאַטשן אַ ייִד — האָב איך געזאָגט — און ער ווערט אַ גוי. און פֿאַרקערט: פּאַטשט אַ גוי אַ פּאָר יאָר, ווערט ער אַ ייִד.

יידיש — אויף אַזוי פֿיל ווי עס איז דער פּאַטשפֿלעק אויף אונדזער באַק — איז אונדזער מאַרטירער־צייכן. פֿאַרגייט דער פֿלעק, פֿאַרגייט די „הייליקייט״! אויף אַזוי פֿיל ווי מ׳דריקט אונטער אין אַנדערע לענדער אונדזער שפּראַך — ריידן מיר זי אויף צו להכעיס.

פֿאַרבן מיר נישט איבער דעם פּאַטשפּלעק אויף הויטקאָליר, נאָר מיר ווײַזן דעם „הימל" אונדזער ווונד, אונדזער באַק, און מיר זאָגן: „כוליגאַנעס"! אויף אַזוי פֿיל אָבער ווי אונדזער שפּראַך איז (ווי אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד) גלײַכגעשטעלט מיט אַלע שפּראַכן, ריידן מיר זי יאָ, אָדער מיר ריידן זי נישט — ווי אונדז געפֿעלט!

נאָך אַ מאָל, און קוקט־אַרײַן אין סידורל, קינדער: דאָרטן ווו חיים־נחמן ביאַליק לויבט און קרוינט די שפּראַך, אויף וועלכער יעהאָוואַ האָט זיך געזידלט און געטופּעט מיטן פֿוס און געשריגן, אַז ער איז דער איין־און־איינציקער גאָט, און אַלע געטער זײַנען סמאַר־קעס קעגן אים, האָב איך מיך אָנגענומען פֿאַר דער „שפֿחה"... אָבער אַזוי גיך ווי די שפֿחה קריגט אַ גוידער, און לאָזט זיך — אויף דער עלטער — אַרײַנשטעלן אַפֿן־דריזן[5], האָב איך זי נישט מער ליב, די גבֿירטע...

אויפֿן וועג צום מלחמה־פֿראָנט קען יעדער זעלנער ריידן וואָ־סער שפּראַך ער וויל, אָבער דער וואָס שטעלט זיך אָפּ און רעדט ייִדיש (אָדער טאָטעריש) — דעם קומט צו משפּטן.

פֿרעגן פֿרעגט זיך: וואָס איז בעסער: ייִדישלעכקייט און פּאָג־ראָמען? אָדער נישט קיין ייִדישלעכקייט און נישט קיין פּאָגראָמען?

איך בין זיך מודה, אַז אין די נײַן חדשים, וואָס איך בין גע־ווען אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, איז מײַן „ייִדישקייט" צערונען ווי שניי קעגן דער זון. און טאָקע ווײַל איך האָב מיך באַצײַגט[6], אַז... אין אַ שול דאַרף מען קיין מזוזה ניט, און אַז מ'הערט־אויף פּאַטשן ייִדן, מען הערט־אויף פּאָגראָמירן, רינט־אויס דער מאַטעריאַל, פֿון וואָס עס ווערט ייִדישקייט געמאַכט.

דאַרף מען, הייסט דאָס, באַשליסן: וואָס איז בעסער: „גלות" און פּאָגראָמען און... מאַטעריאַל פֿאַר „ייִדישער קונסט"? אָדער אַ פֿרײַ

---

[5] מאַלפּן־דריזן, פּאַר אַן אָפּעראַציע פֿון פּאַריונגערונג (כּפי וואָראָנאָוו). —
[6] דערוויזן.

מענטשלעך לעבן, אַן שרעק פֿאַר פּאַגראָמען, אַן נידעריקייט, אָן מאַ־טעריאַל פֿאַר „יִדישער קונסט“?

פּאָגראָמען? אָדער יִדישע קונסט?

„גלות“ מיט ש. ניגערס קריטיקירן אָדער נישט־גלות אָן ש. ניגערס קריטיקן?

איך האָב שוין אַ מאָל פֿריִער געזאָגט, אַז אויב מען וויל, אַז דער פּסוק „האָב ליב דײַן ברודער ווי זיך אַליין“ זאָל מקוים ווערן, מוז מען זיך אַליין אויפֿהערן צו שטאַרק ליב צו האָבן.

אויב מײַן שפּראַך, מײַן פֿאָלק, מײַן קולטור איז (בײַ מיר) בע־סער פֿון מײַן שכנס, איז זייער גרינג צו פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס בײַ מײַן שכן זאָל זײַן שפּראַך, זײַן קולטור, זײַן פֿאָלק זײַן בעסער פֿון מיר!

זאָל עס הייסן בײַ אונדז: דער גוי, דער עשׂו, דער חם, דער איוואַן־שטינק, און — מיר בײַ אים: דער זשיד, דער שיני, דער „קאַיק“? אָדער — איך חיים און דו — איוואַן, און מיר ביידע: חבֿרים, שכנים. „געסט אויף אַ מינוט אין דעם ווײַנגאָרטן פֿון דער וועלט“?

זאָלן מיר, יִדיש־ריידנדיקע מענטשן, וואָס האָבן אַזוי פֿיל אמתע ווונדן איבערגעלעבט, איצט — ווען די ווונדן האָבן זיך פֿאַר־היילט, זיך נײַע ווונדן אָנפּאַרבן... צוליב דעם חן פֿון דער געשיכטע, צוליב דער „עסטעטיק פֿון מאַרטירערישקייט“?

אין שוצגריבער ליגן מיר, וואַרטן אויפֿן פֿײַער, אויפֿן זיג. איז דער געדאַנק באַוואָפֿנט, נישט ווייניקער ווי דער קערפּער. זײַנען מיר נישט קיין „שיינע לײַט“ און מיר שיסן נישט מיט קיין זײַדענער וואַטע. אַ בלאַטע האָבן די פּלישתּים איבערגעלאָזט — אַ ווערעמדי־קע, אַ שטינקענדיקע. שטייען מיר דערוויַיל אין אָט דער בלאָטע און פּרוּוון זי אויסטריקענען מיט דער וואַרעמקייט פֿון אונדזער פֿלייש און בלוט. קומט אונדז אָבער אַ שׂונא אַנטקעגן, וואַרפֿן מיר וואָס מיר קענען: אַ מאָל שטיינער און אַ מאָל אַפֿילו בלאָטע... רע־וואָלוציע איז נישט קיין „פֿײַנע זאַך“, נישט קיין שבת־אויבסל.

דורך בלוט און בלאָטע פֿון רעוואָלוציע גייען מיר צו שיינקייט און גײַסטיקייט. דורך די טוכלע אונטערשטע היילן צו דער זון און צום באַרג.

איז אונדז דאָס גראָבע וואָרט נייטיק — ניצן מיר עס. נאָך מער: וואַרפֿט עמעצער אַ האַק אויף אונדז און די האַק טרעפֿט נישט, הייבן מיר זי אויף און — זי קומט צו נוץ.

זאָל זײַן פֿון שׂונא, אַבי אַנטקעגן שׂונא...

... מיט בלאָטע אויך און מיט גראָבע רייד אויך — צוליב דער אָפּשאַפֿונג פֿון בלאָטע און פֿון „מוילמיסט"...

אַ „לײַטישער כירורג" האָט אין זין זײַן בערדל — אַ מענטש־לעכער כירורג האָט אין זין — זײַן מעסער...

און ער עקלט זיך נישט פֿונעם געדוך. ער ווייסט, אַ לעבן שטייט אין קאָן, לעבנס!

•

דער אַרבעטער איז נישט קיין הייליקער. נישט קיין אָפּגאָט. מיר דינען נישט צו אים. מיר דינען צו אונדז און צו אונדזער ווילן צו מאַכן פֿון דער שטאָל אַ שטוב, ווײַל אין שטאָל איז שווער צו לעבן!

נישט „הייליקע", נישט כּהנים, נאָר ברידער זײַנען מיר — חבֿרים.

איך דערלויב מיר אַזאַ פּראַזנשפּיל: צו זײַן אַ העלד אין אַ לאַנד, ווו ס'איז אַ גרויסע העלדישקייט צו זײַן אַ העלד, איז קיין העלדיש־קייט נישט; צו זײַן אַ העלד אָבער אין אַ לאַנד, ווו העלדישקייט ווערט נישט געזען און נישט געהערט (ווײַל עס איז דאָ אַזוי פֿיל דערפֿון) — דאָס איז שוין עפּעס!

איך האָב געזען אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אַ סך קינסטלערס, און כּמעט אַלע האַלטן זיי עס פֿאַר אַ פּריווילעגיע, וואָס די מלוכה באַ־האַנדלט זיי נישט ערגער ווי דעם אַרבעטער, וואָס טוט די געפֿער־לעכסטע און ניצלעכסטע אַרבעט.

אַ שרײַבער שרײַבט לידער אין אַ טרוקענער וואַרעמער שטוב און אַרבעט ווען ער וויל, און רוט ווען ער וויל. בעת דער קאַנאַל־גראַבער שטייט אין שמוץ, אָטעמט אומריינקייט, פֿינצטערניש און פֿאַרדינט אויך נישט מער ווי אַ „קינסטלער״.

אַ דאַכשלעגער ליגט אויפֿן שפּיץ דאַך און איז אין געפֿאַר אַראָפּצופֿאַלן און געהרגעט ווערן. פֿון דעסט וועגן באַצאָלט אים די מלוכה נישט מער ווי זי באַצאָלט... אַ גוטן אַקטיאָר.

דאָס איז נישט אין גאַנצן יושרדיק, אָבער — כאַפּט זיי דער גוטער־יאָר, די „קינסטלערס״! זיי זײַנען ווי קליינע קינדער: נאַיִוו און כיטרע. מען קען אויף זיי קיין פֿאַראיבל נישט האָבן, וואָס זיי ווילן פֿאַרדינען פּונקט אַזוי פֿיל ווי אַן אמתער אַרבעטער!

פֿאַרשטייט דאָס, ברידער, שוועסטערס, און לאָזט זיך נישט פֿאַר־בלענדן די אויגן.

קינסטלערס ווערן גרויס, ווען זיי שטעלן זיך אויף יענעמס פּלייצעס.

נאָר אַזוי ווערט מען גרויס.

נישט אַנדערש.

זעלטן־זעלטן, אַז איינער ציט זיך אַליין אויס אויף דעם סדום־בעטל פֿון זעלבסטפּײַן, און דערפֿון ווערט מען אויך בלויז אַ קליין ביסל דינער און אַ קליין ביסל העכער.

געדענקט דאָס, איר אַלע וואָס אַרבעט מיט האַמער־און־נאָדל, מיט שרויף און בלאָזזאַק...

גענוג האָבן די כּהנים מיט ווײַסע הענט געדוכנט איבער אײַע־רע קעפּ און אײַך איבערגעשראָקן מיט די „לעמפּערטן וואָס זיי האַלטן אין קעשענע״.

איך האָב געזען אין אַ מאָסקווער קלויסטער אַ „הייליקע״, וואָס מ׳האָט אירע גאָלדענע קליידער אויף מעש פֿאַרביטן. די אויגן־די־מענטן — אויף גלאָז. דעם פֿאַרוק אויף אַ זײַט איבערגערוקט און זי האָט אַזוי דריטקלאַסיק אויסגעזען!

גאָר נישט ווי קיין הייליקע.

דער בריקבויער שטייט אויפֿן שפּיץ בריק אין דער גרעסטער געפֿאַר צו ברעכן האַלדז־און־נאַקן — וואָס איז ניצלעכער? ער אָדער לעיעלעס׳ לידל?

פֿון דעסט וועגן אַרט עס דעם בריקבויער נישט, אַז זײַן נאָמען איז נישט אָנגעשריבן אויפֿן שפּיץ בריק, און וואָס שפּעטער מיט טויזנט יאָר וועט קיינער נישט וויסן, אַז ער האָט דאָס געבויט, און — לעיעלעס וויל אַן אומשטאַרבלעכקייט־קאָנצעסיע אויף „אייביק מיט אַ טאָג״.

אַנישט גייט ער, חלילה, אַוועק פֿון אונדז...

•

דער אמתער מײַסטער בויט זײַן טורעם אַזוי הויך, אַז ווען ער קריצט אַפֿילו אויס זײַן נאָמען אויפֿן שפּיץ קען עס קיינער נישט זען. מ׳זעט נאָר דעם טורעם אַליין — און דאָס איז דעם ערלעכן מײַסטערס נאָמען.

בויט אײַער טורעם צו אונדזער רויטער זון אַזוי הויך, קאָלעגן שרײַבערס, מ׳זאָל אײַער נאָמען נישט אַרויסזען אויפֿן שפּיץ.

•

אויף אַ מעטאַלענער טאַבליצע, וואָס איז געווען אָנגעהאָנגען פֿון אונטן אויף אַן אויטאָמאָביל, האָב איך אַנומלטן געזען:

[7] If you can read this sign, your car is too damn near.

דאָס האָט מיר געגעבן דעם געדאַנקשטויס וועגן גרויסע נעמען און וועגן אונדזערע קינסטלערס, וואָס רוקן אײַך זייערע „זײַדענע נעמען״ שטענדיק פֿאַר די אויגן, און פֿאַרגעסן נישט אויף אַ מינוט, אַז זיי „נידערן־אַרונטער״ צום אַרבעטער־קלאַס...

•

וואָס זשע וועט פֿאַרט זײַן מיט ייִדיש?

מיר וועלן ריידן ייִדיש, שרײַבן ייִדיש, ווײַל — פֿאַר וואָס נישט?

---

[7] אויב איר קענט לייענען דעם אָ שילד, פֿעלט ווייניק, אַז איר זאָלט פֿאַר־שעלטן אײַער אויטאָמאָביל.

און טאָמער וועלן מיר — אין מאָסקווע — מיט דער צײַט, חלילה, אויפֿהערן צו ריידן ייִדיש, זאָגט מיר ס׳הארץ, אַז מע וועט זײַן בלויז דערפֿאַר, וואָס מיר ווילן... נישט וועלן ריידן קיין ייִדיש.

און דעמאָלט וועט מען אונדז גאָרנישט ניט קענען טאָן.

צום אַלעם ערשטן ווילן מיר ס׳רעכט צו טראָגן אַ קאַשקעט אָדער אַ יאַרמלקע אָדער אַ האַרטן קאַפּעליוש, דערנאָך — טראָגן מיר, וואָס אונדז איז באַקוועמער און בעסער...

אויף אַזוי פֿיל ווי מיר איז פֿאַרווערט צו טראָגן אַ קאַשקעט, בין איך מיט ליפּ־און־לעבן פֿאַרקאַשקעטן. אויף אַזוי פֿיל ווי מיר איז דערלויבט צו טראָגן אַ קאַשקעט — ווייס איך נאָך נישט, צי מיט אַ הוילן קאָפּ איז נישט בעסער ווי אַלצדינג.

•

פֿאַרגעסט די אינטעליגענטישע פּראָבלעמען פֿון אונדזערע זײַ־דענע יונגע לײַט, חבֿרים.

באַוואָפֿנט זײַנען מיר, דאַרפֿן מיר זײַן. באַוואָפֿנט זיך!

אַנו: צו דעם מאַרש פֿון דעם משוגעים־הויז אַרויס, אין דער ליכטיקער וועלט אַרײַן, ווו די זון גייט־אויף!

די פּיס צונויפֿגערוקט! די לעבנס צונויפֿגעלייגט!

פֿון הענט — אַ קייט, פֿון אויגן אַ בריק. אַ לעבעדיקער וואָלקנ־בראָך איבער דער נמאס־מיאוסער וועלט פֿון די פּלישתּים. אַלע אין איינעם, חבֿרים, ברידער, שוועסטערס, קינדער פֿון מענטשן, „ישׂר־אלים״, פּראָסטע פּראָסטאַקעס! מאַנטיק־דינסטיקדיקע לײַט, שנײַדערס און שוסטערס, האָלצהעקערס און וואַסער־טרעגערס און קוימענ־קערערס — דעם ליכטיקן מיטוואָך אַקעגן. מיט גראָבע רייד, מיט דינע רייד, מיט קונסט, אָן קונסט, מיט לייוויקן, אָן לייוויקן, מיט נאַדירן, אָן נאַדירן. סע שפּילט קיין ראָלע נישט — דער עיקר איז דערווײַל: די האַנט און דער האַמער, די האַנט און דער סערפּ, די האַנט און די האַק...

און אַלע הענט וואָס אַרבעטן — סײַ בײַ קונסט, סײַ בײַ וויכ־טיקערס!

און נישט קיין עסטעטישער וואָכפּאַראַד איז דאָס, און נישט בלויז די וואַרעמע און זוניקע זײַט פֿון דעם וועג קען מען אויס־קלײַבן, און נישט מיט „תּורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול" וועט עפּעס געטאָן ווערן, ווי עס ווילן די „זײַדענע יונגע לײַט פֿון נעבן אונדזער טיש"...

•

נ״ב — זאָל מיר דערלויבט זײַן צו זאָגן, איך ווייס, אַז ס׳וועט זײַן „אַז אַך־און־וויי צו מיר" דערפֿאַר, וואָס איך זאַטשעפּע מיט אַזוינע „אָנגעזעענע זײַדענע מענטשן", וואָס האָבן לויטער פֿרײַנד אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט, און צווישן אַלע שיכטן. אָבער ס׳אַרט מיך נישט! אַ מיליאָן רובל האָב איך אַרײַנגעכאַפּט פֿון די באָלשעוויקעס אין מזומן געלט... דער אַנדערער מיליאָן גייט שוין אויף דער פּאָסט. מיט אַזאַ פֿאַרמעגן אין קעשענע וועט שוין קיינער נישט זאָגן, אַז איך בין נישט קיין לײַטישער מענטש, און סע וועט זײַן קלאָר פֿאַר וואָס „מאָסקווע" האָט מיך אַזוי איבערגעקערט און פֿאַר וואָס מײַן אייגענער „זײַדענער טאַלאַנט" איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון דער רעוואָלוציע.

7 אָקטאָבער 1927

## דער דיכטער פון „פּראָבלעסל"

נאָמבערג אין פּאַריז. רירעוודיק־לעבעדיק זײַנען זײַנע לעצטע טעג. די אויגן ליגן שטענדיק אין ברוינער קאָווע. די פּיס טאַנצן־אַרום מיט דעם קליינעם גוף. בלויז דער מוח איז ליכטיק, ברענט ווי אַ ליכט אין איינעם מיטן הילצערנעם לײַכטער.

ער גייט מיט מיר איבערן בולוואַר מאָנפּאַרנאַס — גייט צו פֿוס און זעט פֿאָרט אויס ווי ער וואָלט געשטופּט אַ ביציקלעט.

נאָמבערגס גאַנג.

איבער די האַלעס געגאַנגען. געגעסן הייסן זופּ פון קעז. מקנא געווען די שטאַרקע מאַרקפרויען מיט זייערע געזונטע אַפּעטיטן, בוטעלקישע בוזעמס, גרויסע סעקסועלע כּוחות.

„פּאַריז איז ווײַט? — דו נאַר, פאַרקערט. אַז מ׳קומט אַהער, זעט מען ערשט ווי נאָענט פּאַריז איז. ווײַט איז בלויז ניו־יאָרק. אָך איז דאָס אַ ווײַטע שטאָט, אַ שרעק! דובאָניי ווילסטו טרינקען? ס׳איז הייליקער בראָנפן...״

אין קאַפע בײַ די פּאַריזער האַלעס איז טומלדיק. אַפּאַשן טראָגן רויטע פאַטשיילעס אויפן האַלדז, פאַרבונדן מיט אַ שיינעם קנופּ. אויף די הויך־היפטיקע הויזן זײַנען ברייטע לעדערנע גאַרטלען. די שיך זײַנען שפּיציק, גוואַלדיק נאָזיק...

מיר טרינקען הייסן האַריק. נאַמבערג זאָגט, אַז דאָס איז זייער גוט פאַרן געזונט און ער פאַרהוסט זיך — מיט אַ טיפן כריפּ. ער פאַרגייט זיך שיר. איך נעם אים אַרויס אין דרויסן. די לופט דער־פרישט אים, ברענגט אים צו זיך. דערנאָך גייען מיר ביידע אַהיים. צו אים אין צימערל אַרײַן, נישט ווײַט פון „קאַפע ראָטאָנד״ טאַקע, וואָרן נאַמבערג האָט ליב „אַרויסגיין פון דער היים און אַרײַנגיין קריק אַהיים״, און לאָזן די וועלט אין דרויסן.

— „לאָז זי אָנקומען אויף עמעצן אַנדערש הענט. עך האָב צין איר קאָ קויך נישט...״

*

דער שמועס גייט ווי אַן אָנגעשמירטער קאַרוזעל. קונסט, לעבן, ליבע, טויט, אַמעריקע.

„לעבן איז: אָדער דו פרעגסט, אָדער דו ענטפערסט. מ׳קען נישט אי פרעגן אי ענטפערן. בעסער איז, אַז מ׳פרעגט נישט און מ׳ענטפערט נישט״.

אַזוי האָט געזאָגט איינער פון אונדז ביידן — איך געדענק שוין נישט ווער.

„ליטעראַטוריזירן? ווי אַזוי? זאָל ליטעראַטור זײַן אַ שליסל צום

אויוון־דעקל, אָדער דער אויוון אַליין, אָדער דאָס פֿײַער — אָדער דער רויך, אָדער דער גוטער יאָר ווייסט וואָס!"

„זאָלן מיר כאַפּן דעם געדאַנק אין ווערטער? אָדער זאָלן מיר אים לאָזן שטאַרבן אין רייד?"

מ'רעדט, מ'רעדט, מ'רעדט.

און אין דרויסן איז פּאַריז!

נאָמבערג זאָגט: ליטעראַטור? אַ נײַ פּאַך, וואָס די קולטור האָט אויסגעטראַכט: רחמנות, איידלקייט, אומשולד.

— „זאָהץ אַזוי גיט, פּעטער, קומט מיט מיר. איך בין אומשול־דיקער פֿון יענער".

אַז אונדזער געריידט איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך דערמאָנט דעם נאָמען פֿון באַרימטן דיכטער אין אַמעריקע. נאָמבערג האָט אַ מאַך געטאָן:

„יענער איז דאָך דער דיכטער פֿון פּראָבלעמל..."

און ער האָט באַלד געגעבן צו פֿאַרשטיין אַזוי: „הער־אויס, ס'איז דאָ ייִדן, וואָס פֿאַרבײַטן אַ שלאָס־מעם פֿאַר אַ סאַמעך. פֿון דעם וואָרט „פּראָבלעם" (ער האָט עס אַרויסגערעדט: פּראָ־בלעים) ווערט בײַ זיי שטענדיק „פּראַבלעס". רעדט איר מיט זיי, דערציילן זיי אײַך, אַז זיי האָבן ליב פּראַבלעסלעך — סכנות־נפֿשות... זיי האָבן ליב אַז מ'רעדט בגנבֿה, מיט אַ ווונק פֿון אויג, מיט אַ צי בײַם אַרבל...

*

אין איין שורה מיט דעם בלינקיניסט, דעם מאַדזשגער, וואָס שרײַבן איז בײַ אים בלויז אַ זאַך פֿון טינט און פּעדער, שטייט דער „דיכטער פֿון פּראָבלעסל", דער סגי־נהורשער שרײַבער, וואָס איז אַ גוואַלדאַוונער חכם — שווין מיט דעם אַליין, וואָס ריידן רעדט ער וועגן יאַנקלען און מיינען מיינט ער איציקן...

דער מענטש, וואָס טראַכט זאַיִקעוואַטע, העקלט מיטן געדאַנק אַ זאַק, אַן שפּיזלעך און אַן באַנוול. מאַכט הייליקע זשעסטן, פֿרומע

העוויות: די שורות זײַנען בײַ אים געמאָסטן און געוויגן — אַ רענדל אַ וואָרט.

אַז איר שטייט פֿון דער ווײַטנס און זעט ווי אַ מענטש ציילט מטבעות אַזוי באַהיט־זאָל־מען־ווערנדיק שטיל, מיט אַזאַ פֿאַרטיפֿ־טער מינע און מיט אַזוינע זשעדנע אויגן, מיינט איר זיכער, אַז ער ציילט רענדלעך. וואָרן, גראָשנס וועט ער ציילן מיט אַזאַ פּנים?

נאָר די וואָס שטייען נאָענט זעען: גראָשנס.

קאָפּיקענע געדאַנקען, צעקלונגען אויף רענדלעך.

סענטן איבערגעגאָסן מיט זשאַווערפֿאַרב, מען זאָל נישט קענען זען, צי ס׳איז גאָלד, צי נישט.

דער „אַלטער קוואַל״ איז אַ גרויסע סגולה צו דעם.

„קײַ מיטן מויל און מאַך מיט די אויערן״.

דער „דיכטער פֿון פּראָבלעמסל״ איז נישט פֿאַרטיפֿט אין פֿרעגן דאָס, וואָס פֿרעגט זיך. נאָר מאַכן פֿון אַ פֿרעגצייכן אַ האָטשיק צו זײַן רבנישן שטעקן.

און ווײַל ער ציילט די ווערטער: אַקוראַט אַכט ווערטער אין אַ שורה, און אַקוראַט עלף שורות אין אַ ליד, און ווײַל ער שרײַבט נאָר לכבֿוד שבת־יום־טובֿ און ראש־חודש, איז דער לייענער זיכער, אַז עפּעס איז זײַן סחורה גאָר טײַערע סחורה — אַז נישט, וואָס זשאַלעוועט ער אַזוי צו שרײַבן? און פֿאַר וואָס שרײַבט ער בלויז עלף שורות אויף אַ מאָל? און פֿאַר וואָס רעדט ער וועגן מענדעלען און מיינט שלמהן?... האַ? עפּעס מוז דאָך אין דעם זײַן!

*

אַ מענטש, וואָס האָט געהייסן יצחק רײַז, האָט שוין אַמאָל גע־זאָגט:

אין דער קונסט איז פּונקט ווי אין „פּעטענט־מעדיצין״: אַז אַ וואַסערל פֿאַרקויפֿט זיך אין אַ קליין פֿלעשעלע, מיט אַ גרויסן גו־מענעם שטאָפּיק, קאָסט זייער טײַער, האָט אַ טעם פֿון חלשות און שטינקט — גלייבן אַלע, אַז מסתּמא איז דאָס אַ רפֿואה.

ווארן אויב נישט קיין רפואה — וואָס זשע דען איז דאָס?

דער „דיכטער פון פראָבלעמעל" זוכט אייגנטלעך גאָר נישט, אַחוץ אַ שטול אין גן־עדן, אַ הויך שטרײַמל, אויפן שטרײַמל אַן אָנגעצונדן ליכטל, וואָס ברענט אין הימל אַרײַן.

דער לייענער, נעבעך, שרעקט זיך טאַקע אַ מאָל איבער אויך. פינטלט מיטן אויג ווי בײַ דער קאַסע פון טעאַטער, ווען ער קויפט אַ בילעט צום „דיבוק", און דער „דיכטער פון פראָבלעמעל" ווערט גרויס, באַרימט.

*

איך געדענק מיט אַ 15 יאָר קריק האָט זיך בײַ אונדז אין „ווײַנגאָרטן" געטאָן חושך: אַ דיכטער (ראַבאַי, דאַכט זיך), האָט אַנטפלעקט דעם סוד, אַז אַ הונט האָט אויך אַ נשמה.

נו־נו, האָט זיך געטאָן אַ ביסל!

און דאָס איז געווען, פאַרגעסט נישט, אַ מענטש מיט אַזאַ ציכטיקן טאַלאַנט ווי א. ראַבאַי.

און אַחוץ, וואָס ער האָט „אַנטפלעקט דעם הונטס נשמה", האָט ער טאַקע געגעבן דעם הונט אויך.

די „פראָבלעמעל־דיכטערס" אָבער זײַנען נישט מחויב צו געבן דעם הונט: ער בײַסט זיך, ער איז אומריין, ער האָוקעט און ס'איז שווער אים צו כאַפּן.

די נשמה זײַנע אָבער —

די נשמה פון הונט — דאָס גיט דער דיכטער פון פראָבלעמעל דורך טונקעלע רייד, טונקעלע געדאַנקען, אונטערערדישע שטימעס.

ווער קען זיך אויס אויף דעם?

ווער קען זאָגן אויף „פראָבלעמעלעך" גוט, שלעכט — אַפילו בײַ מעטערלינקן?!

*

„קונסט איז נישט קיין מלאכה".
אָבער דאָס איז דאָך אַ ליגן!
מענטש איינער, גוטע מלאכה איז — קונסט.

שלעכטע קונסט איז אויך מלאכה, נאָר נישט קיין גוטע.

צו באַשרײַבן די נשמה פֿון אַ בענקל איז טאַקע שווער, אָבער אַ סך שווערער, גלייבט מיר, איז צו באַשרײַבן אַ בענקל אַזוי, אַז איינער וואָס האָט אין זײַן גאַנץ לעבן נישט געזען קיין בענקל, זאָל זיך קענען פֿאָרשטעלן אַקוראַט ווי אַזוי דאָס זעט־אויס.

דעמאָלט וועט ער שוין די נשמה פֿון בענקל סײַ ווי סײַ פֿילן.

ווײַל די נשמה איז בלויז דער פֿערטער פֿוס פֿון בענקל...

*

ווען האָט נאָמבערג באַצייכנט מיט די ווערטער „דער דיכטער פֿון פּראָבלעסל"?

דער „דיכטער פֿון פּראָבלעסל" איז דער זעלביקער יונגער מאַן, וואָס האָט זיך אַנומלטן געקריגט מיט איינעם פֿון אונדזערע זייער פֿײַנע דיכטערס און געזאָגט, אַז יענער האָט בײַ אים געגנבֿעט אַ שורה.

אויף דעם אַרויף האָט אים יענער דערציילט דעם עפּיזאָד מאַ־ריס ראָזענפֿעלד. ס'איז אַ מעשׂה, ווי אַזוי אַן אומבאַקאַנט דיכטערל, וועמענס נאָמען הייבט זיך אָן מיט די אותיות „מ. ר." האָט באַשול־דיקט מאָריס ראָזענפֿעלדן, אַז ער האָט איבערגעדרוקט יענעמס אַ לידל אויף זײַן (ראָזענפֿעלדס) נאָמען.

מאָריס ראָזענפֿעלד האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט טאַקע דורך אַ טעות איבערגעדרוקט יענעמס לידל אויף זײַן נאָמען, ווײַל ער האָט געמיינט, אַז ס'איז זײַן אייגנס. „איך האָב זיך טאַקע געחידושט", מאַכט ראָזענפֿעלד, „ווי קומט צו מיר אַזאַ נאַריש לידל?"... נישט מער — מאַכט ער — יונגער מאַן, אויב איר האָט שׂכל, איז ווישט זיך אָפּ די ליפּן און מאַכט אַ שווײַג. וואָרן, אַז אַ בעטלער — מאַכט ער — וועט אַרויסגיין אין גאַס און שרײַען, אַז ראָקעפֿעלער האָט בײַ אים צוגעגנבֿעט אַ ניקל, וועט מען אים דען גלייבן?"

# טעאַטער - טעקסטן

## דער רבי אלימלך

### ווערטער און ניגון פון משה נאדיר

אלף

אַז דער רבי אלימלך איז געוואָרן זייער פריילאַך,
איז געוואָרן זייער פריילאַך אלימלך.
האָט ער אָנגעטאָן דאָס היטל, און דעם שבתדיקן קיטל,
און געשיקט נאָך די פידלער די צוויי.
די פידלדיקע פידלער האָבן פידלדיק געפידלט,
און פידלדיק געפידעלט האָבן זיי.
די פידלדיקע פידלער האָבן פידלדיק געפידלט–
אָט די פידלדיקע פידלער די צוויי.

בית

אַז דער רבי אלימלך, וכו'.
האָט ער געשיקט נאָך די פייקלער די צוויי.
ער האָט אויסגעטאָן די תפילין,
און אויסגעווישט די ברילן.
און געשיקט נאָך די פייקלער די צוויי.
די פייקלדיקע פייקלער. וכו'.

גימל

. . . האָט ער אָפּגעמאַכט די הבדלה,
און דער גבאי ר' נפתלי.
איז געלאָפן נאָך די צימבלער די צוויי
די צימבלדיקע צימבלער. וכו'.

דלית

. . ער האָט געטאָן אַ גוטן געניץ
און געזאָגט: „מ'דאַרף שוין מיין ניט!"
און געשיקט די קאַפּעליע אַ היים.
די שיכורע קאַפּעליע פון רבין מלך־עליע,
האָט אויסגעשטעלט דעם דלות אַ פייג.
די פריילאַכע קאַפּעליע האָט געהאָפּקעט ביז דער סטעליע
און זיך פאַרביטן מיט די קלאַפּערגעצייג.
די פידלדיקע פויקער האָבן צימבלדיק געפידלט,
און בראָנפּעדיק געגאָסן זיך מיט חיין.
די לוסטיקע קלעזמאָרים מיט פלעשער אונטערן אָרם,
האָבן געהוליעט ביזן העלן טאָג אַריין.

יאָסל קאָטלערס צייכענונג



# דער ליגן - כאַפּער

מיידל | בחור

## איינער פֿון עולם

די בינע איז צוגעגרייט פֿאַר אַ לײַכטן אינטימען שפּיל. אַ צי־מערל. אַ סאַמאָוואַר. שטוביקע אַטמאָספֿער און אַן איבערגע־טריבן גרויסער מאָדנער זייגער.

**ב ח ו ר** — פּאָרעט זיך מיטן זייגער און זינגט:

**אוי, צוועלף שלאָגט דאָך שוין דער זייגער,**
**אוי, פֿיר מיך שוין ניט אַפּ אַהיים.**
**אוי, וואָס פֿאַר אַ תּירוץ וועל איך זאָגן**
**בײַ מײַן מאַמען אין דער היים?**

**דעם ערשטן תּירוץ זאָלסטו זאָגן,**
**אַז דו האָסט געבלאָנדזשעט אין וועג.**
**דעם צווייטן תּירוץ זאָלסטו זאָגן,**
**אַז ס׳איז שוין סײַ ווי סײַ צו־שפּעט.**

**אָט דעם זייגער האָט מיר מײַן פֿעטער לייזער־עליע געשיקט אַ מתּנה צו מײַן געבורטסטאָג. אַ קלוגער מענטש, מײַן פֿעטער לייזער־עליע. צו וואָס, זאָגט ער, דאַרף מען זייגערס, זיי זאָלן ווײַזן דער צײַט וווּהין צו גיין? די צײַט, זאָגט ער, קאָן אַליין טרעפֿן דעם וועג. זי איז שוין אַן אַלטע גייערקע, די צײַט. דערפֿאַר האָט ער אויסגעטראַכט אַ נײַעם זייגער, מײַן פֿעטער לייזער־עליע. צום עולם. איר ווילט וויסן, וואָס פֿאַר אַ זייגער דאָס איז? דאָס איז אַ זייגער, וואָס קלינגט אויפֿן ליגן. אַז עמעצער זאָגט אַ ליגן, קלינגט ער. וואָס גרעסער דער ליגן, אַלץ מער און העכער קלינגט ער. אַנו, לאָז**

עמעצער פֿון אײַך פּרוּוון זאָגן אַ ליגן, וועט איר הערן. נו, שעמט אײַך נישט, קינדער! מיר אַלע זאָגן ליגן. בפֿרט ווען מיר קומען אַהיים שפּעט בײַ נאַכט פֿון טעאַטער, ווו מיר זײַנען געווען מיט אַ פֿרעמדער פֿרוי, דעמאָלט זײַנען מיר פּשוט געצוווּנגען צו זאָגן ליגן, צוליב שלום־בית. פֿאַרשטייט זיך, נישט איך. איך גיי שטענדיק אין טעאַטער מיט מײַן אייגענער פֿרוי. זייגער קלינגט.

**א י י נ ע ר פ ו ן ע ו ל ם** — רעדט פֿון טעאַטער־אַרויס. ס'אַ באַליידיקונג צו זאָגן, אַז אַלע מענטשן דאָ אין טעאַטער זײַנען ליג־נערס. מיר צאָלן פֿאַר בילעטן און מ'רופֿט אונדז ליגנערס. דאָס איז אַ סקאַנדאַל! מיר זײַנען אַלע ערלעכע מענטשן. זייגער קלינגט. איך קען אײַך פֿאַרזיכערן, אַז אין גאַנצן טעאַטער וועט איר נישט גע־פֿינען קיין איין פֿרוי, וואָס איז געקומען מיט אַ פֿרעמדן מאַן, אָדער איין מאַן, וואָס איז געקומען מיט אַ פֿרעמדער פֿרוי. זייגער קלינגט הויך.

אויפֿטריט: מיידל און נעגליזשע

**מ יי ד ל** — אוי, אַנטשולדיקט. איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט אין אַ פֿרעמדן צימער. איך ווײן דאָ, די צווייטע טיר. זייגער קלינגט. זי וויל אַוועקגיין.

**ב ח ו ר** — נו, וואָס לויפֿט איר? בלײַבט דאָ. איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז איך בין נישט אויסן קיין שלעכטס. זייגער קלינגט. נאָר גלאַט אַזוי. אומעטיק איז און אַ שכנה זײַט איר, טאָ לאָמיר זיצן אַ ווײַל און אַ ביסל פּלוידערן. כ'וועל אײַך, חלילה, נישט טשעפּען, האָט נישט קיין מורא. איך בין נישט פֿון דעם סאָרט מענטשן. זייגער קלינגט.

**ב ח ו ר** — דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל איך... בין שטענדיק פֿאַר־נומען מיט מײַנע שטודיעס. איך לערן שטענדיק. טאָג און נאַכט זיץ איך און לערן מיך. זייגער קלינגט שוואַך.

**מ יי ד ל** — איך לערן אויך שטענדיק. אַנדערע מיידלעך האָבן ליב צו פּוצן זיך, אָבער איך האַלט נישט פֿון דעם. איך האָב פֿײַנט

צו קאָקעטירן. קאָקעטירט און פֿאַרריכט די פֿריזור אין אַ שפּיגעלע, וואָס זי נעמט־אַרויס פֿון טאַש. איך זוך אין מאַן די נשמה, דאָס גײַסטיקע. זייגער קלינגט אַ סך.

ב ח ו ר — און איך זוך אין דער פֿרוי אויך בלויז דאָס גײַס־טיקע. דער קערפּער, וואָס איז דער קערפּער?... גאָר נישט... אָבער נשמה, אָט וואָס איך זוך בײַ דער פֿרוי. דערנענטערט זיך צו איר, וויל זי אַרומנעמען. זייגער קלינגט.

מ יי ד ל — נאָר דאָס נישט. איך האָב דאָס נישט ליב. זייגער קלינגט.

ב ח ו ר — טאָ גיט מיר אַ קוש. איין קוש. איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז ס׳איז בײַ מיר בלויז אַ גײַסטיקער פֿאַרלאַנג. ווען איך זאָל קאָנען קושן אײַער נשמה אָן אײַך! זיפֿצט. זייגער קלינגט. אָבער דאָס איז נישט מעגלעך. גיט איר אַ קוש. זי דערשרעקט זיך. זעט, ווי איר זײַט איבערגעשראָקן. די נשמה איז בײַ אײַך אויפֿן שפּיץ נאָז. דער־לויבט מיר אַ קוש צו טאָן אײַער נשמה. קושט איר נאָז.

מ יי ד ל — און איר מיינט ווירקלעך בלויז מײַן נשמה?

ב ח ו ר — אַזוי אמת, ווי איך הייס יוסף. זייגער קלינגט. פּויזע. איר געפֿעלט מיר.

מ יי ד ל — איר געפֿעלט מיך אויך. דאָס הייסט, אײַער גײַסט געפֿעלט מיר. זייגער קלינגט שטיל. אָבער קושן זיך האָט איר נישט באַדאַרפֿט אַזוי שנעל.

ב ח ו ר — פֿאַר וואָס?

מ יי ד ל — ווײַל די מאַמע הייסט נישט. זייגער קלינגט העכער.

ב ח ו ר — פֿאַר וואָס הייסט נישט די מאַמע?

מ יי ד ל — ווײַל די מאַמע האָט אויך מיידלווײַז קיינעם נישט געקושט. זייגער קלינגט. ביידע זעצן זיך און קוקן זיך אָן. ער רוי־כערט.

ב ח ו ר — פֿון וואָס טראַכט איר?

מ יי ד ל — איך טראַכט פֿון מײַן טויטער באָבען. און איר?

**ב ח ו ר — איך טראַכט פֿון... פֿון די באַלקאַנען.** זייגער קלינגט הויך. **אַ שווערע לאַגע אויף די באַלקאַנען... אוף... הייס...** ווישט דעם שטערן.

**מ יי ד ל — יאָ, ס׳איז הייס.** וויל גיין.

**ב ח ו ר — וווהין גייט איר?**

**מ יי ד ל — צו זיך אין צימער. איך שעם מיך צו זיצן אַזוי. איך בין נישט אָנגעטאָן.**

**ב ח ו ר — וואָס מאַכט עס אויס? די נשמה איז סײַ ווי סײַ נאַקעט. אפֿשר באַגלייטן אײַך? איר ווילט, איך זאָל מיטגיין מיט אײַך אין אײַער צימערל?**

**מ יי ד ל — איר שטעלט מיך, כ׳לעבן, אין אַ פֿאַרלעגנהייט. איך ווייס נישט ווי אַנדערע, נאָר איך פֿיל מיך עפּעס פּריקרע צו פֿאַרברענגען מיט אַ מאַן.** זייגער קלינגט.

**ב ח ו ר — סע מאַכט נישט אויס. פֿאַרגעסט, אַז איך בין אַ מאַן און איר זײַט אַ פֿרוי. מיר וועלן אַרײַנגיין צו אײַך אין צימער און פֿאַרברענגען ווי פֿרײַנד. פּלוידערן אַ ביסל וועגן ליטעראַטור. רוי־כערן. דאָס אַלץ.** זייגער קלינגט.

**מ יי ד ל — איך ווייס? דער אמת איז, אַז ס׳איז טאַקע אומעטיק צו זײַן אַליין אין אַ צימער בײַ פֿרעמדע מענטשן. און די נעכט זײַנען אַזוי לאַנג. אָבער איר מוזט מיר צוזאָגן, אַז מיר וועלן בלויז פֿאַרברענגען אַזוי... אַ.**

**מ יי ד ל — וואָס מיינט איר אַזוי... אַ?**

**ב ח ו ר — איך מיין, מיר׳ן זיצן... איר אויף איין בענקל און איך אויף אַ צווייטן בענקל, און מיר׳ן טרינקען טיי, און מיר׳ן ריידן.**

**ב ח ו ר — מער גאָר נישט?**

**מ יי ד ל — מער גאָר נישט.** זייגער קלינגט און קלינגט הויך און אַ סך פֿון פֿײַערלעשט־מאַשינען. ביז ביידע אָפּ.

# נאראיעוו

## קרוינשטאָט פון מיין לעבן!

א

נאַראַיעוו דו! קרוינשטאָט פֿון מײַן לעבן,
נאַראַיעוו דו! מײַן פֿלאַמענדיקער דאָרן!
האָסט מיך פֿאַרקניפּט צו זיך מיט טויזנטער געוועבן
פֿון יונגע און פֿון בלײַענדיקע יאָרן.
נאַראַיעוו דו, מײַן טרויערדיקע מיסט,
מיט פֿײַנעם האָנענקריי באַפּעפּערט,
דו האָסט געזויגן מיך פֿון דײַנע בריסט,
געזויגן מיך פֿון דײַנע באָדיק־בעכערס.
נאַראַיעוו דו, מײַן שײַבל צו דער וועלט,
פֿאַרבעלמעט מיט אַ הויך פֿון בענטשליכט,
אויף שפּיץ פֿון באַרג אַזוי ווײַט און פֿרעמד
אין האַלבער וואָר באַווײַזט אַ מענטש זיך.
נאַראַיעוו דו, מײַן פֿאַרפֿלויגענע בין,
אייביק אין מײַן אויער עס בלײַבט דײַן זשומען,
אַ גאָלדן איז דײַן וועג וואָס פֿירט קיין ווין,
פּורפּור איז דאָס ווילדקרויט בײַ דײַן ברונעם.

ב

אין דעם רויש פֿון שלאַכטן
הייסע, וועלכע ברענען,
טריפֿט צו מיר דער טראָפּן
פֿון דײַן ברונעם־עמער.

פֿיל איך דײַנע ריחות
פֿון מאַרעל און האָפּן,
כ׳לייג מיר דײַנע אָוונטס:
פּוכקישנס צוקאָפּנס.

ציט צו מיר אַ ייִנגל
אויס די לײַכטע הענטלעך,
אויף זײַן אויער — ס׳רינגל
איז מיר קוים באַקענטלעך.

אוי, ס׳איז גרינג צו שלאָפֿן,
אוי, דער קאָפּ טוט ווײ,
עס גוגערן די ווײַסע
גענדזעלעך אין זיי.

ג

שוים אַ פֿולער לאַגל,
כ׳שווים אויף שליים פֿון שוימען,
כ׳וואַנדער און איך וואַגל
מיט מײַן זעקל טרוימען...

כ׳בייג מיך אײַן, פֿאַרבייג מיך
צום וואַסערל בײַם צווינטער,
איך וואַקס אין אייגן אויגליכט
צום הימלדל אַרונטער.

ד

אוי, שפּיגל־כּתבֿ פֿון ליבע,
פֿאַלישס אַלטע מיסטיק
אין אַלטע חרובֿ־שטיבער
זוך איך אום אומזיסטיק.

איך זוך אין זומפּן בלויע
אַ שטערן, אַ נר־תּמיד,
בײַ מײַן אָוונטס טויער
קלינגען קליאַמקעס, קלומיקס.

דער וועג פֿון מיר צו מיר ווערט
אויסגעפּלאַנצט מיט פֿײַער
אויף די שטראָזן קירעס[1] —
רײַט הער איציק מאַיערס!
מיט שווערדן, מיט לאַמפּאַסן,
מיט זעלנערישע טרעלדער,
פֿון אַלע העלדן בלאַסע —
דער בלענדנדיקסטער העלד ער.

ה

גייט דאָס ווילד אין וואַלד אַרײַן
מיט פֿאַרהאָפּטע אויגן,
מיט פֿײַפֿל אויף די שאַרפֿע ציין,
אַ יעגער קומט געפֿלויגן.
יעגער, יעגער, יעגערײַ,
יעדע רגע איז כּדאַי,
און דער וואַלד האָט ליב דאָס ווילד,
יעגער־האָרן, יעגערקינד.

---

[1] עסטרײַכס שליאַכן.

און די פֿעדער בײַ דעם יעגער
ציטערט אין דעם גאָלד'נעם בלוי.
און ס'הערצל בײַם געיאָגטן
ציטערט אַקוראַט אַזוי.

מאַכט דער יעגער:
— איך דען ניט?
און זײַן האָרן
טוט אַ שניט.

זאָגט דער ווילדער
וואַלד צום ווילד:
— חיה רעה,
ביסט מײַן קינד.

ענטפֿערט־אָפּ אַ קול:
— דו אויך!
בײדע קינדער
פֿון מײַן בויך.

בײדע פֿרײַ און בײדע יונג,
יאָג געיאָגטער מיט דײַן הונט,
יאָג מיט האָרן און מיט הונט
אין דער פֿײַכטער דעמער־שטונד [2].

מ'יאָגט דיך יעגער —
יאָגט דיך אויך,
בײדע קינדער
פֿון מײַן בויך.

ז

איך קוק מיך אום, אַ גאַס האָט אָפּגעברענט,
אַ שטאָט —
מײַן כּתובֿה און מײַן קינדהייט
און דאָס באָד.

אָפּגעברענט און שטיל,
אַן ווינט אין גאַנצן,
זיבן פּאָרלעך — טויט
אין מיטן טאַנצן.

---

[2] שעה פון בין־השמשות.

מיט פּיס נאָך אויפגעהויבן,
גרייט צום נאַש,
געבליבן סילועטן
גרויער אַש.

לאָדן אויף די פּענצטער,
פּענער אויפן דאַך,
געבליבן אין אַ גליווער —
זעלנער אויף דער וואַך.

הענט מיט קופּער־גרײַצערס,
פינגער בײַ דער ליפּ...
אַלץ אַזוי פאַרגליווערט
און איבער אַלץ אַ כליפּ.

פאַרברענטער כליפּ אויף קוילן
שוועבט און ציטערט־אום,
ס׳עט קיינער גאָר נישט פועלן,
די גאַנצע וועלט איז שטום.

און איך, דער שטומקייט־מײַסטער,
אַליין אַ הויפן אַש,
בין לאַנג שוין אַ פאַררײַזטער,
נישט־דאָיִקער אַפּאַש.

פאַרברענטע קאָרידאָרן
ציילן מײַנע טריט,
ס׳איז גאָרנישט ניט געוואָרן
און איך בין אין דער מיט.

אַזאַ קאַשמאַר: זשאַנדאַרן
אין רויט און ווײַס און בלו,
און אומעטום קאַשמאַרן —
נישטאָ, נישטאָ קיין רו!

אָ, וועק מיך אויף, אָ, וועקער —
אָ, העקער, האַק מיך אויס!
עס קלינגען שוין די גלעקער
אין פֿירהויז פֿון מײַן הויז.

איך ציטער אין דער טונקל,
מײַן ציטער טונקלט פּײַן.
אָ, פֿינקל, פֿינקל, ייִנגל —
אין גרויסן טאָג אַרײַן...

## אַ גוטן טאָג, נאַראַיעוו!

אָ, קום צו מיר, נאַראַיעוו, שוין צום לעצטן מאָל;
די באַדיק־בלום איז ראָז, די ריקע אַנגעשוואָלן גרוי ווי שטאָל,
דער באַרג: טויזנט און איין טאָג פֿון ווײַסן ליים —
אָ, קום צו מיר צום לעצטן מאָל,
מײַן היים —
און לאָז אַ קוש טאָן שטאַרק דײַן דאַרע שוועל,
ווי מײַן פּנים אײַנגעקאַרבט און געל.

לאַמטערן פֿאַר דער קלויז, שטיינבאַנק בײַ פֿאַרלאַג [1],
פֿון יעדן קרומען סלופּ מײַן יוגנט גיט אַ שלאָג.
ברענגט נגיד־גרוסן פֿון יאַרע [2] נײַנצנאַיינס.

[1] וועג. — [2] (חוזקנדיק פון דײַטשמעריש) יאָר.

די האָפּן־שטענגלעך קלינגען ריין און שיין
און איך בין אין דער ווײַטער וועלט אַליין,
אוי, דו,
אוי, דו,
נאַראַיעוול, מײַן היים.

פֿון שוואַרצע ליולקעלעך אויף ווײַסע בערד
שפּריצן פֿינקעלעך מיט וועלט און ווײַס,
ס׳האָט אָפּגעריטן אויף אַ קייסערפֿערד,
מיט טשאַקע[3] אויפֿן קאָפּ, מיט שווערד בײַ לינקער זײַט,
די גאָלדענע, די שיינע צײַט!
און איך אַליין בין קליין דאָ אויף דער גרויסער ערד,
ווי דו ביסט גרויס, נאַראַיעוול, מײַן טרער.

דער שטילער רויך פֿון קוימענעס געליבטע,
די גרויע בלעטער — אַטלעס פֿאַרן טראָט,
און איך פֿון וואַנדערן אַן אײַנגעמידטער.
בין מיד פֿון מענטש און גאָט;
בין מיד און מאָט
פֿון צײַט־ און בלוטפֿאַרגאָס —
נאַראַיעוול, צו דיר מײַן לעצטן פֿוס!

אַיעדע צײַט פֿון יאָר צוויטעט אין געדאַנק מיר:
דײַןווינטער — הויל קרישטאָל, דײַן זומער — עמעראַלד;
צום לעצטן מאָל, אָ, קום צו מיר, נאַראַיעוו,
איך גיי צו דיר מיט קליינע טריט, כ׳בין שוין אַלט.
עלטער ווי די וואָרצלען אין דײַן וואַלד —
נאַראַיעוול, מײַן קוואַל פֿון גאָלד און גאַל!

[3] פּוץ, גלאַנץ, הידור.

## ווידער נאַראַיעוו

כ׳האָב דיר, שטאָט נאַראַיעוו,
געשטעלט אַ מאָנומענט —
מיט דעם לעצטן פֿײַער,
וואָס אין מיר דערברענט!
ניט פֿון שטאָל און בראָנדזע,
דאָס פֿאַרמאָג איך ניט,
נאָר פֿון צווײַט פֿון ווײַנשל,
געקליבן בײַ דײַן טריט.
כ׳האָב מײַן האַרץ צעבראָכן
אַרויסגעשיילט די קער —
איז גאָר דאָרט געלעגן
אַ לאָכנדיקע טרער.
איז די טרער געוועזן
ליכטיק און געברענט,
האָב איך דיר, נאַראַיעוו,
געקרוינט דײַן מאָנומענט.
כ׳האָב מײַן בלוט אין בלאָטע
צו דיר אַרײַנגעלאָזט,
איז דײַן גרויע לאַנדשאַפֿט
געוואָרן רויט און ראָז.
כ׳האָב מיט אַלטע פּערל
אַרומגעזוימט דײַן זוים
אויסגעמעקט דײַן וואָרהייט
און אויסגעקושט דײַן טרוים.
זאָלסט מיך, נאַראַיעוו,
געדענקען כאָטש בידאַי
אָדער אין דײַן שבֿועות,
אָדער — ערשטן מײַ,

# איינער פון דרויסן

קומט צו גיין יאָסל.

אַן אָפּגעריסענער, פֿון אַלצדינג אָפּגעבונדן, דערציילט מען פֿון אים, אַז נאָך דעם, ווי ער איז איבער דרײַ יאָר פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון דער היים (ער איז אַראָפּגעגאַנגען אויף אַ מינוט, אָן אַ היטל, אַרויפֿכאַפּן אַ פּאָר פּלעשלעך ביר), און זײַן אַלטע מאַמע האָט זיך נעבעך אויסגעוויינט די אויגן, איז ער אַרײַנגעקומען שטיל, מיט גרינג שאַרנדיקן שפּאַן, אַן אויסגעגלײַכטער (ווי ברויט מיט פּוטער וואָלטן געהאַנגען גלײַך איבער דעם מענטשנס קאָפּ און מ׳וואָלט זיך נישט באַדאַרפֿט אָנבייגן נאָך דעם), און געזאָגט אויף זײַן קיִעווער אויסשפּראַך:

— מאַמע, גיב מיר אַ שוויבעלע!

איז געקומען צו גיין יאָסל, וואָס אַלע האָבן גערופֿן יאָסל און נישט געקענט רופֿן אַנדערש ווי יאָסל, און אַרײַנגעבראַכט אין דער זויערלעכער לופֿט פֿון קונסט און ווײַבערײַ אַ נײַע פֿרישקייט, ווי אַן אָטעם פֿון אַ טאָל־געלן טומאַן, ווי אַ בלאָטיקע דאָרפֿסטעזשקע פֿאַרשיט מיט דעם אָפּשייל פֿון בליִעכץ.

יאָסל איז געווען אַ קינד ווי אַלע קינדער, פֿול מיט לוסטיקייט און שפּיל און ריינער נישט־וויסנקייט, און די אויגן זײַנען בײַ אים געווען ווי גרינע שפּיגעלעך — אין זיי האָט זיך געשפּיגלט די זון און די כמאַרע, די לבֿנה און דאָס אייגענע בלוט, וואָס ווערט משוגע פֿון גאָר נישט טאָן.

יאָסל האָט געמאָלן און געזונגען, געטאַנצט און געשריבן — מיט גרויס פֿײַנקייט און געשריבנקייט. יאָסל האָט בלויז געשוויגן איבער זאַכן, וואָס ער האָט גוט געוווּסט. קיין מאָל זײַנען די פֿינ־טעלעך אין זײַנע לידער נישט געווען קיין מיטל צו פֿאַרדעקן אומ־

באַהאָלפֿנקייט. דאָס, וואָס ער האָט נישט געקענט — דאָס האָט ער געזאָגט. דאָס, וואָס איז געווען אוממעגלעך — האָט ער אויפֿגעמאָלן.

יאָסל האָט ווי אַ קינד פֿאַרשטאַנען בלויז די טיפֿסטע זאַכן. און די קלענערע זאַכן, וואָס מענטשן גיבן־אַוועק אַ סך צײַט אויף אויס־צופֿאָרשן זיי, האָט יאָסל אָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך. ווער איז געווען יוליוס צעזאַר? נישט זײַן דאגה! וואָס איז ראָקאָקאָ־סטיל? פֿרעגט אים בחרם... ווער איז אַנאַטאָל פֿראַנס? — אָ, דער מיט דער יאַר־מלקע!

דערפֿאַר אָבער איז יאָסל גרויס פֿאַראינטערעסירט אין וויסן, וויפֿל מינוטן זײַנען פֿאַראַן אויף דער וועלט, ווי אַזוי גאָט בייגט זיך צו זײַן אייגענער גרויסקייט, בעת ער שלעפּט דעם כּסא־הכּבֿוד אויף זײַן באַזוך צו אַן אַנדער גאָט...

אַלע האָבן יאָסלען ליב. ער איז גרינג און פֿאַרשטעלט קיינעם נישט! מ׳זעט דורך אים. די ליכטיקייט גייט דורך אים דורך — ווי דורך אַ גלאָז, און ווי אין אַ שפּיגל קענט איר אין אים אַרײַנשפּיג־לען די רירונגען פֿון אײַער אייגענער נשמה.

יאָסל טומלט זיך אויף אַ גרויסן שטח. פֿאַרמעסט זיך אויף אַלץ ווי אויף קינדערשפּיל. די קונסט ווערט בײַ אים אַ זאַך, וואָס פֿו־רעמט דעם מענטש, גלעט אים אויס, זאַפּט־אײַן אין זיך זײַן ליידי־קע צײַט.

נישט מיט ציטערנדיקע קני גייט ער צו דער קונסט. נישט מיט צעדיכנטע הענט און מיט קלאַפּנדיקע צייך, נאָר ווי צו אַ נאָ־ענטער געליבטער, מיט וועלכער מען האַלט זיך היימיש און פּראָסט. און די אָנגעבלאָזענע „קונסטן" האָבן זיך אים געגעבן אויך אַזוי פּראָסט און אָן שום מי און אָנבעטעניש — ווײַל אַפֿילו געטינס האָבן פֿײַנט שוויס...

עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וואָס קריגן אַלצדינג, וואָס זיי ווילן, דערפֿאַר ווײַל זיי בעטן די גרעסטע זאַכן, ווי איינער בעט אַ שווע־בעלע.

פֿאַרקויפֿערינס אין די עקסקלוזיווע געשעפֿטן פֿאַרשטייען דאָס,

— וואָס קאָסט דער טעפּעך?

— דער אָ? — די פֿרײַלין טוט־אָן די ברילן, קוקט כּלומרשט דערויף, אָבער מ׳זעט, אַז זי זעט עס נישט, זי שמייכלט גאָר אַרײַ־בער צו דעם הער אויפֿזעער אַנטקעגנאיבער — דער טעפּעך וועט אײַך קאָסטן, מײַן הער, בלויז צוויי טויזנט דאָלער מיט פֿערצן סענט...

די „צוויי טויזנט דאָלער מיט פֿערצן סענט״ ווערן אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ גרינגשאַפֿט, מיט אַזאַ נישטיקייט, אַז איר שעמט זיך צו זאָגן, אַז דאָס איז אַ סך געלט! פֿאַרקערט, איז פֿאַראַן אַן אַנדערער, וואָס בעט בײַ אײַך אַ שוועבעלע מיט אַזאַ מינע, ווי איר וואָלט אים געטאָן די גרעסטע טובֿה, און איר פֿילט זיך אים צו געבן דאָס שוועבעלע אויכעט.

יאָסל האָט געבעטן ליבע, ווי מ׳בעט אַ טרונק וואַסער אָדער אַ פּאַפּיראָס:

— דו ווייסט, מיידל, עס ווילט זיך אַזוי שלאָפֿן מיט דיר, אַז ס׳איז אַ גוואַלד... האָסט צײַט?

און דאָס מיידל האָט געקוקט אויף זיינע זומער־גרינע אויגן, אויף זײַנע ערלעכע, שפּיציקע, ברייט־צערוקטע ציין, אויף זײַנע הויכע פּיס, און זיך געשעמט אָפּצוזאָגן.

איך קען אַנדערע, וואָס צעכלינען זיך אין זייערע ליבעס, וואַרפֿן זיך אָן, ריידן גרויסע, שווערע רייד, בעטן די קלייניקייט מיט אַזאַ מינע, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אָפּקויפֿן ארץ־ישׂראל, און דאָס ווײַבספּאַרשוין ווערט בײַ זיך אַזוי גרויס, אַז מ׳קען צו איר נישט צוטרעטן.

## דער טאַטע פאָרט קיין אַמעריקע

די צײַט איז זיך דערווײַל געגאַנגען איר גאַנג. טעג האָבן אויפֿגעגעסן טעג, יאָרן האָבן אויפֿגעגעסן יאָרן.

נעכט האָבן זיך מצער געווען דערפֿון, וואָס זיי זײַנען פֿינצ־טער און האָבן זיך אַזוי ביסלעכווײַז אַרײַנגעטרויערט אין די טעג. טעג האָבן זיך געפֿרייט מיט דעם, וואָס זיי זײַנען ליכטיק, און האָבן זיך אַזוי ביסלעכווײַז אַרײַנגעפֿרייט אין נעכט...

מענטשן דאַרפֿן זיך אויסלערנען די צוויי גרויסע ווערטער פֿון דעם פֿילאָסאָף העראַקליט: „אַלצדינג פֿליסט". ווען דאָס מענטש־וואָרג וועט מיטן בלוט פֿאַרשטיין די טויטע טיפֿקייט פֿון די ווער־טער, וועלן זיי ווערן ווערדיקער, באַשיידענער. צו וואָס דאָס נאַרי־שע טומלען זיך? די קנאה, וואָס פֿרעסט־אויף די קליינע טעג? די שׂנאה, וואָס פֿאַרברענט אונדזערע נישטיקע רגעס? סוף־כּל־סוף וועט דאָך אַלץ אַוועקפֿליסן, און טויטע קעניגן זײַנען טויט אויף דעם זעלביקן אופֿן ווי טויטע קעץ...

די כּישוף־מאַכערין, די צײַט, האָט מיט איר גריזשענדיקן, בייזן צאָן צעקײַט נאָך עטלעכע פֿון מײַנע יונגע יאָרן, אויסגעלאָשן אין מיר עפּעס אַלטס, אָנגעצונדן אין מיר עפּעס נײַס.

דער טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע.

אַ שבת־צו־נאַכטס פֿאַרן אַוועקפֿאָרן האָבן מיר פֿאַרריגלט טיר און טויער, אַראָפּגעצויגן די פֿאָרהאַנגען פֿון די פֿענצטער און דער טאַטע האָט זיך פֿאַרמאַכט אין אַלקער מיט יאָשע דעם שנײַדער, האָט זיך דאָרט געזאַמט אפֿשר אַ פֿערטל שעה און איז דערנאָך אַרויסגעקומען צוריק — אָן די שיינע יידישע קליידער... אָן דער זײַדענער בעקעשע [1], אָן דער אַטלעסענער ראַזשעוואָלקע [2] מיט די ברייטע אַרבל, וווהין ער פֿלעגט באַהאַלטן די איידעלע, למדנישע

---

[1] פּעלצל מיט אַ הויכן קאָלנער. — [2] קאַפּאָטע.

הענט, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס. אַנשטאָט דעם אַלטן, ייִדיש־נגידישן טראַכט האָט ער געטראָגן „ווינער קליידער" [3] פֿון ברוי־נעם וואָלשטאָף. די הויזן זײַנען געווען ברייט און האָבן געהאַט צוויי קנייטשן אין די זײַטן. דער קאַמיזויל איז געווען הויך, ביז צום האַלדז. האָט געהאַט לאַצן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרקנעפּלט מיט קנעפּלעך. דאָס סאַקל איז געווען לאַנגלעך און ברייט, און האָט געהאַט אפֿשר צען קעשענעס...

דער טאַטע איז געווען פֿאַררויטלט, פֿאַרשעמט. יאָשע דער שנײַדער, וואָס האָט געהאַט אַ קאָזע־בערדל מיט אַ ברייטן שניט צווישןביידע וואָנצעס — אַ מין קאַלטע מחיצה, ווי צווישן צוויי ברידער וואָס קריגן זיך איבער אַ ירושה — איז „געזעסן" פֿאַרן טאַטן אויף די קני... שיִער־שיִער, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז ער קניט. אָבער יאָשע דער שנײַדער ווייסט ב"ה וואָס ס'קער צו ייִדיש־קייט, און ער זיצט דעריבער אַזוי ווי ער וואָלט זיך געקליבן גיין אַ רוסישע „קאַמאַרינסקע"... ער פֿאַרעט זיך אונטן, בײַ די שיך... די מאַמע זאָגט, אַז מ'דאַרף אַ פֿאַלבאַן, ווײַל וואָלשטאָף לויפֿט־אײַן, און זי ווײנט, ווי ס'וואָלט, חלילה, נישט געקענט זײַן קיין גרעסער אומגליק ווי דאָס, וואָס דער טאַטע טוט זיך אָן אין „ווינער קליי־דער". דער טאַטע אַליין האַלט זיך, ווי עפּעס פֿאַר אַ זון פֿון אַ מאַרטירער־פֿאָלק. ער שמייכלט אָן אויסגעשפּילטן שמייכל און טאַפּט זיך בײַ דער באָרד, גלעט זי, ווי מ'גלעט אַ קינד די לעצטע פּאָר שעה, איידער ס'לאָזט, חלילה, די נשמה...

ווער ווייסט, ווי לאַנג דעם טאַטנס שיינע באָרד האָט נאָך צו לעבן? צי איז איר נישט באַשערט, חלילה...

דער טאַטע זאָגט צו יאָשע שנײַדער, ער זאָל אויפֿהערן צו בלאָזן דעם רויך, ווײַל ס'גייט אים אַרײַן אין די אויגן. יאָשע שנײַ־דער גיט אַ שפּרינג־אויף ווי אויף פּרוזשינעס, גיט אַ וואָרף דעם ציגאַר־טיטון, פֿאַררײַבט אים מיטן פֿוס, פֿאָרעט זיך ווידער אַרום

[3] מעשׂה משׂכּיל, ווי אַן אַפּיקורס, אַ „גוי".

דעם טאַטן — דאָס מאָל אַרום די ברייטע לאַצן פֿון זײַן קאַמיזויל, וואָס בלאָזן זיך אַ ביסל. דער טאַטע בלאָנדזשעט־אַרום מיטן מיטנ־סטן פֿינגער אַרום די אויגן, טונקט דאָרט עפּעס אויס, ווי ער טונקט פֿון די כּוסות דצ״ך־עד״ש... שמייכלט... קוקט אויף דער מאַמען און זאָגט, זי זאָל נישט וויינען. וואָס איז דאָ צו וויינען? ס׳איז אומעטום גאָטס וועלט...

די מאַמע ווייסט, אַז ס׳איז אומעטום גאָטס וועלט, אָבער וואָס קומט איר אַרויס דערפֿון, אַז גאָט אַליין האָט קיין רחמנות נישט. צערײַסט און צעפּליקט הערצער — צוליב אַ שטיקל ברויט... צו־ליב אַ שטיקל ברויט...

אַז די באָבע איז אַרײַנגעקומען און דערזען דעם טאַטן אינעם „ווינער טראַכט”, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש: „אוי! געקוילעט בין איך!”, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בענקל און געהייסן שפּריצן אויף זיך וואַסער...

דער טאַטע האָט אין מײַנע אויגן אויסגעזען זייער שיין. די פֿאַרפֿלאַמטע, פֿאַרשעמטע באַקן, די ברוינלעכע פֿירעקעכדיקע באָרד, דער פֿאַרשײַטער קאַמיזויל — דאָס אַלץ איז מיר שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. עס הייסט, געשמעקט מיט „ווין”, מיט „שאָקאָלאַד”, מיט „לײַפּציג”, מיט „איך האָבע די ערע”... מיט „מען מעג”[4]...

אַז די באָבע האָט דערזען, אַז איך בין דאָ אין שטוב און איך דריי זיך אַרום אויף דער „שיינער חתונה”, האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד אויף ס׳נײַ:

— נאָך ער דאַרף דאָס צוקוקן!

מען האָט מיך געוואָלט אַרויסשטופּן אין דרויסן אַרויס, אָבער איך האָב זיך נישט געלאָזט. איך האָב געזאָגט, אַז ס׳טוט מיר וויי דער קאָפּ, און — מ׳האָט מיך געלייגט שלאָפֿן, טאַקע דאָרט אין אַלקער, ווו דער טאַטע האָט זיך איבערגעטאָן די קליידער.

איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך שלאָף, האָב געבלאָזן מיט די

---

[4] די מאַנירן בײַם באַגעגענען זיך, ריידן, האַנדלען.

ליפּן און דורך דער נאָז... אַלע מינוט איז מיר געוואָרן טרוקן אין האַלדז און איך האָב געמוזט אויפֿהערן אָטעמען אַזוי הויך און באַנעצן די ליפּן מיט שפּײַעכץ. דערנאָך האָב איך זיך ווידער גענומען צו אָטעמען וואָס שאַרפֿער, אַפֿילו אַ ביסל אונטערגעכראָפּעט, און זיך שיִער צעלאַכט...

איך האָב געהאַלטן די אויגן אַ ביסל אָפֿן און געקוקט. דער טאַטע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אָנגעטאָן אין „מונדיר“. יאָשע שנײַדער האָט צערוקט די וואָנצעס, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז טאָמער וועלן זיי זיך פֿאָרט צונויפֿשטויסן, ווער פּאַסירן ס׳גרעסטע אומגליק. האָט זיך אָנגעטאָן אַ פֿינגערהוט, אָן אַ דעכל, געהאַלטן די ברילן אויפֿן שטערן, ווי ער וואָלט באַדאַרפֿט זען מיטן שׂכל, נישט מיט די אויגן... האָט געפּאַסטריגעוועט, גענייט, געצויגן דעם טאַטן בײַ די לאַצן און בײַ די אַקסלען, וועלכע זײַנען אַזוי אויך געווען אונטערגעוואַטעוועט [5]. אָבער נאָך דער נײַסטער מאָדע האָבן זיי געדאַרפֿט זײַן נאָך העכער...

די מאַמע, אַ מידע פֿון ווייַנען, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף מײַן בעט און געהאַלטן דעם טאַטנס האַנט אין אירע. די באַבע איז געקומען אַרײַנצולויפֿן און געזען, אַז דער שנײַדער סטריגעוועט עפּעס אויפֿן טאַטנס הויזן, וועלכע זײַנען געווען צו־לאַנג, האָט זי גענומען און געגעבן דעם טאַטן עפּעס צו קײַען...

דער טאַטע האָט געקײַט. יאָשע שנײַדער איז געזעסן בײַם טאַטן צופֿוסנס, גענייט מיט זייער אַ לאַנגן פֿאָדעם, פֿאַרוואָרפֿן קונציקע קניפּלעך — אין דער הוילער לופֿט, דאַכט זיך — און גערעדט מיטן טאַטן וועגן אַמעריקע, און צי ס׳איז אמת, אַז „נאַסם“ (ראשי־תּיבֿות פֿון אַ שיף־געזעלשאַפֿט „נ.אַ.ס.ם.“) גיט כּשרע עסנס, און אַז ער שטאַמט פֿון ייִדישע עלטערן, דער נאַסם...

דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער פֿאָרט נישט מיט „נאַסם“,

---

[5] אויסגעבעט מיט וואַטע.

ווײַל „נאַסם" האָט געוואָלט צו־טײַער. ער פּאָרט מיט „רעדשטאַר",
דורך אַנטוועדפּן.

ווען יאָשע שנײַדער האָט שוין גאָר נישט געהאַט צו פֿרעגן,
האָט ער גענומען זינגען:

„נאָוואָרעלע ריביטשקע,
הייסט דאָך אויף ייִדיש פֿיש;
ווי די רביצין איז געקומען צום רבין
האָט ער איר געטאָן אַ קיש!"

איך בין געלעגן אין בעט און אַלץ אונטערגעהערט, מיט אַ
האַסטיק האַרץ. דער שלאָף האָט שוין געהאַט אַ ביסל גובֿר געווען
מײַן נײַגער, אָבער דאָס אויער האָט זיך נאָך געראַנגלט... אײַנגע־
זאַפּט אין זיך דעם פֿלאַטערדיקן כּישוף פֿון די פֿרעמדע ווערטער:
„נאַסם", „רעדשטאַר", „אַנטווערפּן". איך האָב געזען שיפֿן מיט
גאָלדענע קוימענס... און הויכע זעגל־ביימער פֿון רויט טריוואָקס...
און גרויסע מעסערס אונטן, בײַם דרויסנדיקן דנאָ פֿון שיף — די
מעסערס שנײַדן די ריזיקע וואַלפֿיש, וואָס טוען צערענען אויף די
שיפֿן... עס גיסט זיך בלוט... די שיף גייט דורך אַ שטראָם מיט
פֿישבלוט... די מאַמע צעהאַקט די קלענערע פֿיש מיט אַ האַקמעסער,
בראָקט־אַרײַן אַ ציבעלע... טוט־אַרײַן אַ ביסל פֿעפֿער...

איך האָב זיך געגעבן אַ כאַפּ־אויף און דערזען דעם טאַטן אָנ־
געטאָן אין אַ ברוינעם „קיסטאָנט" — אַ האַרט היטל אַזאַ, ווי אַן
איבערגעקערט מולטערל, און ס'האָט געהאַט צו צוויי ביינערנע לעכ־
לעך אויף יעדער זײַט, און אַ שוואַרץ קנעפּל אויף צו פֿאַראַנקערן
אָט דאָס גומידל [6]...

דער טאַטע איז געווען אַזוי פֿאַרענדערט, אַז איך האָב אים
נישט דערקענט... צום ערשט האָב איך זיך דערשראָקן און געוואָלט
אַ געשריי טאָן, דערנאָך האָב איך פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך,

[6] שיפּעלע.

אַ קוק געטאָן אויף די צוויי נאַרישע לעכלעך אין קיסטאָנט און דאָס האַרץ איז מיר געוואָרן פֿול מיט ווייטיק... איך האָב אַרויסגעשאָסן אין אַ געוויין.

דאָס איז געווען דער „פּונקט אין פּעסל פּולווער“. דערהערט, אַז איך כליפּע, איז געקומען צו לויפֿן די באַבע און זיך צעקוויטשעט... און אָפּגעלאָשן קוילן... די מאַמע האָט געכליפּעט אין היסטעריקע. דער טאַטע האָט געזאָגט: „נו, נו, הערט׳ס־אויף! ס׳איז שוין גענוג“. האָט אַוועקגעלייגט דעם קיסטאָנט, צוריק אָנגעטאָן דעם סאַמעטענעם הוט מיט די ברייטע ראַנדן, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דאָס סאַקל מיטן קאַמיזויל... אַרויסגעשיקט די מאַמע מיט דער באַבען, געהייסן דעם שנײַדער קומען מאָרגן, ווײַל ער האָט קיין כּוח נישט...

און אַז דער טאַטע איז געבליבן אַליין (ער האָט געמיינט, אַז איך שלאָף), האָט ער אַראָפּגענומען פֿון דער פּאָליצע אַ ספֿרל, עס צעעפֿנט... אָנגעהויבן עפּעס אונטערברומען אַ ניגון... דערנאָך האָב איך געהערט, ווי טרערן קאַפּען אויף פּאַפּיר...

## „גרינוויטש ווילעדזש“

נעכטן בין איך געווען אין „גרינוויטש ווילעדזש“[1], בײַ מײַן פֿרײַנד דושקין.

דער מאַן איז אַ פֿרײַער קינסטלער, אַ ווייכינקער, נישט צונויפֿגענומענער, מיט אַן אויסגעטראַכטן כאַראַקטער.

— איך האָב אַ כאַראַקטער! — זאָגט ער שטענדיק, ווען ס׳קומט צו רייד וועגן דעם.

זײַן גאַנצער „כאַראַקטער“ רינט־אַרויס דורך זײַנע רייד. יע־

[1] די ניו־יאָרקער עקזאָטישע געגנט, וווּ עס וווינען אַ סך „פֿרײַע קינסטלערס“, וועלכע שטעלן־אויס אויף דער גאַס זייערע שאַפֿונגען.

דעס וואָרט זײַנס איז נישט גאַנץ, האָט אַ לעכל ערגעץ, און דאָס ביסל שׂכל, וואָס איז דאָ אין דעם, רינט־אַרויס.

מיט זײַן „מיידל״ לעבט ער פֿרײַ און נישט צוגעבונדן. זי אַר־בעט. ער אַרבעט. ביידע אַנטלײַען זיך כּלומרשט איינס ס׳אַנדערע אַ ביסל געלט, האַלטן כּלומרשט חשבון פֿון די קליינע חובֿות. ריידן שטענדיק מיט אַ קרעכץ וועגן זייער „ברייטקייט״ אין געלטזאַכן און שטילערהייט, אַן וואָסער עס איז אָפּמאַך, נאָר ווײַל ביידנס נאַטורן זײַנען פּראַקטישע, שפּאָרט מען אַ ביסל געלט, גרייט מען זיך צו צום ווײַטן לעבן, פֿאַרפֿעסטיקט מען זיך אין דער שפּינוועב־עדיקער זאַך, וואָס מען רופֿט „הייראַט״.

— דינאַ, דינאַשאַ, גיב מיר אַ קוש! — בעט זיך כּלומרשט דער מאַנסביל, אָבער מיינען מיינט ער ערנסט.

— הײַנט דאַרף איך קושן... לאָמיר זען וועמען? (זי פֿאַר־טראַכט זיך) יאָ, הענרין.

— אַזוי גאָר! הענרין! און מיך ווילסטו נישט קושן?

— ניין, איך האָס דיך!

און זי קושט אים פֿון דעסט וועגן צוריק זייער געשמאַק.

ביידע הינקען אויף געזונטע פֿיס, ווײַל נאָך דעם געזעץ פֿון „נײַעם קינסטלערטום״ איז ניט שיין צו האָבן געזונטע פֿיס.

די שמינק וואַקסט אָבער ביסלעכווײַז אַרײַן אין אונדזער בלוט. די קינסטלעכקייט ווערט נאַטור. דער שווישפּילער נעמט מיט זיך מיט די בינע, ווו ער גייט.

דאָ פּלאָגן זיך מענטשן אין נאָמען פֿון קונסט. פֿרויען גיבן זיך איבער צו נישט־באַטעמטע זינד, אָן דעם גרויסן זינדגעפֿיל, וואָס הייליקט אין זײַן פֿײַער. דאָ ברענט מען אַפֿילו נישט און מען מיינט, אַז עס איז פֿאַרלאָשן. דאָ בלישטשעט אַ מין קאַלטער פֿאָספֿאָר, וואָס מ׳שמירט־אָן אויף ציפֿער־בלעטלעך פֿון זייגערס — מ׳זאָל זען אין דער פֿינצטער וויפֿל דער זייגער האַלט.

דאָ איז טוכלע די פֿרייד, ברעקלדיק די האָפֿענונג, צונויפֿגע־

וואַרפֿן די אידעאַלן און אויסגעמישט קונסט מיט מלאכה, חלומות מיט גראַשנס.

האָב רחמנות, גאָט, אויף די אָרעמע, וואָס גייען שטענדיק צו קינד און געבוירן קיין מאָל גאָר נישט!

*

דער „ווילעדזש" האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסע נשמה, אַ פֿאַר־בלוטיקט האַרץ, אַ האַנט וואָס האָט זיך געצויגן צו דער ליכטיקייט.

אין די ענגע דאַכשטיבלעך זײַנען זיי געזעסן, די אַמאָליקע קינסטלערס, און האָבן אַ גאָט געפֿורעמט אין זייער אייגענער יסור־רימדיקער געשטאַלט. הײַנט איז די „נשמה" אַרויסגעשטעלט אין די פֿענצטערלעך פֿון די קאַפֿעען: טוריסטן, קומט, זעט און שטוינט! קום, וואָלגאַריאַן, פּלעב, און שטעל זיך אַוועק טאָן דײַן באַדערפֿע־ניש בײַ דער וואַנט פֿון אונדזער בית־המקדש. ס'קאָסט בלויז אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל! קום, טוריסט, און זע, ווי „קינסטלערס" שיכּורן זיך אָן, וואַרפֿן זיך מיט פּלעשער, רײַסן פֿון זיך די קליידער, ריידן גראָבע רייד.

— די מיידלעך?

— אָ! ווי דו סלינעסט, פֿרומער טוריסט! יאָ, דאָס זײַנען „קינ־סטלערינס"! — איינע רעדט פֿון פֿאַרגיפֿטן זיך און זעצט זיך בײַ דיר אויפֿן שויס. די אַנדערע באַליידיקט זיך, אַז דו רופֿסט זי „פֿרײַלײַן".

זי זאָגט: „איך בין שוין נישט קיין „פֿרײַלײַן" זינט דעם 14טן אָקטאָבער פֿון לעצטן יאָר. זשאַן האָט מיך אָנגעהויבן — דער אי־דיאָט. געמיינט, אַז ער כאַפּט אַ מציאה. ווען איך וואָלט געווען אַ מאָנסביל, וואָלט איך קיין מאָל נישט געשלאָפֿן מיט אַ יונגפֿרוי. עס איז אַן אַרבעט, און קיין פֿאַרגעניגן איז דאָס נישט. סײַדן פֿאַר איינעם, וואָס האָט מערדערישע אינסטינקטן".

דער „טוריסט" און „דרויסנדיקער" זאַפּט אין זיך די ווערטער אײַן — אויף איבערצוגעבן צו באַקאַנטע אין אייגענעם שטעטל, בײַם קאָרטנשפּיל.

אַנדערע פֿאַרשרײַבן די „מערקווערדיקע" רייד פֿון „קינסט־לערס" און „קינסטלערינס". באַמערקן דערבײַ נישט, אַז מ'רעכנט זיי גוואַלדיק איבער פֿאַר די שלעכטע קאַווע אָדער זויערן קוואַס...

די ליכטלעך ברענען אויף די פֿענצטער. דער שילד רופֿט: „בלויער יקנהז", „מעשענער לעמפּערט", „די זיבן שוועסטער", „די משוגענע קאַץ". מענטשן נײַגעריקע, געלאַנגווײַלטע, שטעלן זיך אָפּ, גייען־אַרײַן, זוכן־אויס די מאַנסבילן מיט די לענגסטע האָר: „קינס־טלערס!". די אַמעריקאַנערינס, וואָס רופֿן זיך „סאָ־ני־אַ!" און לאָזן דעם רויך דורך דער נאָז, שלעפּן די מאַנסבילהענט צו זייערע בריסט: „קינסטלערינס"!

די ליכטלעך ברענען. נאַרן־אָפּ מיט זייער ניט־אָנשטעל. אַלצ־דינג איז אַזוי שרײַענדיק פּראָסט, אַזוי קינסטלעך דעמאַסקירט. אויף דער ערד זיצן מענער און פֿרויען און טרײַבן מידע, קליינע אָרגיעס — ווילן זיך אָנשיכּורן מיט קונסט... אָבער עס פֿאַרטשאַ־דעט בלויז דעם קאָפּ. דאָס האַרץ (אַפֿילו דעם פּלעבס האַרץ) חלשט פֿון דער שווערער גראָשנדיקייט. אָבער ס'איז אַ „דערפֿאַרונג", ווי רויכערן האַשיש אָדער אָפּיום.

אמתע קינסטלערס צירן זיך נישט מיט קיין קונסט. באַוואָפֿע־נען זיך אַפֿילו נישט מיט איר. זיי טראָגן זי ווי אַ לאַסט, ווי אַ הויקער.

*

דער „ווילעדזש" האָט זיך זײַנע באַגריפֿן וועגן קונסט, זײַן קינדערשע מאָס.

— דזשאָן עלקוויל? — אָ, ער האָט „געטראַמפּעוועט" איבער אַמעריקע, געפֿאָרן ביז לאָס־אַנדזשעלעס אויפֿן דאַך פֿון אַ פֿראַכט־צוג!

— אָט דאָס רוף איך זעלבסטאויסדרוק! אָנרירן דאָס לעבן מיט די אייגענע עלנבויגנס...

— דזשים טשאַראַש איז „באָנק"... אַ ווײַסהענטיקער. ווױנט

אין אַ באַקוועמער דירה. זײַן לעצט בוך האָב איך אַפֿילו נישט גע־לייענט...

— דזשים רירט קיין מאָל נישט אָן דעם „עפּעס"...

אָט אַזוינע ווערטער, ווי „אָנרירן ס'לעבן", „דעם עפּעס", „זיך זעלבסטגעבן", זשומען פֿאַר די אויערן פֿאַרבײַ, ווי גרינע פֿליגן אין אַ פּלוצעם הייס געוואָרענעם האַרבסטטאָג.

דער נײַער „ווילעדזש" שאַצט די גרויסקייט פֿונעם קינסטלער נאָך די צאָל מײַלן, וואָס ער איז געפֿאָרן אויפֿן דאָך פֿון אַ פּראַכט־באַן. און די נײַע וועגן אין דער שיינקונסט! נישט מאָדערניזם, נאָר מאָדניזם.

דער זון, אַ הויכער שגץ מיט אַ שטאַרק פֿאַרפֿרישטשעט פּנים, מאָלט (און זייער שלעכט) נאַקעטע װײַבער, צעפֿאַרענע, ברייטע, פֿליישיקע, וואַרפֿט־אָן איבערגעטריבן שוואַרצע פֿלעקן נעבן בויך, מאַכט איבערגעטריבענע בריסט און הינטנס.

זײַן מאַמע — אַ שיינע, עלעגאַנטע, עלטערע פֿרוי, מיט פּענסנע אויף אַ זילבער־קייטל, און מיט אַ פּתחדיקן ענגלישן אַקצענט, באַ־טראַכט איר זונס „ווערק" און זאָגט: „פּרעכטיק!"

און די געשענדטע פֿרויען־שיינקייט, דאָס באַליידיקטע לײַב, וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט ווי אויף אַ פֿאַרבאָטן קאַרטל, ערגערט נישט די שיינע, אַלטע פֿרוי, מאַכט זי אַפֿילו נישט באַצערט.

אין נאָמען פֿון „קונסט" קומען ווילע, ריינע מיידלעך און פֿרויען און לאָזן דעם אידיאָטישן סקולפּטאָר טאַפּן זייער לײַב, כּדי „אײַנצוגעווינען" זײַנע פֿינגער צו אַנטוויקלען דאָס טאַפּגעפֿיל, וואָס ער האָט נייטיק פֿאַר זײַן קונסט...

און דאָס איז אָפֿט אַ זיבעטקלאַסיקער ליימפּאַטשקער אָדער לײַוונט־איבערפֿירער.

קונסט איז װײַבלעך. אַלע קינסטלערס זײַנען אַ ביסל פֿאַרווײַב־לעכט. רייצט עס די מאָדערנע פֿרוי, וואָס איז אין נאַטור פֿאַרמאָגנס־בילט. גייט די פֿרוי צו זיך אַליין, דורך דעם קינסטלער. דאָס איז פּערווערז און מיאוס, אָדער שיין און טראַגיש, ווי מען וויל!

# אַ קליינער זומער־ראָמאַן

די „אַנטאַריאָ־וועסטערן"־באַן, געפּאַקטער ווי תּמיד איבער דער מלחמה, איז ערשט געהאַט דורכגעקראָכן די עטלעכע טונעלן אין די בערג, איידער זי איז געבליבן שטיין בײַ דער סטאַנציע בערג־וויל — דער פּאָפּולערער זומער־רעזאָרט אין די „יִדישע בערג".

אויף דער הילצערנער רויט געפֿאַרבטער סטאַנציע, פֿאַרטרונקען אין פֿאַרגעלטן גרין, וואָס ווערט דערשטיקט פֿון באַגרויך און פֿון דאָרפֿשטויב, זײַנען געשטאַנען פֿרויען, וועלכע האָבן אָפּגעוואַרט זייערע מענער אויף דעם באַרימטן ערבֿ־שבת־צוג.

דאָס שטילע דערפֿל בערגוויל, וואָס אויף צוויי חדשים אין יאָר, יולי און אויגוסט, ווערט עס פֿאַרוואַנדלט אין אַ רוישיק צענטער־שטעטל פֿאַר די האָטעלן אויף מײַלן אַרום, האָט געטאָן אַ לעבֿ־אויף מיטן אָנקום פֿון אָט דער געפּאַקטער ערבֿ־שבת־באַן — דער „ליבעצוג", ווי אַ טייל מענטשן רופֿן אים, נישט אָן אַ צומיש פֿון ציניזם.

צווישן אַלע פּאַסאַזשירן, פֿאַרוויכערט און פֿאַרסאַזשעט פֿון דער רײַזע, אַ טייל הוסטנדיק און אַנדערע רײַבנדיק די אויגן פֿון דעם פּריסיקשטויב [1], האָט זיך אויך געפֿונען בלאַט, אַ מיטליאָרי־קער מאַן, וועלכער איז געווען אַ ביסל אָנגעשטעקט פֿון קונסט און ליטעראַטור, האָט אַפֿילו אַליין אַ מאָל (אָן דערפֿאָלג) געפּרוּווט האַלטן אַ פּען אין דער האַנט און צום סוף זיך אײַנגעזעסן אין דער גרינגער, אָבער חשובֿער ראָלע פֿון אַן אינטעליגענטן לייענער, אַ פֿרײַנד פֿון פֿיל באַרימטע שרײַבערס און אַזוי ווײַטער.

סײַמאָן בלאַט איז אַראָפּ די עטלעכע טרעפּלעך פֿון וואָקזאַל. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קליין וואַליזקעלע אָנגעפּאַקט מיט דער נייטיקער וועש פֿאַר די צוויי טעג, אַן איבעריקע פּאָר וואָכעדיקע הויזן און עטלעכע מתּנות פֿאַר זײַן שיין ווײַבל נינאָ

---

[1] פֿון זון אָנגעברענטער שטויב, ווי פֿײַער.

מיט די גאָלדן־רויטע האָר, פֿאַרפֿלאָכטן אין אַן אַלטמאָדיש קרענצל אַרום איר קאָפּ. ווי פֿיל מענער, וואָס זײַנען נישט גליקלעך און נישט אומגליקלעך פֿאַרהייראַט, האָט סײַמאָן בלאָט ליב געהאַט זײַן פֿרוי נינאַ מיט אַ געוויסער גלײַכגילטיקייט, וואָס קומט פֿון איבער־זאַטקייט, פֿון זיכערקייט, אַז בײַ זײַן נינאַ איז ער איינער און ווײַ־טער קיינער.

ווי אַנדערע הײַנטמאָדישע מענער, איז בלאָט נישט געווען פֿון די ראָמאַנטישע נאַטורן, וואָס פֿאַרשיכּורן זיך מיט ליבע און לײַדנ־שאַפֿט, אָבער אויף אַ נאַש, וואָס קאָסט נישט קיין סך און בײַ וועלכן מען שטעלט קיין סך נישט אײַן, איז ער געווען אַ בעלן.

אַ קליינער, אומדערפֿאָלגרײַכער ביזנעסמאַן, האָט סײַמאָן בלאָט נישט געקענט באַהויפּטן צו שיקן זײַן פֿרוי אין אַן אמתן זומער־האָטעל, ווו די פּרײַזן זײַנען פֿון 18 ביז 35 דאָלער אַ וואָך. נינאַ האָט זיך נישט צו פֿיל געריסן דערצו אויך. אַ פֿאַרחלומטע און ראָמאַנטישע נאַטור, האָט זי ליב געהאַט פֿאַרברענגען אירע זומערס ערגעץ אויף אַ פֿאַרעם, צווישן פֿעלדער, סעדער, קי, פֿערד, הינער, פֿייגל.

אויף אויסזוכן און געפֿינען אַזוינע פֿאַרוואָרפֿענע זײַטיקע ייִדי־שע פֿאַרעמס איז נינאַ געווען אַ מזיק. זי האָט געהאַט עפּעס אַ באַ־זונדערן חוש אויסצודערשמעקן, פֿון די „עדס״ [2] אין די צײַטונגען, וועלכע פּלעצער זײַנען אמת דאָרפֿיש, נעבן בלעזלדיקע שנעלשטראָ־מען אָדער טײַכן און צווישן געזעלשאַפֿט פֿון מענטשן, וואָס זייערע אַפּעטיטן גייען ווײַטער ווי דער אַפּעטיט צום עסן און צו שפּילן קאָרטן — מיט איין וואָרט: „זײַטיקע״ מענטשן, קינסטלערישע, האַלב קינסטלערישע.

די פֿאַרעם, וואָס נינאַ האָט הײַנטיקן זומער אויסגעקליבן, איז אפֿשר פֿיר מײַל פֿון דער באַנסטאַנציע. דער וועג ליגט צווישן אײַנגעפֿאַלענע סעדער־פּלויטן, הינער־שטאַלן, חזירים־שטעלכעלעך,

---

[2] אַנאָנסן.

שטויסן מיט אָנגעהאַקט האָלץ אויף ווינטער, האָבער־פעלדער, שפּע־
טע עפּל און יאַגדעס אָן אַ שיעור — גרינע, רויטע, שוואַרצע.

ווי שטענדיק, אַז סײַמאָן קומט צום ערשטן מאָל, נאָכן פערטן
יולי [3], אויף אַ באַזוך צו זײַן פרוי, אין איר נײַעם זומערפּלאַץ,
לאָזט ער איר נישט וויסן אין פאָרויס, אַז ער קומט. ער וויל זי —
איבעררײַשן און אויף אַזאַ אופן אויפוועקן אין נינאָן אַ באַזונדערע
ליבשאַפט־סטרונע, נאָך נישט קיין אויסגעפּרוּווטע, אפשר אַזאַ, וואָס
זי האָט געהאַט אָנגעגרייט פאַרן ליד, אויף וועלכן אַן אַנדערער
דאַרף שפּילן... און, צווייטנס, האָט ער ליב געהאַט בײַם ערשטן
באַזוך אויפצונעמען די אײַנדרוקן פון דעם נײַעם זומער, נײַע לאַנד־
שאַפטן, נײַע אַטמאָספערשאַפטן, פון קיינעם נישט געשטערט. דער
שטילער איבערטראַכט אויף דעם גאַנג צום נײַעם זומער, וואָס
מאַכט אים מיט אַ יאָר צײַטיקער און רײַפער צום געניס פון לעבן,
איז דאָס זיסטע געפיל, וואָס סײַמאָן בלאָט לעבט־איבער אויף
זײַנע ערשטע זומער־וויזיטן צו זײַן פרוי.

סײַמאָן בלאָט האָט זיך אַרומגעקוקט אויפן וואָקזאַל, צי זײַן
פרוי נינאָ איז אפשר צופעליק געקומען אים אָפּוואַרטן, באַוווירקט
אפשר פון אַ געהיימען פאָרגעפיל, וואָס מען רופט טעלעפּאַטיע.
געזען, אַז זי איז נישטאָ, איז ער אַרויף אויפן בערגל צום סטאָר [4],
באַשטעלט אַ גלאָז אײַזקרעם־סאָדע און זיך בשעת מעשׂה צעפרעגט
דעם וועג צו דער פאַרעם, ווו זײַן נינאָ געפינט זיך.

דערהערט, אַז עמעצער פרעגט זיך אויף יענער פאַרעם, האָט
זיך אַ יונגער מאַן, וואָס איז געזעסן נישט ווײַט פון אים און אַרויס־
געקאַלופּעט מיטן לאַנגן לעפעלע די לעצטע פּאָר צעקראַכענע
סטראָבעריס [5] אויפן דנאָ פון גלאָז מיט סאָדע־וואַסער, זיך אָנגע־
רופן, אַז ער קומט ערשט נישט לאַנג פון דאָרטן און אַז ער גייט־
צוריק. אויב דער דזשענטלמאַן האָט נישט דערקעגן, וועלן זיי גיין
צוזאַמען. אַליין וועט אים, בלאָטן, שווער זײַן צו געפינען די פאַ־

[3] גרויסע נאַציאָנאַלע חגא. — [4] קלייט. — [5] טרוסקאַפקעס.

רעם דאָס ערשטע מאָל. עס איז זייער אַ פֿאַרדרייטער וועג, זאָגט דער יונגער מאַן.

נעמט בלאַט זײַן וואַליזקע און דער יונגער מאַן, וועלכער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט ווי מ״ר לאַסקער, נעמט זײַן גרויסן פּאַפּירענעם האַנטבײַטל אָנגעפּראַפּט מיט זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט אײַנגעקויפֿט. ער שטופּט קוים דורך פֿיר פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט דורך די פֿונאַנדערגעשפּרייטע צוויי שטריקענע הענטלעך פֿון פּאַפּיר־בײַטל, און זיי לאָזן זיך אין וועג אַרײַן.

אין דרויסן פֿאַרנאַכטלט עס גאָר גרויסאַרטיק. נישט קיין מידע, נישט קיין אָפּגעאַרבעטע זון, נאָר אַ יונגע, כּמעט ווי בײַם אויפֿגיין, לאָזט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ צו די שפּיצן פֿון באַרגוואַלד, אָפּלעשנ־דיק מיט איר קילן, פֿיאַלעטענעם גאָלד די גאַנצע ערד און אַרויס־רופֿנדיק עפּעס אַן אייביק נײַע, אומענדלעך זיסע בענקשאַפֿט צו אָט דעם טאָג, וואָס צווישן זײַן שטאַרבן און געבוירן ווערן איז כּמעט גאָר קיין חילוק נישט.

אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג אין שווײַגן, אײַנזאַפּנדיק יעדער פֿאַר זיך אָט דאָס שיכּור מאַכנדיקע זונגאָלד און געפֿלאַקער פֿון בלום און ווילדן צוויט און שווערער צעפֿלאַנצונג, האָט לאַסקער געעפֿנט דעם שמועס מיט עטלעכע אָפּגעבליאַקעוועטע פֿילאָסאָפֿי־שע באַמערקונגען וועגן די זומערס און די ליבעס וואָס פֿאַרגייען, פֿאַרגייען... און עטלעכע — ווי בלאַט האָט געמיינט — פּלאַטשיקע וויצן, יענע ספּעציפֿישע זומער־וויצן, וואָס זײַנען אויסגערעכנט אויף צו רייצן דאָס בלוט אין מאַנסבילישן לײַב.

— איז בײַ אײַך, הייסט עס, נישט אַזוי גוואַלדיק פֿריילעך? — מאַכט בלאַט בײַם סוף פֿון לאַסקערס באַשרײַבונג פֿון דער פֿאַרעם, ווו זײַן נינאַ זומערט הײַנטיקס יאָר.

— יעס — מאַכט מיסטער לאַסקער — דער סעזאָן איז הײַנ־טיקס יאָר אַ שוואַכער צוליב דער מלחמה. די יונגע מענער זײַנען אין מיליטער. נאָך וואָס האָבן שוין די יונגע פֿרויען צו קומען אַהער? נאָר פֿון דעסט וועגן... נו...

לאַסקער פֿאַרהוסטלט זיך פּלומרשט אַ ביסל. עס איז בײַ אים אַ חנדל אַזאַ, אַ שײנטשיק מינעלע, אַן אויסגעלערנטס.

— זאָגט שוין וואָס „נו"... — טרײַבט אים מיסטער בלאַט אונטער, שוין פֿאַרנײַגעריקט.

— נו... — קוועטשט זיך לאַסקער אַ ביסל און בײַט־איבער דעם פּאַפּיר־בײַטל פֿון אײן האַנט אין דער אַנדערער — אין גאַנצן אויסגײן פֿון הונגער (דאָ גיט ער אַ פּינטל מיטן בירברוינעם לינקן אויג זײַנעם, הינטער דער קוועטשבריל), אין גאַנצן אויסגײן פֿון הונגער, כ'מײן ראָמאַנטישן הונגער, קען מען דאָ אויך נישט. פֿאַראַן דאָ אַ יונגע פֿרויקע — —

— טאַקע? — ווערט שוין סײַמאָן פֿאַראינטערעסירט.

און אין אַ מינוט אַרום, האַלב אויף שפּאַס:

— וועל... וואָס קומט אונדז, עלטערע מענטשן, אַרויס? אויב זי איז יונג און ווילִיק... — מאַכט מיסטער סײַמאָן צום גראַם (ניט אומישנע) — איז זי מסתּם נישט צו־גרינג און נישט צו־ביליק...

שטילשווײַגן.

אויף אַ בוים קלאַפּט עפּעס אַ פֿויגל אַ שטותיק ליד, אָן אַ ציל און אָן אַ זין. גלאַט אַזוי, ווײַל עס איז אים גוט אויפֿן פֿײגלשן האַרץ.

די זון האָט זיך מסתּמא דערווײַל גערעצט און איבער דער וועלט האָט זיך געשפּרייט איר כּישופֿדיקער נאָכגלי, דער לאַנגער נאָכגלי פֿון אַ זון־אונטערגאַנג אין די בערג, נעבן טײַכן, וואָס זײַנען ווי אַ שפּיגל פֿונאַנדערצושפּיגלען דעם אָפּשײַן פֿון דעם נאָכגלי מיט אַן אײַנגעשפּאַרטן נישט־נאָכלאָז, ווי אַ פֿרוי וואָס וויל פֿון אירע אָרעמס נישט אַרויסלאָזן איר געליבטן, כאָטש זי איז שוין מיד אויף טויט און האָט שוין מער קײן כּוח נישט.

סײַמאָן בלאַט און זײַן מיטגײער זײַנען געגאַנגען אַ זײַט נעבן אַ זײַט און געשוויגן. פֿון צו פֿיל געפֿילן, וואָס האָבן אָנגעקוואָלן

אין זיי, ווי אַ ריקע [6] נאָך אַ וואָלקנבראָך, האָבן זיי קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי צו שווײַגן — אויף אַ מאָמענט כאָטש, ביז דער פּלייץ וועט זיך אַ ביסל אָפּשטעלן. דערנאָך האָט לאָסקער גע־נומען שילדערן „די יונגע פֿרוי", אַלע קאָלירן פֿון רעגן־בויגן, גע־נומען כּמעט ווי רייצן אים, געבן אים ווויליונגערישע אָנצוהערע־נישן, אַז ער האָט זי שוין אַפֿילו געהאַט אין זײַנע אָרעמס...

— אויב אַזוי — לאַכט סײַמאָן — טאָ וואָס פֿאַר אַ שאַנס האָב איך שוין?

— פֿאַר וואָס נישט? — טרייסט אים לאָסקער מיט גאַוווהדיקער באַשיידנקייט — איך בין נישט דער איינציקער בחור אין מאָסקווע... און פֿון ליבע איז דאָ נישטאָ וואָס צו ריידן... — עס איז מער — גיט ער צו — אַ פֿראַגע פֿון לײַדנשאַפֿט.

אינעווייניק בײַ זיך קוויקט זיך שוין מיסטער בלאָט מיט דעם געדאַנק פֿון אַ נאַש — אַן אומשעדלעכן, אומקאָסטבאַרן, און לאָז זײַן אַפֿילו נישט צו פֿיל זינדיקן נאַש. אָט סתּם אַזוי אַ פֿלירט, אַ קוש, און... „איכווייס וואָס!" אונטער זײַן אייגענער פּרויס נאָז, אַזוי צו זאָגן... דאָס וועט מאַכן דעם „נאַש" נאָך געשמאַקער, נאָך זיסער.

אויף סײַמאָנס פֿאַרלאַנג, ריסעוועט [7] אים מיסטער לאָסקער אָפּ, ווי אַזוי „די יונגע פֿרויקע" זעט־אויס. אַלצדינג איז זייער „צופֿרידנ־שטעלנדיק". כּמעט אַקוראַט נאָך מיסטער סײַמאָנס גוסט. נישט קיין צו־הויכע, נישט קיין צו־דינע, נישט קיין יונגע ציג, נישט קיין שול־מיידל, אַ געשמאַקלעכע, אַ „וואָלאָפּטועזע", אַ תּאַוווהדיקע. זייער גוט...

שאַ... און וואָסער קאָליר האָר האָט זי? דאָס האָט ער גאָר ביז איצט פֿאַרגעסן צו פֿרעגן. אַ קלייניקייט — האָר! האָר בײַ אַ פֿרוי שפּילן אַ גוואַלדיקע ראָלע. ניין?

— יעס. געוויס.

לאָסקער איז מיט אים מסכּים. זי האָט שיינע האָר. דאָס הייסט, ווי פֿאַר וועמען... אויב עמעצער האָט אַ גוסט פֿאַר גאָלדן־רויטע

---

[6] טײַך. — [7] צייכנט, מאָלט.

האָר — טיציאַניש פֿאַרפֿלאָכטענע אין אַ קראַנץ אַרום קאָפּ!

— אַ קראַנץ אַרום קאָפּ? — ווערט סיימאָן פלוצעם בלאַסלעך...

— גאָלדן־רויטע? ווי אַזוי הייסט זי?

לאַסקער ווייסט נישט. אַלע רופֿן זי „נינאַ“. דאָס איז אַלץ, וואָס ער ווייסט... דאָס איבעריקע...

לאַסקער גרייט זיך נאָך אַ מאָל (ווי פֿריִער) אַ פינטל צו טאָן מיטן אויג. ער ווערט אָבער אָפּגעהאַלטן דורך דעם, וואָס זײַן גייער, מיסטער סײַמאָן בלאַט, לאָזט פלוצעם אַרויס פֿון האַנט די גרינגע וואַליזקע זײַנע אין איינעם מיט אַן „אוי“! און פֿאַלט־אַוועק בײַם וועג כמעט, קען מען זאָגן, אַ געחלשטער — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער נאָכשײַן פֿון דעם נאָכגלי פֿון טאָג פֿאַרגייט. די נאַכט איז לויטער אויגן פינטלדיקע, שפּעטנדיקע. סײַמאָן בלאַט זיצט אין זײַן נינאַס שלאָפֿצימערל בײַם פֿענצטער, אָנגעשפּאַרט מיטביידע עלנ־בויגנס אויפֿן געזימסל. ער טראַכט און טראַכט. הינטער אים מאַכט זיך נינאַ צו רעכט אויף בײַנאַכט די גאָלדן־רויטע טיציאַנישע פֿריי־זור, אַראָפּנעמענדיק לאַנגזאַמלעך דעם „הייליקן קראַנץ“ פֿון איר שטערן — — —

1942

# פ אָ ר ה ע נ ג ל ע ך

זיי זײַנען אַרונטערגעקומען העט־העט ווײַט, אַזש פֿון באָכניע אין די קאַרפּאַטן־בערג, און דאָס שטעטל האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „די מאַזורן“, „די טאַטאַרן“[1]...

אונדזער שטעטל האָט ביז דעמאָלט קיין ייִדישע מאַזורן און טאַטאַרן נישט געהאַט געזען. די, וואָס מיר האָבן געקענט, זײַנען

[1] טאַטרן (בערג אין דרום־פּוילן, באַליבט בײַ טוריסטן).

געוועזן גוייִשע „הוצולן״ [2], וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו אונדז זומערצײַט פֿון די בערג באַלאָדענע מיט הילצערנע צאַצקעס און שמאָכטעס, ווי געשניצטע ליולקעס, מולטערלעך, שטעקנס, פֿײַפֿע־לעך, און ענלעכע האַלצוואַרגן — פֿון די איידעלע האָלצן, וואָס וואַקסן אויף די קאַרפּאַטן־בערג.

ווי די ציגײַנערס מיט די קונציק־פֿאַרשפּיצטע „ווינטש־פֿינ־גערלעך״, מיט וועלכע זיי האָבן געמאַכט לעכער אין געזונטע טע־לער און טעפּ, כּדי זיי דערנאָך צו קאָנען פֿאַרריכטן און פֿאַרדינען אַ פּאָר גראָשן, זײַנען אויך די הוצולן באַטראַכט געוואָרן פֿון אונדז, יינגלעך, ווי אומישנעדיקע מענטשן „וואָס מאַכן די קאָמעדיע״... — מענטשן לאַכעדיקע, זאַרגלאָזע, וואָס זינגען, טרינקען, מאַכן זיך לעבעדיק־לוסטיק, און דאָס, וואָס רינט־אַריבער איבער די ברעגן פֿון זייער זאָרגלאָזיקייט, לוסטיקייט, לעבנסדאָרשט, ברענגט זיי צו אונדז פֿון די בערג אַרונטער, פֿון די רומענישע און אונגערישע פּושטעס [3] אַהער, און ווי דער ווינט, וואָס קען נאָך אַ מאָל ברענגען שאָדן, ווען ער צעהוליעט זיך צו פֿיל, ברענגען זיי אָבער ס׳רובֿ גרינגשאַפֿט, גלאַטקייט, זינגעוודיקייט, גלעטעוודיקייט... אַ גלעטעוו־דיקייט, וואָס גלעט־אײַן אַלע בענקשאַפֿט־פּײַנען, רירט־אויף און צעטרײַבט אַלע אָפּגעשטאָנענע שימלען אויף אונדזער קליינעם לעבן דאָ־הי, וואָס איז ווי אַ געל־הײַטלדיק פֿאַרשלאָפֿן זומפּל אין דער פּוסטער זון.

אין צעטל פֿון אָט דער ציגײַנערישער און „הוצולישער״ פֿאַר־ביקייט און עקזאָטישקייט האָט זיך פּלוצעם אַרײַנגעשטעלט די „באַכניער משפּחה״, וואָס האָט זיך איין מאָל אין אַ שיינעם זומער־טאָג אַראָפּגעלאָזט צו אונדז, אַ משפּחה פֿון פֿינף, אַ טאַטע מיט אַ גוייִש, טעלערדיק, רויט פּנים און אַ בלאָנדער באָרד פֿון פּאַסמיקע קרויזן. אַ מאַמע — ברייטלעך און וואַקלדיק און ווײַס, ווי עפּעס אַ קאַטשקע פֿון טייג, מיט אַ מאַסע ווײַסע ציין, וואָס שטופּן זיך אין

[2] בערגי׳עגערס. — [3] זומפּן.

דרויסן אַרויס פֿון אונטער פֿאַרמאַכטע ליפּן אַפֿיר. אַ זון מיט אַן אויפֿגעשטעלט קאַפּעליטשל[4] אַ נײַס, אָן אַ קנייטש, דאָס כמעט מיידלשע פּנים באַפֿרענדזלט מיט גוואַלדיק דיקע, פֿלאַכע נישט־געקרײַזלטע פּאות, ברייט צעקעמט ביז די ברעמען, וועלכע זײַנען דווקא געווען שוואַרץ, אַזוי אַז זײַן פּנים איז אויסגעקומען לאַנג און שמאָל, כאָטש אין דער אמתן איז עס געווען ברייט און קײַלעכדיק... און צוויי טעכטער: „גאָלד מיט זילבער" — אַזוי האָבן מיר זיי טאַקע באַלד אַ נאָמען געגעבן, ווײַל מיר זײַנען געוויר געוואָרן, אַז איינע — די יינגערע — די 16יאָריקע, האָט געהייסן גאָלדע, און די אַנדערע, די „סטודענטקע", האָט געהייסן סילוויאַ.

אונדזערע יינגלשע הערצער, אויסגעהונגערט נאָך קאָליר, שיינקייט און חלום, האָבן בײַם אָנקום פֿון דער אָ משפּחה, בפֿרט פֿון די צוויי מיידלעך „גאָלד מיט זילבער", געטאָן זיך אַ צאַפּל, ווי אַ שטיל וואַסער פֿון אַן ערד־ציטערניש.

האָבן מיר גלײַך איינס ס'אַנדערע אָװעקגערופֿן אין אַ זײַט, אַזוי אַז מיר זײַנען איצט געווען אַלע אין איינעם אין שמילעליעס האָפּנפּעלד, און אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז... עס זאָל בלײַבן אַ סוד אויף אייביק. און ששאַאַ... לאָמיר קיינעם נישט אויסזאָגן. מיר האָבן ליב „גאָלד מיט זילבער". וואָס הייסט ליב? ליב הייסט — טאַקע בלבֿ ונפֿש... ווי אין שיר־השירים שטייט, ווי אין הײַנעס בוך דער לידער שטייט...

*

וואָס מער די קינדער — איבער הויפּט מיר, יונגע יינגלעך — האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די פֿענצטער און שוועלן פֿון דער באַכניער משפּחה, אַלץ מער זײַנען די טאַטע־מאַמע אונדזערע — שטרענג־שטראָפֿנדיקע, פֿון לעבן באַשטראָפֿטע מענטשן — געוואָרן שׂונאים פֿון די „באַכניער לײַט", פֿון די יידישע הוצלעס", וואָס בײַ זיי אין שטוב, זאָגט מען, שפּילט מען אין קוויטלעך און אין

[4] מאָדנער קליינער קאַפּעליוש.

אַזאַ „גאָט" איז איצט געלעגן אין מירמעלנעם מאַוזאָליי, אויפֿן רויטן סקווער אין מאָסקווע, מיטן מאָנגאָלישן, קליינעם פּנים געפּאַנצערט אין דער פֿעסטקייט פֿון טויט און פֿון אומשטערבלעכקייט.

אָבער אַ סך פֿראַגעס האָבן מיר קיין רו ניט געגעבן.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, איז געווען דער מאַרקסיסטישער פּאַראַדאָקס, אַז דאָס מאַטעריעלע לעבן איז אַלץ און דער אידעאַל — גאָר נישט. און... דערפֿאַר דאַרף יעדער זײַן גרייט אָוועקצוגעבן זײַן לעבן פֿאַר אַן אידעאַל!

אויף מײַן פֿראַגע צו די חבֿרים — „וואָס מאַכט איר פֿון מענטשן אָפּגעטער?" — איז שטענדיק געקומען דער גרייטער ענטפֿער: „דו דאַרפֿסט זיך ניט מישן אין פּאָליטיק, משה נאַדיר, דו ביסט אַ פּאָעט".

די פֿרומע פּאַרטייקעץ האָבן שוין דעמאָלט ציניש געשמייכלט אין זיך אַרײַן: „פֿאַרלאָז זיך אויף אונדז! מיר'ן דיך נישט פֿאַרפֿירן, חלילה..."

אין פֿרילינג פֿון יאָר 1926 האָב איך באַשלאָסן עולה־רגל צו זײַן צום „הייליקן לאַנד פֿון די סאָוועטן".

די פֿרײַהייט[1] האָט מיר געמאַכט אַ גרויסן „אָונט", אויף וועלכן איך האָב זיך אַרויסגעזאָגט, אַז „איך פֿאָר קיין רוסלאַנד געוויר ווערן פֿון דער ערשטער האַנט, צי איז נישט דער לעניניזם אַ רעליגיע פֿון בלויז ברויט מיט פּוטער? פֿאַר אַנדערע הונגעריקע מענטשן", האָב איך געזאָגט, „מעג עס זײַן זייער גוט, „נאָר איך", האָב איך געזאָגט, „הונגער מיט דער זעל מער ווי מיטן גוף..."

האָט מען מיך דערפֿאַר גוט אויסגעשייגעצט אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, מיך גערופֿן געפּעשטשעטער בן־יחיד, צעבאַלעוועטער אַריסטאָקראַט און ענלעכע נעמען.

איך האָב פֿאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. איך האָב געגלייבט, אַז אפֿשר האָב איך נישט געדאַרפֿט אַנטפּלעקן אַזוינע נאַקעטע אמתן פֿאַרן פֿאָלק.

---

[1] די ייִדישע קאָמוניסטישע טאָגצײַטונג מאָרגן־פֿרײַהייט.

## איך פֿאָר קיין מאָסקווע „זיך בענטשן"

די געשיכטע פֿון מײַן רײַזע איבער איראָפּע קיין רוסלאַנד איז טויזנט מיט איין נאַכט. אָבער טאַקע נאַכט! פֿינצטערע נאַכט, דורך וועלכער איך האָב געטאַפּט דעם וועג צו זיך, צו גאָט, צו מענטש.

איך וועל מיך ניט אַרײַנלאָזן אין לאַנגע דרכים וועגן מײַן נײַן־חדשימדיקער רײַזע איבער אַ סך טיילן פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דאָ וויל איך בלויז דערציילן, אַז מײַן גאַנג צום „קאָמוניסטישן אי־דעאַל" איז געווען אויסגעלייגט מיט שפּיציקע שטיינער.

איך האָב אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד געזען נויט, ביוראָקראַטיע, אָרעמקייט; איך האָב אויך געזען דאָס נײַע פֿיל צוזאָגנדיקע לעבן, די אינדוסטריעלע דערגרייכונגען, און איך האָב געטראַכט, אַז מיט דער צײַט וועט זיך אַלץ אײַנסטאַביליזירן, נאָך דער נבֿואה פֿון לענינען. דערווײַל, האָב איך געטראַכט, דאַרף מען קוקן אויף דעם אַלעמען פֿון דער הייך. פֿון דער הייך האָט מיר דעמאָלט דער קאָמוניזם — אין די יאָרן 1926־1927 — אויסגעזען ווי די איינציקע רפֿואה צו אַלע איבלען פֿון דער געזעלשאַפֿט.

אַזוי, יעדן פֿאַלס, האָב איך דאָס געוואָלט פֿאַרשטיין. אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל דער קאָמוניזם האָט מיך שוין געהאַט אַזוי פֿיל גע־קאָסט (אין געזונט און אין גלויבן!) און מעגלעך אויך דערפֿאַר, ווײַל איך האָב זיך נישט געוואָלט לאָזן באַאײַנפֿלוסן פֿון די אייגענע אומ־באַקוועמלעכקייטן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לײַדן אין רוס־לאַנד. בין איך אַרויס פֿון דאָרטן אַן איבערגעצײַגטער קאָמוניסט.

איך האָב געזאָגט צו זיך אַזוי: „פֿאַר דיר, ברודער משה נאַדיר, מעג דער קאָמוניזם טאַקע נישט טויגן. דו האָסט ליב אַרבעטן, עסן און שלאָפֿן בײַ פֿאַרמאַכטע טירן און פֿאַרהאַנגענע פֿענצטער. דו האָסט ליב איינזאַמקייט און פּריוואַטקייט, שטילקייט און מעדיטאַציע; אָבער בײַ דער גרעסטער צאָל מענטשן", האָב איך געשריִען אויף זיך, „באַשטייט פֿרײַהייט הויפּטזאַכלעך אין דער מעגלעכקייט צו זײַן פֿרײַ פֿון אַבסאָלוטן הונגער און פֿון פֿיזישע יסורים... און קיין

פֿאַרהאַנגענע פֿענצטער פֿעלט זיי נישט, און נאָך שטילקייט און מע־
דיטאַציע האָבן זיי דערוויַיל קיין צייַט נישט צו בענקען".

## איך האָב געפֿונען אַ „גאָט"

איך האָב גענומען דינען דעם קאָמוניזם מיט לייַב־און־לעבן.
נישט ווי די „גענעראַלן", וואָס שטאַרבן, ברוך־השם, אין בעט אָדער
הינטערן בעט, נאָר ווי איינער פֿון דער זעלבסטמאָרד־בריגאַדע,
וואָס בינדט זיך אַרום דאָס האַרץ מיט דינאַמיט, מיט דער אויפֿגאַבע
צו גיין בלויז אַהין און נישט צוריק.

וואָס פֿאַר אַ „דיבוק" עס האָט מיך באַזעסן — קאָן איך איצט
אין רעטראָספּעקט ניט פֿאַרשטיין. אַזוי פֿילפֿאַך קאָמפּליצירט איז
דער מענטש, אַז אָפֿט וועט ער טאָן זאַכן, ווייַל ער האָט מורא, אַז
עס איז נישט פֿאַר זייַנע כּוחות.

בייַ טשעכאָוון, דאַכט זיך, איז דאָ אַ מעשׂה, ווי איינער דאַרף
זיך שלאָגן אויף אַ דועל מיט עמעצן און ער האָט אַזוי שטאַרק מורא,
פֿאַרן טויט, אַז ער באַגייט אַזש זעלבסטמאָרד...

ווען איך האָב נישט געזידלט און אויף וועמען האָב איך מיך
נישט געוואָרפֿן מיטן אימפּעט פֿון מייַן זעלבסטמערדערישער פּען?!

אפֿשר איז דאָס געווען דאָס געוויסן אין מיר, וואָס האָט גע־
שריִען: „שרייַ הויך... וועסטו נישט הערן ווי עס שרייַט אין דיר".
אפֿשר איז אין דעם שולדיק געווען מייַן פֿאַרשאָלטענע נאַטור — די
נאַטור פֿון אַ זעלאָט; מייַן גרויס אומגעדולד מיט דעם אומרעכט,
וואָס ווערט געטאָן צו די אָרעמע און דערנידעריקטע.

איין זאַך ווייס איך: פֿאַר יעדן טראָפּן בלוט, וואָס איך האָב פֿאַר־
גאָסן מיט מייַן פּען, האָב איך באַצאָלט מיט צוויי טראָפּנס פֿון מייַן
אייגענעם האַרצבלוט.

דאָס איז אָבער נישט קיין תּירוץ פֿאַר די אַלע, וועלכע איך האָב
אַזוי בלינד און פֿאַנאַטיש אַטאַקירט, און מייַן האַרץ וויינט איצט
דערויף.

און וואָס געוויסע מענטשן זאָגן: „משה נאַדיר איז אַן עגאָיִסט, ער איז פֿאַרליבט אין זיך אַליין" — ענטפֿער איך: „כ'בעט אײַך זײַער, וואָס האָט דען דער משה נאַדיר אַזוינס געטאָן פֿאַר מיר פֿערזענלעך, אַז איך זאָל אים ליב האָבן? האָט ער דען נישט בײַ יעדער געלעגנהייט מײַן גליק פֿאַרדאָרבן? מײַן לעבן געשטערט?"

עס איז אפֿשר אַ נאַטור־געזעץ, אַז איינער, וואָס שטעלט זיך קעגן טויזנט, זאָל פֿון אַלע טויזנט צוריקגעשלאָגן ווערן. כאָטש מצד דעם איינעם איז דאָס נישט קיין „חכמה" און מצד די טויזנט איז דאָס נישט קיין „העלדישקייט".

איך פֿאַרשטיי אָבער נישט, ווי איז עס מעגלעך, אַז בעת איבער ליגט אויף דר'ערד און קאָרטשעט זיך פֿון יסורים, וואָס בײַ אים איז אַ גאָט געשטאָרבן, זאָל נאָך אַ נעכטיקער „חבֿר" האָבן דאָס האַרץ אים אַ פּענטשוואָק אין ברוסט אַרײַנצושטעכן...

און וואָס מ'זאָגט „משה נאַדיר איז פּערזענלעך", איז עס טאַקע, נעבעך, אמת.

אַלע פּערזענלעכקייטן זײַנען עס.

דער יאָדער פֿון אַבסטראַקטן אמת איז אײַנגעוויקלט אין אַ שאָלעכץ, וואָס הייסט מענטש. טוסטו אויס דעם אמת פֿון דעם שאָלעכץ — ברענגסטו אום ביידע זאַכן: דעם אמת און דעם מענטש.

## די אַנטוישונג און דערוואַכונג

ביסלעכווײַז איז געקומען די אַנטוישונג.

שעקספּיר זאָגט ערגעץ: „קיין זאַך עיפּושט ניט אַזוי שטאַרק ווי אַ פֿאַרפֿוילטע ליליע".

די „בלום" פֿון מאָסקווע האָט באַקומען אַ גיפֿטיקן גערוך.

און דער דאָזיקער גערוך האָט זיך פֿאַרשפּרייט איבערן גאַנצן וועזן פֿון די קאָמוניסטישע אַפּאַראַטן אין אַלע לענדער.

און אויב דער „קאָמוניזם" האָט געקאָנט אַזוי ציניש פֿאַרראָטן — אויף וועלכע סאָציאַלע „איבערברוכן" קאָן מען שוין איצט האָפֿן?

ביַים העלישן פֿלאַקער פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך דעם אַלט־ניַיעם אמת דערזען, אַז דער מענטש איז איבער אַלץ. און אַז די רעטונג פֿאַר דער מענטשהייט ליגט אין פֿרידלעכן, גע־וואַלטלאָזן איבערגאַנג פֿון איין געזעלשאַפֿטלעכער פֿאָרעם אין דער צווייטער, אין דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם — אויף דעם אופֿן אָדער אויף אַן אַנדערן: נישט אַרויסריַיסנדיק קיין סאָציאַלע פֿונדאַמענטן מיט די וואָרצלען, נאָר לאַנגזאַם איבערבויען — שטיין צו שטיין, ברעט צו ברעט.

נישט איבערמאַכן צו ערשט די געזעלשאַפֿט, בכדי דורך דער ניַיער געזעלשאַפֿט איבערצומאַכן דעם מענטש, נאָר פֿאַרקערט: צום ערשטן איבערבויען דעם מענטש דורך דערציִונג, דערנאָך — מיט זיַין באַוווּסטזיניקער מיטהילף — ביסלעכוויַיז די געזעלשאַפֿט אי־בערבויען. אָן בלוטיקע געוואַלט־ריסן, אָן דעספּאָטישער דיקטאַטור פֿון רעכטס אָדער לינקס.

נישט דורך אוממענטשלעכע מיטלען צו עפּעס אַן אומקלאָרן ציל, וואָס ליגט באַהאַלטן אין די סודותפֿולע פֿאַלבן פֿון דער צו־קונפֿט, נאָר דורך אמתער דעמאָקראַטיע און הומאַנעם ליבעראַליזם צו אַ העכערער מענטשלעכקייט און ציוויליזאַציע.

עס איז אַ נאַרישקייט זיך צערעמאַניעל אַנצושליסן אין דער פּריַוויליקער לעש־בריגאַדע, אַקוראַט דעמאָלט, ווען דיַין אייגן הויז שטייט ביז צום דאַך אין פֿיַיער.

דאָס איז מיר איצט קלאָר ווי דער טאָג.

אַפּריל 1940

## הייליקע טעג — פֿאַרכטיקע טעג

### אַ תּפֿילה

דאָס איז אַ שמועס צווישן מיר און גאָט.
דעם ג׳ פֿון ישׂראל, וועלכן איך האָב פֿאַרלאָזט נאָך אין מיַין

יוגנט, ווײַל ער האָט מיך פֿאַרלאָזט, ווײַל ער האָט די וועלט אָנגעריִיצט אויף מיר און מיך אויף דער וועלט.

דעם ג׳, צו וועלכן איך האָב געפּרוּווט צוריקקומען נאָך אַ לאַנגיאָריקן קינדישן „ברוגז״, און ווען איך בין צוריקגעקומען אין זײַן תּפֿילה־שטיבל אַרײַן ערגעץ אויף ריווינגטאָן־סטריט, האָב איך מיך געפּילט פּונקט אַזוי צבֿועקיש, ווי דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב ווי אַ ייִנגל פֿון 15 יאָר געבראָכן אַ יום־כּיפּור־תּענית, און אַ טרויעריק־פֿאַרצווייפֿלטער־פֿאַרשאָלטענער געזעסן אויפֿן ווינטקאַלטן „האַוסטאָן סטריט דאַק״ און מיט די אויגן פֿאַרגראָבן אין ב. פֿײַגענבוימס אַן אַפּיקורסישן אַרטיקל עגמת־נפֿשדיק געמורמלט אין הימל... וואָרעם זע, ווי קלאָר און קאַלט און בלויז און ליידיק ער איז.

הײַנט קום איך צוריק — שוין צום לעצטן מאָל, צום לעצטן מאָל.

איך קום צוריק צום ג׳ פֿון ישׂראל און צווישן מיר און אים שטייט שוין מער קיינער נישט: ניט דער רבֿ און ניט דער רבי, ניט דער נבֿיא און ניט דער נשׂיא, ניט דער „זעער״ און ניט דער „פֿירער״ — נייך, צווישן מיר און ג׳ שטייט שוין הײַנט קיינער נישט. אַפֿילו די רעליגיע נישט.

אַנשטאָט אַרײַנצושיקן מײַן וויזיט־קאַרטל צו גאָט דורך אַ פֿאַרמיטלער, שטיי איך איצט פּנים אל פּנים מיט מײַן האַר און ג׳! ניט אָנגעקלאַפּט און נישט אָנגעמאָלדן שטיי איך איצט פֿאַר זײַן שטראַליקייט. מיטן נאַקעטן האַרץ שטיי איך פֿאַר אים. מיט אַלע מײַנע פֿאַרדעקטע וווּנדן, וואָס נאָר ער קען זען — ער, דער מײַסטער פֿון די יסורים־בלומען, וואָס וואַקסן אין די מדבריות פֿון אַ מענטשלעכער נשמה, קען זען און אָנטאַפּן און — היילן, אויב ער וויל, און אויפֿרײַסן נאָך טיפֿער — אויב ער וויל.

*

דאָס זײַנען נישט קיין ליטעראַרישע רייד. גאָט, האַר פֿון דער אוּמגליקלעכער, שמאַטעדיקער וועלט!

דאָס איז נישט קיין אָנשטעל, קיין גרימאַסע און קיין שוישפּיל. נישט אַפילו קיין פּאָעטישער אויסשטראָם פון אַ לעבן אַ פאַרהאַל־טענעם, מיט טויזנט שטיינער אָנגעוואָרפן ביז צו דערוואַרגונג.

ווי אַ שלעכט קינד צו אַ גוטן טאַטן, וועמענס הייסע שמיץ זײַנען אַ היילונג, קום איך צו דיר, אָבינו שבשמים, מורמלענדיק מיט מײַנע געפּענטעטע ליפּן:

— פאַרלאָז מיך נישט, אָ, ג׳, פאַרלאָז מיך נישט!

אין מײַנע לעצטע עטלעכע טריט, לעצטע עטלעכע טריט — פאַרלאָז מיך נישט, אָ, ג׳!

מיט גרויס מי שרײַב איך מיר איצט אָן מײַן טעגלעך ברויט. דאָס שרײַבן איז שווער. דאָס ברויט איז ביטער. און דו מוזסט מיר בײַשטיין, פאָטער פון אַלע קינדער פון דער ערד, פאָטער פון אַלע פאָטערס פון דער ערד.

געבויגן שטיי איך איצט פאַר דיר, אדון עולם, און בעט דיך: לויכט־אונטער אַ ביסל מײַנע לעצטע טריט, לויכט־אונטער אַ ביסל.

דער וועג איז נישט ווײַט פון סוף — אָט דאָרט ווו איך האָב פלאַמענדיקע בלומען־גערטנער געפלאַנצט, געטרוימט, אַז דער אָוונט־ווינט וועט די קילע, רויטע רויזן שיילן נעבן מײַן שטאָלץ־פאַרגיי־ענדיקן שאָטן... און איצט? אַנשטאָט רויזן־גערטנער פלאַקערט איצט דאָס פײַער פון אַלע גיהנומס, פלייצן לאַוועס און עס פלאַצן פעלדזן, און זיי שווימען אין די אויפגעקאָכטע וואַסערן פון דײַן צאָרן, אל רחום וחנון!

איז בעט איך דיך, ג׳: באַהיט מיך פון בייגן די קני פאַר מענטשן, פון פעלשן אינעם שטויבעלע אמת, וואָס גיט פאַר מיר אַ פינקל פאַרבײַ אין דער לאַנגער שורה פון פינצטערנישן, דורך וועלכע מײַנע קורצע, דערשראָקענע טעג קריכן צום אויסוועג.

און לעש נישט אויס אין מיר דעם טאַלאַנט, ג׳, פריִער ווי מײַן אָטעם!

מאַך נישט וואָכעדיק, מאַך נישט גלײַכגילטיק די פען, מיט

וועלכער איך האָב דאָך געמיינט — אַחוץ מײַן ברויט צו פֿאַרדינען — אויך רייַן און אָרנטלעך דעם מענטשנפֿאָלק צו דינען.

מיט דײַן פּונק, ג׳, וואָס דו האָסט אין אַ בייזער שעה פֿון דײַן זונמאַנטל אַרויסגעריסן, ווי אַ דערעסענעם דימענט, און מיר אים צוגעוואָרפֿן.

טו נישט אָפּ אָט די איינציקע קללה־ברכה פֿון מיר, אַדושם! פֿאַרשעם מיך נישט, ג׳, אין מײַנע לעצטע טעג פֿאַר מײַן אייגענער זעל, וועלכער איך האָב אין אַלע צײַטן אַזוי בכבֿוד געהאַלטן פֿון דײַן נאָמען וועגן, האַר פֿון דער וועלט, פֿאַר דײַן חן און חסד וועגן, וועכטער אין הימל, וואָס דו זעסט מײַן נאַכט אָנקומען...

## וועגן זיך אַליין...

כ׳וויס נישט ווי אַנדערע, נאָר איך בין (באמת) גוואַלדיק פֿאַר־אינטערעסירט אין זיך אַליין — אויך. אפֿשר אָן דעם „אויך״ — אויך. ערשטנס, פֿאַראינטערעסירט אין זיך ווי דער שפּאַקטיוו, דורך וועלכן איך קוק אויף דער וועלט און זאַכן (און דאָס מעג מען דאָך, לכל־הדעות). און, צווייטנס, בין איך טאַקע פֿאַראינטערעסירט אין דער אויסטערלישקייט פֿון דעם אַ שפּאַקטיוו, וואָס בעת ער קוקט אַ ביסל אויף דרויסנדיקע זאַכן, דרייט ער זיך אויס מיטן פּנים, מיטן פֿאָקוס, צו זיך אַליין, וועלנדיק זען דעם זעער אין אַלע פּאָ־זעס, אין וועלכע ער שטייט און זעט.

אַז איך בין שטאַרק באַקאַנט מיט דעם מענטשן, וואָס הייסט משה נאַדיר, דאָס קאָן איך נישט זאָגן. אַ ביסעלע. אַזוי פֿיל, ווי עס איז מעגלעך פֿאַר אַ שפּיגל, וואָס שפּיגלט זיך אַליין אָפּ. דאָס, וואָס איך זע, איז מסתּם אַן אָפּטישע אילוזיע — געוועבדט אין די פֿיל אָפּנאַר־בילדער, וואָס הויערן אין דער לופֿט פֿון דער מדבר — די מדבר וואָס איז וועלט און מענטש. אויך איז עס געוועבדט אין דער ריינקייט און אויפֿנעמבאַרקייט פֿון דעם שפּאַקטיווגלאָז, וואָס איז

איך־אַליין — אויף וויפל דער שפּאַקטיוו איז אויסגעשליפן אין די פּייערן פון פּיין, אויסגעגלאַנצט אין די הויכליכטער פון זעלבסט־דערקענטעניש.

איז — וועגן זיך אַליין טאַקע.
וועגן זיך — ווי אַ שריפטשטעלער.
דאָס מעג מען דאָך אַוודאי?

*

הײַנטיקס מאָל וועל איך ריידן וועגן דער לאַבאָראַטאָריע פון מײַן — פּע, וואָס פּאַר אַן אומדערטרעגלעך צו טויט־געשריבן וואָרט —· שאַפן!..·

וועגן מײַן אַרבעט.

„אַרבעט״ רוף איך דאָס: נישט פון באַשיידנקייט, ווי טייל מענטשן מיינען, נאָר ווײַל איך גלייב, אַז די גרעסטע זאַך, די הייליקסטע זאַך אין דער וועלט איז — טאַקע אַרבעט.

דאָס וואָרט „שאַפן״ טראָגט מיט זיך אַ בײַגעשמאַק פון עפּעס אַ ביליקער מיסטעריע. פון טעאַטער און פון מענטש־דערוויײַטערונג. אַז איר זאָגט „שאַפער״, זעט איר פאַר זיך אַ „שאַפנדיקן גײַסט״ מיט צעפּאַטלטע האָר, מיט אַ קויטיקן סאַמעט־זשאַקעט, ברילן, אַ לאַנגן שאַפטאַפּגעווירעטע בייגעלעך שאַפּפּאַפּיר, און דער שאַפער זיצט אומיסנע און ער שאַפט, און ער שאַפט, און ער שאַפט...

בעת ער שאַפט, גייט זײַן פרוי אַרום אויף די טשיפּקעס, מיט אַ שטענדיקן פינגער בײַ דער נאָז, און מיקעט און מאַכט צו די קינדער: „ששש... דער טאַטע שאַפט״.

אַז דער שאַפער דערהערט דאָס, ווערט ער נערוועז, גיט אַ שליס־אַוועק די פען, טוט זיך אַ הייב־אויף און אַ געשריי:

— מ׳לאָזט נישט לעבן — — לאָזט מען נישט!

*

דער שרײַבער פֿון דיזענע צײַלן „שאַפֿט" נישט, נאָר ער שרײַבט. ווי אַזוי ער שרײַבט, דאָס קען איך אײַך נישט זאָגן, ווײַל ער ווייסט נישט. צו וואָס ער שרײַבט, דאָס קען ער אײַך יאָ זאָגן אַ ביסל, נאָר עס וועט נישט אַרויסקומען קלאָר, ווײַל אויך אין אים איז עס אומקלאָר. ווען ער זאָל זײַן עמעצער אַנדערש — אַזאַ איינער, למשל, וואָס צום ערשטן מאָל שרײַבט ער עפּעס אָן, דערנאָך פֿאַרלאָזט ער זיך אויפֿן לייענער און אויף דער קריטיק, אַז מ׳וועט שוין ווי עס איז עפּעס אַרײַנטײַטשן אַהינצו, וואָלט אים די זאַך געווען גרינגער. ווי עס איז — איז עס נישט גרינג, ווײַל מ׳דאַרף אַלצדינג אַרויסשרײַבן בפּירוש און זיך קלאָר מאַכן — סײַ פֿאַר זיך אַליין, סײַ פֿאַר דעם לייענער. דער עיקר אָבער: פֿאַר זיך אַליין! מילא אַנדערע ווי אַנדערע. אָבער זיך אַליין אָפּנאַרן? מײַן גאָט! מיט זיך אַליין דאַרפֿסטו דאָך לעבן 24 שעה אַ טאָג. איז ווי אַזוי וועסטו זיך קוקן אין די אויגן אַרײַן, ווויסנדיק אַז דו זאָגסט דיר דעם אמת נישט?

אין דעם מוח בײַ מיר גייען טויזנטער זייגערס מיט אַ מאָל. ס׳איז ווי אַ ריזיקע זייגער־מאַכערײַ, ווו צײַט ווערט אָפּגעמאַרקירט דורך אַלערליי ציפֿער־פֿעדער־אינסטרומענטן, נאָר ווײַל דער צײַט־מאַרקיר איז אַזוי פֿיל, און ווײַל אויסנרוים איז אַזוי איבערגעפּאַקט מיט צײַטמעסטערס — קומען אָפּט אומרויִקע ווידערשפּרוכן פֿאָר, שלאָגן נישט אַלע אומרוען צום זעלביקן טאַקט. קלינגען נישט אַלע שעהען אין דער גלײַכער מינוט אָדער רגע, אין אייביקער איבערגעפּאַקטקייט פֿון רוימספּאַס, אין מישמאַש פֿון ווערטער און באַגריפֿן — יעדערער פֿון זיי טויזנט מאָל אָפּגעמאָסטן דורך אַן אינסטרומענט, וואָס איז אַנדערש געטײַמט[1], אַנדערש אָנגעצויגן.

רוישט עס אין מײַן אינערלעך לעבן. נישט ווי קיין מילשטיין, וואָס מאָלט מעל, נאָר ווי אַן אונטערערדישער צעריר פֿון הונדערטער פּלאַסטן מיט אַ מאָל, וואָס קאָן זיך אויסלאָזן, ענטוועדער אין

[1] אַרײַנגעפּאַסט אין דער צײַט („טײַם").

אַז ערד־ציטערניש, אָדער אין אַ בלויזן באַאומרו פֿון סיסמאָגראַף. און — מערקווערדיק איז עס — אַז אַמאָל, ווען די נאָדל ברעכט אויפֿן אַפּאַראַט, וואָס ווײַזט די ערד־ציטערניש, קומט אין דער אמתן גאָר נישט פֿאָר, אָדער עס איז שטיל פֿאָרגעקומען אונטער דער ערד און שטיל זיך אויסגעגלײַכט, נישט לאָזנדיק קיין אויבנאויפֿיקן שפּור. עס קאָן נאָר זײַן, אַז ס'איז — ווי יענע אַנומלטיקע מעשׂה — בלויז דערפֿאַר, וואָס עמעצער האָט געהאַקט האָלץ נישט ווײַט פֿונעם צימער, ווו מײַן סיסמאָגראַף שטייט, און אַז דער ציטער איז זיכער דער ציטער פֿון אַ קליין־נאָענטער צערירטקייט אײדער פֿון גרויס־ווײַטע קאַטאַסטראָפֿעס.

מײַנע שרײַב־שעהען? אַלע 24 שעה אַ טאָג — אָן אַ פֿאָרצוג פֿאַר וועלכער באַשטימטער שעה. מיט דער אויסנאַם, אפֿשר, פֿון די צוויי שעה ערבֿ און נאָך זון־אויפֿגאַנג, די שעהען פֿון מײַן טיפֿסטער מידקייט.

דאָס שרײַבן איז בײַ מיר אַ פּראָצעס פֿון ברענען. דאָס אויפֿהערן איז — לעשן. באַוווסטזיניק לעשן. איך קאָן נישט גלאַט אַזוי נישט שרײַבן. איך מוז מיך געדולדיק אַוועקזעצן און עס טאָן. כ'מוז מיך אַוועקזעצן פֿונעם גערודער פֿון שטאָט, אויף די פֿעלדער אַרויס, אין די איינזאַמקייטן אַוועק, כּדי איבערצוטראַכטן און איבער־איבערצוטראַכטן, ווי אַזוי צו פֿאַרגעסן אָט דאָס אַלצדינג, וואָס שטורעמט אַזוי אין מײַן געמיט, וואָס רײַסט אַלע געפֿעסן אויף פֿון מײַן גוף און גײַסט.

דאָס שרײַבן איז בײַ מיר אַ ביסל גרינגער ווי דאָס נישט־שרײַבן. נישט אויף קיין סך. נאָר אַ פּראָצענט. פֿונעם נישט־שרײַבן ווערט מײַן מוח דערוואָרגן, ווערט ער ברוין און בלוי פֿון אָנשטרענגונג; פֿון שרײַבן — ווערט ער בלויז מיד. דאָס ראָד פֿון מײַן טראַכטן איז אַ האַסטיקס און אַ גרויס. הייבט עס אָן גיין, קומט־אָן מיט אַנגסטן עס אָפּצושטעלן. שטעלט זיך עס אָפּ — קומט־אָן מיט אַנגסטן עס צו לאָזן ווידער גיין, עס צו לאָזן גיין אין איין ריכטונג, אַנשטאָט — אַהין און צוריק, אין פֿאַרלוירענער אומבאַשטימטקייט.

אָפּט מאָל פּאַסירט, אַז דאָס דאָזיקע מילשטיינראָד, וואָס דאַרף טרײַבן די מילן פֿון לעבנס־תּכלית, פֿון צוועקזין — דאַרף מאָלן ס׳ברויט פֿון עקסיסטענץ־רעכט — כאַפּט־אַרײַן אינעווייניק מײַנע ביינער, צעמאָלנדיק זיי אויף רויט, אויפֿן נאַסן רויט, אויף ברויט פֿון רויטן בלוט.

דער פּראָצעס פֿון מײַן אַרבעט? עס הייבט זיך אָן מיט פֿײַער און עס ענדיקט זיך מיט שווייס.

עס הייבט זיך אָן ווי אַ ווולקאַן, סטראַשענדיק מיך אַליין צו פֿאַרדעקן און אויסלעשן, און עס ענדיקט זיך (צײַטנווײַז) אין פֿײַנע, ווי נישט אומיסטנדיקע אָפּגעקילטע פֿאָרמען, און אַ מאָל בלויז אין ווילדער פֿאָרעמלאָזיקייט, אין מאַסיווע הרודעס, וואָס מ׳קאָן אין זיי גאָרנישט ניט אַרײַנטראַכטן — סײַדן שרעק און הילפֿלאָזיקייט.

וועגן דער אינערלעכער מעכאַניק פֿון מײַן שרײַבן ווייס איך כמעט גאָר נישט. איך ווייס בלויז, אַז עפּעס פֿאַרצערט מיך, עפּעס פּרעסט מיך. דאָס אַ גריזשען פֿון מײַנע ביינער איז קלאַנג, איז מוזיק. ס׳ווילדע שפּײַעכץ פֿון מויל, וואָס פֿאַרצוקט מיך, איז — ליסעוודיקע ליניע. מײַן ענדלעך נישט־ווערנדיקייט — די אומענד־לעכע פּלאַסטע פֿאַר צײַטלאָזן רוים, פֿאַר שלאָפֿלאָזער צײַט (דאָס לעצטע איז מיר אַ ביסל טונקל. אפֿשר וועל איך עס פֿאַרשטיין — מאָרגן, איבער מאָרגן. כ׳האָב געדולד און... צײַט).

*

מיט יאָרן צוריק בין איך אויף אַ שטיקל צײַט געוועזן אַ קונסט־העפֿטער. דאָס פֿאַך האָב איך גרינג און גרינטלעך אויסגעלערנט. די איינציקע שוועריקייט איז געווען — בײַם צופּאַסן קאָלירן פֿון די הונדערטערליי פֿעדעם, וועלכע זײַנען געלעגן אָנגעוואָרפֿן אויף פֿאַר־שטויביקע שפּולן, ערגעץ אין אַ פֿינצטערן ווינקל פֿונעם שאַפּ.

מיט דרײַסיק יאָר שפּעטער — בײַ דער קונסטהעפֿטערײַ פֿון געדאַנקען און שטימונגען, דורך ווערטער — בין איך כמעט פֿאַר דער זעלביקער דילעמע.

איך שרײַב־אָן אַ פּאָעמע אויף עטלעכע טויזנט שורות, שרײַב זי מיט אַ האַסט, ווי דער דאַך וואָלט איבער מיר געברענט; כ׳שרײַב בײַ טאָג און כ׳שרײַב בײַ נאַכט; כ׳שרײַב נאָטיצן אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר, מיט אַ בלײַפּעדער... האַלבע אותיות... קוים האָבנדיק צײַט אַרונטערצונאָטירן דעם פּלייץ פֿון געדאַנק און מוזיק, וואָס גייט איבער מיר. דערנאָך לאָז איך עס איבערשרײַבן אויף דער שרײַבמאַשין. כ׳שרײַב — די לעצטע יאָרן — נישט נאָך דער אַל־טער מעטאָדע פֿון אָנהייבן בײַ דער „א“ און אויסלאָזן בײַ דער „ת“ — כ׳האָב שוין געלערנט פֿון דערפֿאַרונג, אַז אַזאַ גלײַכקייט איז נישט מעגלעך כּמעט בײַ קיינעם! אויך גוטע מאָלערס, האָב איך געזען, הייבן נישט אָן קיין לעבנס־פּאָרטרעט פֿון שפּיץ קאָפּ און ענדיקן בײַ די פֿיס, נאָר זיי מאָלן־צונויף שטיקלעכווײַז, פֿון אַלע זײַטן, פֿון אַלע ווינקלען — ווי די שטימונג, דאָס ליכטבאַדינג, די פֿאַרטיקע פֿאַרב אויפֿן פּענדזל און אַנדערע פֿאַקטאָרן דיקטירן.

אַרבעט איך אַזוי טעג און נעכט — אַ מאָל וואָכן דורך אַנאַנד — ווי אַ באַזעסענער, אַ וואַנזיניקער. בײַ נאַכט וואַרפֿט עס פֿון בעט אַרויס צום בלײַשטיפֿט און פּאַפּיר. און נאָך אײדער איך בין צוריק אין בעט, פֿלייצן שוין אַנדערע געדאַנקען איבער מיר און ווילן מיך דערטרינקען. שלאָפֿן וועל איך שוין סײַ ווי סײַ נישט — כאָטש איך בין פֿיזיש זייער אויסגעשעפּט, פֿאַרמאַטערט ווי דער גוייִשער גאָט. נאָר קיין רו און קיין ראַסט קומט נישט. עס וועט קיין רו און קיין ראַסט נישט קומען, ביז איך וועל — ווער ווייסט וויפֿל וואָכן שפּע־טער — זײַן אַנטלאַסטיקט פֿון די געדאַנקען און פֿאָרמען, וואָס מו־טשען מיך און פֿאַרפּײַניקן מיך.

דערנאָך וועל איך רוען — אַ וואָך, צוויי. אַ טויטלעך געפֿיל פֿון נוצלאָזיקייט, פֿון איבערדריסיקייט וועט קומען איבער מיר, ווי (פֿיזישער פֿאַרגלײַך) פֿון גוואַלדיק איבערגעפֿרעסענער זאַטקייט. עס ווערט טונקל אויף מײַן ערד. ווילנלאָז גיי איך אַרום און טו אויטאָ־מאַטיש מײַן טעגלעכע אַרבעט. דאָס אָנגעשריבענע קוק איך נישט אָן. כ׳מײַד־אויס צו קומען נאָענט דערצו. ביז מיט אַ מאָל... אין איין

שיינעם אָדער פּאַסקודנעם פֿרימאָרגן — דערמאָן איך מיך, אַז מײַן גאַנצע מי און מאַטער איז אַרויסגעוואָרפֿן, אויב כ׳וועל נישט האָבן דעם קוראַזש צו קוקן מײַן ווערק אין פּנים אַרײַן. נאָכלעסיק און נישט־ווילנדיק נעם איך זיך דערצו. עס קומט די פֿײַנלעכע אַרבעט — נישט אַזוי פֿאַר איבערשרײַבן, צונויפֿשרײַבן, פֿאַרענגעווען 12 נישט־פֿעסטע שרויפֿן, ווי דאָס „מעטשען״ — דאָס צופּאַסן די גענויע פֿאַרב, דעם גענויעם עמאָציאָנעלן און געדאַנקלעכן ניואַנס צו אַ זאַך, וואָס באַשטייט (געוויינלעך) פֿון אומענדלעכע קאָליר־ניואַנסן, אָפּשאָטונגען, פֿאַרווייכונגען...

טייל מאָל ליגט דאָס פֿאַרריכטע — ווי אַ לאַטע, מיט אַ קענטיקלעכן דרויסן־קאָליר, וואָס איז אַ פֿערטל טאָן אַרונטער פֿון „שליסל״... דאָס איז אַזוי פֿאַרדראָסיק! אָבער וואָס מער דו אַרבעטסט צווישן די פֿאַרשטויבטע פֿעדעם־שפּולן פֿון דײַן טונקעלער לאַבאָראַטאָריע, אַלץ מער אָפּגעמאַטערט ווערט זײַן דײַן קאָלירזין. אויף גאַנצע שעהען ווערסטו אָפּט קאָלירבלינד. עס דאַכט זיך דיר: עס וועט דיר שוין קיין מאָל נישט געלינגען אַרײַנצושטוקעווען עפּעס דאָרטן, ווו דו האָסט אַ שניט געמאַכט — אַ וואָרט, אַ סטראָף אָדער אַ קאַפּיטל אַרויסגעוואָרפֿן...

נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל לייגסטו צו דעם צירעווע־פֿאָדעם צו דעם אויסגעשטיקטן מוסטער און צו דעם גאַנצן געוואַנט. דורך אַ ריינעם צופֿאַל וועט עס אַ מאָל פּאַסן אַקוראַט. דורך אַ נס. אָבער נישט אַנדערש! אַז דאָס געשעט, ביסטו אַזוי דערפֿרייט דערפֿון, אַז דאָרטן, ווו דו האָסט געשריבן טויזנט אָריגינעלע שורות, לאָמיר זאָגן, אין אַ טאָג, וועט דיר איצט דויערן אַ טאָג אַרײַנצופּאַסן צען ווערטער...

*

**קעגן** וואָס — עפּעס מיט אַ מאָל?

**איך** ווייס אַליין נישט.

ניין, כ׳ווייס יאָ, נאָר ס׳וועט קלינגען ווי באַרימעריש אײַך צו דערציילן, אַז איך בין אָט ערשט פֿאַרטיק (ווי איר קוקט מיך אָן)

**פֿאַרטיק געוואָרן מיט אַ גרויסער פּאָעמע, פֿון העכער דרײַ הונדערט דרוקזײַטן...**

**הם... און וואָס איז דאָ אומבאַשיידן? וואָסער טובֿה וועט מיר, אַ שטייגער, אַרויסקומען דערפֿון, וואָס איר ווייסט צי איר ווייסט נישט דערפֿון? און וואָס וועט מיר העלפֿן רעקלאַמע אין אַ וועלט מיט אַזוי ווייניק פּאָעזיע־לייענערס? און וואָס וועט מיר שוין אַפֿילו אַרויסקומען, אַז דאָס בוך וועט זײַן אָפּגעדרוקט? גלייב איך דען אין אומשטאַרבלעכקייט? און בין איך דען מײַן נאָמענס קנעכט, איך זאָל אים די שטיוול פּוצן? — דאָס בין איך טאַקע נישט! נאָר ס׳געפֿיל איז פֿאָרט אַ וווּנדערלעכס! ס׳איז אַ געפֿיל, ווי איך וואָלט געגאַנגען אויף איינזאַמע פֿאַרעם־סטעזשקעס און מיט אַ מאָל געפֿונען אַ בוך — אַזאַ פֿרעמדס, אַזאַ אומפֿאַרשטענדלעכס און אַזאַ — אָנגענעמס!**

ניו־יאָרק 1938

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון משה נאַדירס לעבן און שאַפן



בלעטער פון געשיכטע, שפּראַכפאָרשונג, קריטיק און זכרונות

איציק מאַנגער

# משה נאַדיר

— 1 —

## נאַדירס בריוו

אין 1942 — אַ יאָר פאַר זײַן טויט — האָט משה נאַדיר אָפּגעדרוקט זײַן „פאַרשפעטיקטן ענטפער צו איציק מאַנגער". אין אָט דעם דראַמאַטישן בריוו באַרירט נאַדיר אַ סך אָנגעווייטיקטע פראַגעס פון אונדזער שפראַך און ליטעראַטור. ער ווייטיקט איבערן אונטערגאַנג פון ייִדיש, ער רעזאָנירט איבערן אונטערגאַנג פון שפראַכן בכלל. אָט, למשל, איז גריכיש אונטערגעגאַנגען; אָט איז לאַטייניש אונטערגעגאַנגען. שפראַכן מיט רײַכע קולטורן, אָבער — טענהט ער און איז גערעכט — ייִדיש גייט־אונטער אַנדערש ווי יענע קלאַסישע שפראַכן. דער אונטערגאַנג פון ייִדיש איז אַ סך טראַגישער. ער טרייסט אָבער זיך און מיך: „אויב דער אונטערגאַנג איז אַ סך טראַגישער, וועט דאָס געפינס פאַר דער וועלט זײַן אַן אומגעריכטער, ווען מען וועט אַ מאָל אויסגראָבן אונדזער שפראַך און ליטעראַטור".

איך ווייס נישט, צי נאַדיר האָט געוווסט דעם גאַנצן פאַרנעם פון אונדזער חורבן אין אייראָפּע ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט דעם בריוו. איין זאַך איז קלאָר: ער האָט זיכער נישט געקאָנט וויסן וועגן דער גרוזיניש־אוקראַיִנישער פאַרשווערונג צו פאַרניכטן אין נאָמען פון „סאָציאַליזם" די ייִדישע שפראַך און קולטור אין סאָוועט־רוסלאַנד.

מײַן געפיל איז, אַז ער האָט געהאַט אין זינען מער די לאַגע פון ייִדיש און דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, ווען ער האָט געשריבן זײַן טרויעריקן בריוו צו מיר. די לאַגע איז שוין דעמאָלט אין 1942 נישט געווען קיין פייגלדיקע. „די דיכטערס פון נעכטן" האָבן שוין לאַנג געפוילט אין די קברים. קיין נײַע האָבן זיך נישט באַוויזן. און אויב יאָ זײַנען די אָפּנעמערס פון דער ליטעראַטור געוואָרן ווינציקער און ווינציקער. „די מורא פאַר פאַרגעסן ווערן" האָט איצט געפּײַניקט, ווי זי פּײַניקט יעדן איינעם, וואָס האָט עפּעס אויפגעטאָן פאַר זײַן פאָלק און ליטעראַטור. און ווי פאַרגעסט מען דאָס אַזאַ שפראַך און

אַזאַ ליטעראַטור? ס׳איז באמת טראַגיש און ווייטיקלעך זיך צוצוקוקן, ווי אַ פֿאָלק פֿאַרלירט די אידענטיפֿיקאַציע מיט זײַן אייגענער שפּראַך און זײַן אייגענעם שאַפֿערישן אויסדרוק.

— 2 —

## דער פֿאַרגעסענער נאַדיר

משה נאַדיר איז געשטאָרבן אין יוני 1943. זײַנע ביכער זײַנען שוין לאַנג נישט פֿאַראַן אויפֿן ביכערמאַרק. פֿון צײַט צו צײַט פֿרעגט זיך אָן אַ לייענער, ווו מען קאָן באַקומען נאַדירס אַ בוך. און ס׳ווערט ווײַטער שטיל. די אַלמנה היט זײַנע איבערגעלאָזטע מאַנוסקריפּטן, אפשר וועט זיך געפֿינען אַ פֿאַרלאַג, אַ פּריוואַטער אָדער אַ געזעלשאַפֿטלעכער, וואָס וועט אַרויסגעבן כאָטש אַן אָפּגעקליבענעם טייל פֿון זײַנע ווערק, — און אָט דער וווּנדערלעכער מײַסטער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער פּראָזע וועט אויפֿלײַכטן פֿאַר די ייִנגערע דורות מיט דער זעלביקער שיינקייט ווי ער האָט געליכטיקט פֿאַר זײַן אייגענעם דור.

אויב פֿאַרגעסן איז אַן עוולה איז באַוווּסטזיניק פֿאַרשווײַגן אַן עבירה, וואָס מען קאָן נישט אַזוי גרינג מוחל זײַן.

משה נאַדיר ווערט באַוווּסטזיניק פֿאַרשוויגן פֿון אונדזער אַזוי אָנגערופֿענער קריטיק. אַ מין קאָנספּיראַציע פֿון פֿאַרשווײַגן. אַ פּאָר בײַשפּילן וועלן זײַן גענוג, כדי צו אילוסטרירן דעם דאָזיקן פֿאַקט.

מײַנער אַ פֿרײַנד האָט געהאַלטן אַ רעפֿעראַט פֿאַרן ייִוואָ אין ניו־יאָרק. דער רעפֿעראַט איז שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן, דאַכט זיך, אין די זאַמלביכער פֿון לייוויק־אָפּאַטאָשו. דער רעפֿעראַט האָט געהייסן „דער ייִדישער פּראָזעסטיל אין אַמעריקע״. אַן אינטערעסאַנטע טעמע. גוט אָנגעשריבן. נאָר וואָס דען? משה נאַדיר ווערט קיין איינציק מאָל נישט דערמאָנט. אַנדערע און אַ סך מינדערוויכטיקערע נעמען ווערן עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. פֿרעגט יעדער, וואָס האָט אַ שטיקל אַנונג וועגן „ייִדישן פּראָזעסטיל אין אַמעריקע״, ווי קאָן מען אויסלאָזן דעם נאָמען משה נאַדיר? דאַכט זיך, אַז לאַמעד שאַפּיראָ און משה נאַדיר זײַנען געווען די צוויי גרויסע פּראָזע־סטיליסטן אין אַמעריקע, וואָס האָבן דאָ און דאָרט באַאײַנפֿלוסט אַנדערע ייִדישע שרײַבערס. דער איצט פֿאַרשטאָרבענער ש. מילער האָט געהאַט אָפֿן דערקלערט זיך פֿאַר אַ תלמיד פֿון לאַמעד שאַפּיראָ. און ס׳איז נישט געווען קיין אומכבוד פֿאַר אים צו האָבן אַזאַ רבין. אָבער די תלמידים פֿון משה נאַדיר האָבן נישט די דאָזיקע אויפֿריכטיקייט — פֿאַרקערט, זיי לייקענען גאָר. נאָך מער: זיי זײַנען די וואָס לייקענען־אָפּ די נאַדיר־געשטאַלט אין גאַנצן.

אַ באַרימטער פּאָעט, פּראָזע־שרײַבער און קריטיקער האָט אַ סך צו פֿאַרדאַנקען דעם אײַנפֿלוס פֿון משה נאַדיר. אײַנפֿלוסן זײַנען נישט קיין עוולה. מאַפּאַסאַן האָט געשטאַלצירט מיט דעם וואָס פֿלאָבער איז געווען דער, וואָס האָט אים געלערנט ווי אַזוי צו שרײַבן, פּונקט ווי ש. מילער איז געווען שטאָלץ מיט זײַן רבין לאַמעד שאַפּיראָ.

אָבער וואָס טוט אונדזער באַרימטער פּאָעט, פּראָזע־שרײַבער און קריטיקער? פּריוואַט פֿאַרלייקנט ער אין גאַנצן דעם ווערט פֿון משה נאַדיר; אין זײַנע עסייען דערמאָנט ער קיין מאָל נישט דעם דאָזיקן נאָמען.

דער פּאָעט פֿון „יאַכטשע־בעבע" און פֿון „נתן, איך גיב דיר אַ פּראַסק"; דער קריטיקער וואָס האָט אויפֿגעשטעלט די חנעוודיקע טעזע פֿון „דער קריטישער הון", וואָס מוז לייגן אַ סך קריטישע אייער אַרום ווערק פֿון אַ שרײַבער, ביז ס'בויט זיך אויף זײַן רעפּוטאַציע, אויב נישט — איז עפּעס נישט אין אָרדענונג. אויב די רעפּוטאַציע פֿון אַ שרײַבער קומט אָן די „אייער" פֿון דער „קריטישער הון", איז הימל עפּן זיך...

פֿאַרשטייט זיך, אַז די טעזע פֿון דער „קריטישער הון" האָט די ווערט פֿון אַן אויסגעבלאָזן איי. די „קריטישע הון" האָט אַ לאַנגע צײַט נישט אָנערקענט שלום עליכם. דער דאָזיקער גאון איז פֿאַר זיי געווען צו וווּלגאַר, צו ווייניק ליטעראַריש. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז צווישן די, וואָס האָבן אָנגענומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו שלום עליכמען, זײַנען געווען אַזעלכע פֿײַנע, אינטעליגענטע קעפּ ווי ש. ניגער, א. ווײַטער און אליעזר שטיינמאַן. די „קריטישע הון" איז געקומען אַ סך, אַ סך שפּעטער און גענומען „לייגן אייער" אַרום שלום עליכמען, אָבער זײַן רעפּוטאַציע איז שוין געווען אַ געמאַכטע. נאָר פֿון דעסט וועגן וואָלט עס געווען אַן אַקט פֿון ליטעראַרישער דאַנקבאַרקייט, ווען אונדזער קריטיקער וואָלט געלייגט אַ פּאָר „פֿרישע אייער" אַרום דעם ווערק פֿון זײַן לערער — משה נאַדיר.

נאָך איין בײַשפּיל וועגן דער נעגאַטיווער באַציִונג צו דעם פֿאַרגעסענעם משה נאַדיר.

אַ טאַלאַנטירטער קאָלומניסט פֿון אַ ייִדישער טאָגצײַטונג, וואָס שרײַבט וועגן אַלץ אין דער וועלט; פֿון צײַט צו צײַט אויך וועגן ייִדיש־ליטעראַרישע ענינים. אַ מאָל שרײַבט ער אין אַ פּראָסטן מיטוואָך און אַ מאָל בײַ אַ ספּעציעלער געלעגנהייט, ווי אַ יאָרצײַט. האָט אַ לייענער פֿון דער צײַטונג אָנגעפֿרעגט דעם באַרימטן קאָלומניסט, פֿאַר וואָס ערווידמעט נישט אַ מאָל אַ קאָלום דעם לייענערס באַליבטסטן הומאָריסט — משה נאַדיר. איך האָב נישט דעם ענטפֿער פֿון דעם קאָלומניסט בײַ דער האַנט. אָבער איך געדענק זייער גוט דעם אינהאַלט: ערשטנס, פֿאַרזיכערט דער קאָלומניסט זײַנע לייענערס, אַז נאַדיר האָט געמאַכט זייער אַ פֿײַן לעבן פֿון זײַן שרײַבן. ער האָט אַפֿילו איבערגע־

לאָזט אַ הויז און היפּש געלט. צווייטנס, איז נאַדיר נישט אַזאַ וויכטיקער שרײַבער, אַז ער, יאָקל בן פלעקל, זאָל אים דערמאָנען. דריטנס, איז נאַדיר בכלל נישט געווען קיין שרײַבער, נאָר אַן אַבסאָלוטער גאָרנישט. איר הערט, אַן אַבסאָ־לוטער גאָאָר־נישט.

— 3 —

## שלום עליכם און משה נאַדיר

א. אַלמי דערציילט אין זײַן עסיי וועגן משה נאַדיר אָט וואָס:

— אַ גרופּע יונגע שרײַבערס, דער עיקר יונגע הומאָריסטן, האָבן גע־פרעגט בײַ שלום עליכמען אַ מיינונג וועגן דעם דעמאָלט יונגן נאַדיר, וואָס האָט נאָך אין יענע צײַטן געהייסן יצחק רײַז. שלום עליכם האָט פאַרגליכן דעם יונגן נאַדיר מיט פריש געפאַלענעם שניי, וואָס איז ליכטיק און שיין, אָבער וועט צעגיין ווי יעדער פריש געפאַלענער שניי.

אַלמי איז נישט מסכים מיטן פאַרגלײַך „פריש געפאַלענער שניי"; ער מיינט, אַז „שאַרפער, שלאָגנדיקער האָגל" איז אַ מער פּאַסיקער פאַרגלײַך פאַר משה נאַדיר.

וועלן מיר דאָ נישט פּאָלעמיזירן מיט ביידע פאַרגלײַכן. מיר וועלן נאָר פעסטשטעלן, אַז אַ גרופּע יונגע הומאָריסטן זײַנען געווען אַזוי פאַרכישופט פון דער נאַדיר־פּערזענלעכקייט, אַז זיי האָבן געוואָלט הערן דווקא פון שלום עליכמען אַ מיינונג וועגן דעם יונגן, אויפגייענדיקן שטערן פון ייִדישן הומאָר.

איז טאַקע דער פאַרגלײַך צווישן שלום עליכם און משה נאַדיר דער בעס־טער אופן צו געפינען דעם וועג צו דער געשטאַלט: משה נאַדיר.

שלום עליכם איז אַן אָנהייב; משה נאַדיר — אַ סוף.

סײַ שלום עליכמס פּראָזע, סײַ נאַדירס פאַרמאָגט אַ לירישע קוואַליטעט פון אַ הויכן ווערט.

שלום עליכם איז דער גרויסער געשטאַלטיקער, נאַדיר — דער גרויסער קאַריקאַטוריסט.

ס'איז גענוג צו פאַרגלײַכן טביה דער מילכיקער מיט נאַדירס דער קליי־נער איזי.

טביה דער מילכיקער איז אַ מאָנומענטאַלע געשטאַלט. קלאַסיש־ייִדיש און גרויסמענטשלעך. ער איז נישט קיין תלמיד־חכם, נאָר אַ חכם. ער פאַרמאָגט די גרעסטע חכמה אין דער וועלט — די חכמה פונעם האַרץ. ווען ער טענהט זיך אויס מיטן גלח וועגן זײַן פאַרפירטער טאָכטער, חווה, רעדט ער צו אים נישט וועגן „נאַש גאָט", „וואַש גאָט", נאָר וועגן יושר און מענטשלעכקייט.

„די מלחמה צווישן געטער" האָט זיך ערשט צעפלאַקערט דאָ אין אַמע־ריקע צווישן די ייִדישע שרײַבערס אין דער אַטאָמישער תקופה.

שלום עליכם האָט נישט אויסגעזויגן זײַנע געשטאַלטן פֿונעם פֿינגער. ער האָט זיי באַגעגנט אין דער „טשערטאַ": טיפֿן און געשטאַלטן, וואָס דאָס ייִדישע דורותדיקע לעבן האָט זיי אויסגעפֿורעמט.

אויך נאַדיר האָט זײַנע קאַריקאַטורן נישט אויסגעזויגן פֿונעם פֿינגער. ער האָט נאָר אַ ביסל „צוגעפֿעפֿערט", וואָס איז דאָס רעכט פֿון יעדן קינסטלער.

דער קליינער איזי איז אַן אַמעריקאַנער ייִד. ער האָט אָנגעהויבן ווי אַ שאַפּ־אַרבעטער, זיך אַרויפֿגעאַרבעט „פֿראָם סקרעטש", ביז ער איז געוואָרן דער באַלעבאָס פֿון אַ זומער־האָטעל אין די בערג. נאַדיר כאַפּט דעם קליינעם איזי אין זײַן גאַנצן ווילטאָג. די „ביזנעס" זײַנען אָלרײַט. דער האָטעל ווערט אַלץ גרעסער, די געסט ווערן מערער און מערער. דער קליינער איזי פֿילט זיך גוט, ואָס בעסער קאָן גאָר נישט זײַן. נאָר הערט:

— „דער קליינער איזי שטעלט־אַרײַן אַ פֿוס אין קאַלטן שטראָמעלע, בייגט זיך אָן און גיט אויף זיך עטלעכע שפּריץ מיט וואַסער און אַ מאַך: אַ! עס שמעקט דער מיטן־העלער־טאָג. דאָס רעדל אויפֿן הימל שמייכלט, ווי ס׳רעדל פֿון אַ טײַערן גאָלדענעם אויטאָמאָביל. פֿונעם געבלעטער אין די קוסטער שפּרינגט־אַרויס אַ ווערוורעקל, בלײַבט שטיין אויף צוויי פֿיסלעך, מיט אָנגע־שפּיצטע ציטערדיקע אויערלעך. גאָטס וועלטל איז שיין! — טראַכט דער קליי־נער איזי, זיצנדיק אין זײַן מקווהלע, אַ צונויפֿגעקאָרטשעטער, ווי אין אַ שיסל וואַסער... גאָטס וועלטל — טפֿו זאָל עס ווערן... ער כאַפּט זיך, אַז ער חזרט־איבער זײַן קאָנקורענטס ביזנעס־מאָטאָ..."

דער קליינער איזי לעבט אין נאַדירס גלענצנדיקער הומאָרעסקע. מיר לאַכן פֿון דעם קליינעם איזי און זײַן מורא אַרויסצוזאָגן דאָס פּשוטע „גאָטס וועלטל איז שיין", ווײַל עמעצער האָט שוין דעם זאָג פּאַטענטירט.

אַ גאַנצע מענאַזשעריע פֿון „קליינע איזיס" ווימלט אין נאַדירס אומצייי־ליקע הומאָרעסקעס. ווער וועט באַשולדיקן דעם שפּיגל פֿאַר דעם, וואָס ער שפּיגלט־אָפּ? ס׳איז ייִדיש־אַמעריקאַניש. און ס׳קאָסט מיך אַ לאַך, און איך לאַך מיט דיר, משה נאַדיר!

— 4 —

## משה־לייב און משה נאַדיר

משה נאַדיר האָט פֿאַרלאָזט זײַן גאַליציש היימשטעטל נאַראַיעוו, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר צוועלף. מער האָט ער דאָס שטעטל נישט געזען דאָס גאַנצע לעבן זײַנס. אָבער אין זײַנע ווערק שפּילט דאָס קליינע גאַליצישע

שטעטעלע אַ גרויסע ראָלע. ס׳איז דאָס אָרט פון זײַנע פרײַע קינדער־יאָרן. דערפאַר האָט עס אַ רעכט אויף אַלע זײַנע בענקשאַפטן. ווען ס׳ווערן אים נמאס די קליינע איזיס, די גענײאַלע אידיאָטן, די לייזער־עליעס מיט זייערע „פּעטענץ״ פון דער נײַער וועלט, קערט ער זיך אום אויף די פליגל פון דערמאָנונג און אילוזיע צום שטעטל פון זײַנע קינדער־יאָרן.

און קיין מאָל קומט ער נישט צוריק מיט ליידיקע הענט. אָט ברענגט ער אונדז די פּרעכטיקע דערציילונג וועגן זײַן „ערשטע ליבע״, וואָס ער האָט געשפּילט בשותפות מיט נאָך פינף חדר־ייִנגלעך אין יענע ווײַטע שיינע חדר־יאָרן.

אַוודאי האָט דאָס ייִדישע שטעטל אין גאַליציע פאַרמאָגט טיפן און געשטאַלטן וואָס זײַנען ווערט געווען צו פאַרצייכענען. נאַדירן זײַנען אָבער געבליבן אין זכרון בלויז זייערע שאָטנס: צו פרי אַוועקגעפאָרן פון דער היים. אים איז פאַרבליבן אַ ניגון אין געמיט און דער ניגון באַגלייט אַלע שאָטנס, וואָס ציטערן־אויף אין זײַן זכרון. צום בולטסטן זעען מיר די געשטאַלט פונעם פעטער איציק. ער איז מער ווי אַ לירישער שאָטן. ער איז אַ לעבעדיקע און אָריגינעלע געשטאַלט, וואָס לאָזט זיך נישט אַזוי לײַכט פאַרגעסן.

די נאַראַיִעוו־ראָמאַנטיק האָט ערגעצווו באַלאַנסירט זײַן שאַרפן און ביטערן סאַרקאַזם. בײַ דער מינדסטער אַנטוישונג האָט ער געהאַט איין פאָרטל: „אַהיים קיין נאַראַיִעוו״. און ס׳איז אים גרינגער געוואָרן — און אונדז ליכטיקער געוואָרן אויף דער נשמה.

נאַראַיִעוו איז אַ ליכטיקער פונקט אויף דער מאַפּע פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אויף וויפל די נאַראַיִעוו־אילוזיע איז געווען נייטיק פאַרן קינסטלערישן גלײַכגעוויכט פון משה נאַדיר, קאָן מען ערשט דערפילן, ווען מען פאַרטראַכט זיך וועגן פאַטעטישן גורל פון משה־לייב האַלפּערן.

משה־לייב איז אַוועק פון זיין היימשטעטל זלאָטשעוו אָן אילוזיעס. נישט די ייִדן און נישט די גויִים זײַנען אים געווען „צום האַרצן״. די „גאָלדענע מדינה״ איז געווען די גרויסע אילוזיע פון זײַן דור. „מיט אַ האַרץ וואָס זינגט״ האָט ער געזעגלט צום ראַנדעווו מיט „גאָלדע גאָלדינע״, ווי ער האָט אָנגערופן אַמעריקע.

זײַן בוך אין ניו־יאָרק איז אַ זאַמלונג פון גרויסער און עכטער ליריק, אָבער אַפילו אין דעם ערשטן בוך פילט מען אַז עפּעס ברעכט זיך איבער. אַ ביטערער טראָפּן פון אַנטוישונג, פון צער און צאָרן רײַסט זיך אַרײַן אין דער לירישער מעלאָדיק פון משה־לייבס ליד.

אויך משה־לייב האָט זיך צונויפגעשטויסן מיט די פאַרשיידענע קליינע איזיס פון דער אַמעריקאַנער ייִדישער ווירקלעכקייט.

גרויסער פּאָעטישער סטיל — און די וועלט פונעם קליינעם איזי, ווו אַפילו דאָס פּשוטע ווערטל „גאָטס וועלטל איז שיין" איז אַ ביזנעס-פּאַטענט. עפּעס גראַמט זיך נישט. הייסער ראָמאַנטישער אָטעם און דאָס זעלבסטצופרידענע פּאַטשן זיך אין בײַכל פונעם קליינעם איזי, וואָס אָט־אָט ציט ער אַרויס דאָס טשעקביכל פונעם פּופּיק ממש.

„גאָטס וועלטל איז שיין, יו נאָו. אָבער איז טאָר עס נישט זאָגן, יו נאָו. ס'איז מײַן קאָנקורענטס ביזנעס, אָבער יו... וואָט'ס יור נעים? משה־לייב... פאַני נעים... איי'ל קאָל יו... הם... סטענלי... ס'איז אַמעריקאַניש, יו קענ'ט סעי גאָטס וועלטל... איף יו נאָו וואָט אײַ מין..."

דאָ האָט זיך משה־לייב צעלאַכט שאַרף, ביטער, סאַטיריש. גיי, לייען פאַרן קליינעם איזי און זײַנס גלײַכן די גראַנדיעזע „ים־לידער", וואָס אַזוינס איז נישט געשריבן געוואָרן זינט יהודה הלוי, זינט בײַראָנס „טשיילד האַראָלד" און היינעס „נאָרדזעע־ציקל"!...

דאָ קומט־פאָר די פאַרוואַנדלונג פון משה־לייבן — זײַן פּאָעטישער גילגול. אויב ער קען נישט נעמען די קליינע איזיס מיט זײַן פּאָעטישער סענסיביליטעט, וועט ער זיי שאָקירן ביזן ביין. אויף זייער גראָבהויטיקייט וועט ער שיסן מיט נאָך גרעבערע ווערטער. אויף זייער גראָטעסקער עקסיסטענץ וועט ער ענטפערן מיט אַ נאָך מער גראָטעסקער וויזיע.

משה־לייב און משה נאַדיר זײַנען געווען נאָענטע פרײַנד. נאַדיר האָט כסדר געשריבן וועגן משה־לייבן מיט אַ סך ליבשאַפט. משה־לייב האָט אויסגעבאָרגט נאַדירס געשטאַלט און אָנגעשריבן איינס פון זײַנע גרויסע לידער פונעם צווייטן פּעריאָד „משה נאַדירס לייזער־עליע, אָט דער פון דער אַלטער היים".

די צוויי משהס פאַרבינדט עפּעס מער ווי בלויז זייער גוט־ברודערשאַפט בײַם לעבן. פאַראַן שײַכותן אין סטיל און אין דער קינסטלערישער קאָנצעפּציע. דאָס, וואָס ס'פאַרבינדט זיי, איז דער חוש פאַרן גראָטעסקן הומאָר. דאָס, וואָס ס'צעשיידט זיי, איז נאַדירס לירישער סענטימענטאַליזם. נאַדיר האָט אין זיך געראַטעוועט די קינדער־יאָרן פון דער אַלטער היים. משה־לייב איז ווי פון אַ שטיין געבוירן. האַרט, נישט סענטימענטאַל, אַ פאַרפאַלענער אויף אייביק אין דעם אינפערנאָ פון דער נײַער צײַט און דער נײַער וועלט.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ פ׳ געניע **נאַדיר־מאַנגער** האָט דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפט בײַם ייִוואָ** געגעבן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אָט דעם באַנד, וואָס איז דער 45סטער באַנד מוסטערווערק **פון דער ייִדישער ליטעראַטור,** אַרויסגעגעבן דורכן **יוסף ליפשיץ־פאָנד.**

◈ דער נאָמען פון דעם בוך, **הומאָר, קריטיק, ליריק,** כאַראַקטעריזירט דעם **צוגאַנג** פון דער רעדאַקציע **צו משה נאַדירן.** דער טיטל „אויסגעקליבענע שריפטן״ וואָלט אפשר פּאַרפירט, וואָרן עס וואָלטן זיך דורכגעגליטשט אַזעלכע **שריפטן,** וואָס האָבן טאַקע געמאַכט אין זייער צײַט אַ גרויסן טומל, אָבער משה **נאַדיר** אַליין האָט זיך פון זיי לסוף אָפּגעזאָגט.

◈ ס׳וועט גאָר נישט חידושן, מסתמא, אויב אויך דער אָפּקלײַב, וואָס גייט־אַרײַן אין דעם באַנד, וועט אַרויסרופן **חילוקי־דעות.** וועגן אַלץ, וואָס משה נאַדיר האָט אָנגעשריבן, איז לײַכט צו **פּאָלעמיזירן.** און קיינער האָט אַזוי פיל נישט פּאָלעמיזירט **מיט זיך אַליין** ווי משה נאַדיר...

◈ נאָר און בלויז לשם מוסטער איז אין דעם באַנד אַרײַן **עפּעס** פון משה נאַדירס צאָלרײַכע **טעאַטער־טעקסטן.**

◈ דער דאָזיקער באַנד איז אפשר **דער בעסטער עדות,** אַז די **מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור** זײַנען אין פּרינציפּ פרײַ פון דער אומטאָלעראַנץ און ווינקלדיקייט, אין וועלכער גרויסע שרײַבערס זײַנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אָדער האָבן זיך אַליין אַוועקגעשטעלט בײַ זייער לעבן — **דער ליטעראַטור־היסטאָרישער צוגאַנג פון די מוסטערווערק** זוכט און באַמיט זיך אַוועקצושטעלן יעדן וויכטיקן שרײַבער **אויפן אָרט, וואָס** אים **קומט** און מיט וועלכן ער האָט בײַגעטראָגן פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור.

ש. ר.

**Joseph Lifshitz Fund**




**ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק**

## מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסג׳ שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יידי׳ פֿאָלקסלידער,** 2טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסג׳ שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
4) מענדעלע — **מסעות בנימין השלישי,** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע,** קריזיס, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זײַטן)
8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פּינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (216 זײַטן)
11) י. ל. פּרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט,** 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פּרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט, 2טע אויפֿלאַגע** (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסג׳ שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (240 זײַטן)
14) דוד האָפֿשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער — **שריפֿטן** (272 זײַטן)
15) מרדכי ספּעקטאָר — **דער יידישער מוזשיק,** ראָמאַן (272 זײַטן)
16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זײַטן)
17) **שלום עליכם — מנחם־מענדל,** 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסג׳ שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי,** א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאָרג** (פּיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)
20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (384 זײַטן)
21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער** (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פּוילישע וועלדער** (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זײַטן)
25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — **זכרונות** (352 זײַטן)
27) שלום עליכם — טבֿיה דער מילכיקער 2טע אויפלאַגע (288 זײַטן)
28) אַבֿרהם רייזען — **אויסג׳ שריפֿטן,** 2טע אויפלאַגע (320 זײַטן)
29) **אַנטאָלאָגיע — די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע** (416 זײַטן)
30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — סיפּורי־מעשׂיות (224 זײַטן)
31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** 320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
33) אַנטאָלאָגיע — **ייִדיש אין ליד** (264 זײַטן)
34) **מנחם באָרײַשאָ — דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)
35) אַנטאָלאָגיע — **ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט** (464 זײַטן)
36) אַנטאָלאָגיע — **נוסח השׂכּלה** (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)
38) **מעשׂה־בוך, פֿון** 1602 (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** / שמוגלערס. (328 זײַטן)
40) ערבֿ חורבן: מ. **בורשטין** / בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע **און 14 פּאָעטן** (256 זײַטן)
41) **חורבן:** אַנטאָלאָגיע / **פּאָעזיע, פּראָזע און דראַמע** (432 זײַטן)
42)ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)
43) **איציק מאַנגער / לידער, פּראָזע, עסייען** (384 זײַטן)
44) דוד בערגעלסאָן / **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
45) משה נאַדיר / **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)
46) אַנטאָלאָגיע/**דאָס קינד אין ייִד׳ פּאָעזיע און פּראָזע** (320 זײַטן)

**אין 1971 דערשײַנען אָט די 4 ביכער :**

47) י. אַקסנפֿעלד/**שטערן־טיכל, ערשטער ייִד׳ רעקרוט** (288 זײַטן)
48) **פּליטים צווישן פֿײַערן,** אַנטאָלאָגיע.
49) **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע,** אַנטאָלאָגיע.
50) **דרום־אַפֿריקאַניש,** אַנטאָלאָגיע.

**MOISHE NADIR**

# Humor, Critica, Poesía

**Y**
**Estudios Literarios sobre su aporte a la Literatura Idish**



Director: SAMUEL ROLLANSKY

**1 9 7 1**

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO
Pasteur 633-3º Buenos Aires